אפרים קאַגאַנאָווסקי

# לײַב און לעבן

נאָוועלן

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט פאַרצייכעניש

זייט

# אויפן ווייסן שניי

אינם גרויסן ליידיקן הויף פונם פראָזעקטאָריום האָבן אין דעם נאַסן שניי אַרומגעבלאָנזשעט עטלעכע מענטשן, זיי זענען געגאַנגען איינגעהויקערט, און עס האָט זיך פון דערווייטנס געדאַכט, אַז זייערע פיס זענען געפּענטעט.

ס׳איז געווען אַ ייד מיט אַ שוואַרצער, דאַרער באָרד, מיט אַנ׳אַראָפּגעלאָזן היטל איבער די אויגן. אַ ידענע, איינגעוויקלט אין אַ גרויען טוך, צוויי מיידלעך אין שוואַרצע היטעלעך. און אַ קליין ייִנגל מיט גרינע בעקלעך און אַ רויט, קראַנק נעזל. דאָס ייִנגל האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן דער מוטערס גרויסן טוך און געהינקען.

זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָ, אין׳ם פּראָזעקטאָריום געפינט זיך אַבראַשאַ דער עלטסטער זון, וואָס איז נעכטן אין דער גאַסן־שלאַכט גע׳הרגט געוואָרן. אַלע ווייסן שוין, נאָר קיינעם גלוסט זיך נישט גלויבן; אַחוץ דעם קליינעם ייִנגל, וואָס גייט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. אים דאַכט זיך, אַז מיט זיין ברודער אַבראַשאַ איז געשען אַ זאַך, וואָס מאַכט אים גרעסער ווי ער איז געווען. ער פילט אַפילו נישט דעם נאַסן שניי, וואָס קריכט אים אין די צעריסענע שטיוול. עס דאַכט זיך אים, אַז באַלד וועט ער דאָ געפינען זיין ברודער אַבראַשאַ מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע. אַלע וועלן מורא האָבן. עפּעס דאָס, וואָס אַלע גייען און שווייגן, און דער טאַטע גייט איינגעהויקערט ווייזט, אַז דער ברודער איז שטאַרק אויסגעוואַקסן דורך דעם נעכטיקן טאָג, אין וועלכן ער האָט געהערט אַזוי פיל שיסן, די ווענט האָבן געציטערט און אַלע מענטשן האָבן אַזוי מורא געהאַט. עס דאַכט זיך אים, אַז די אַלע רייסנדיקע קלעפּ ווי מען וואָלט

געשמיסן די דעכער מיט פייערדיקע בייטשן, קומען פון זיין ברודער אַבראַשאַ.

די מוטער האָט פלוצלינג געפּענט אַ ווייסע טיר, מיט פאַרגלייסטע שויבן, אינעווייניק שטייען ווייסע בענק און עס שמעקט מיט דאָקטוירים. מענטשן מיט ווייסע פאַרטעכער און שטיוול רעדן מיט דער מאַמען, זיי זענען גרייט איר עפּעס צו ווייזן, און איינער שרייט:

— די דריטע באַנק, נומער 19!

די מאַמע האָט פלוצלינג אָבגעריסן דאָס טוך פונם קליינעמס הענטל און אָנגעהויבן לויפן, דער פאָטער איז געוואָרן מיט אַמאָל קליין, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער לויפט אויף די קני; און ביידע מיידלעך, די שוועסטערן האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, ווי זיי וואָלטן זיך צעקישט. אַזוי זענען זיי געשטאַנען לאַנג, זיך געוויגט, און פלוצלינג אָנגעהויבן שרייען.

דאָס קליינע הערצל הויבט שטאַרק אָן קלאַפּן. ער לויפט נאָך דער מאַמען, און פלוצלינג דערזעט ער אַ האַלב־קיילעכיקע טיר פון אַ טיפן, פינסטערן קעלער. אונטן אין דעם טונקעל זעט מען בענק, אַ סך בענק; נאָר עפּעס ווייכע, פון וועלכע עס הענגען אַראָפּ שטיקער ווייסע, און רויטלעך־פייכטע לייליכער.

אַלע שטייען פון אויבן. און די מענטשן מיט די ווייסע פאַרטעכער גייען אַראָפּ. דער טאַטע גיט דער מאַמען די האַנט, נאָר די מאַמע וויל זי נישט נעמען און גיט זיך מיט אַמאָל אַ לאָז אַראָפּ אין קעלער אַריין. זי ווערט גיך פאַרשווונדן צווישן די בענק. דער טאַטע שטייט אין דער טיר און איז גאָר קליין, מיט אַ פרעמדער פלייצע; און ווען פון אינעווייניק דערהערט זיך דער מאַמעס קול, ווי עמעצער וואָלט זי געשטיקט, הויבט דער טאַטע זיך אָן שטאַרק שאָקלען.

פלוצלינג באַווייזט זיך די מאַמע אויף דער שוועל. זי הויבט אויף ביידע הענט מיט אַ שרעקלעך געשריי:

— קומט אַהער... קומט אַהער, באַטראַכט דעם צאָרן, זעט וואָס מ'האָט מיר געמאַכט פון מיין קינד!

דער קליינער קוקט אַראָפּ. די בענק שטייען אַזוי שטיל און הערן, און אינם טיפן טונקל, זעט ער דעם פלעק פונם קליינעם טאַטן. ער הויבט אויף די הענט, לאָזט זיי אַראָפּ, פאַרייסט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט לאַנגזאַם און שיכור געטאַנצט.

*

ניין, עפּעס איז עס נישט אַבראַשאַ. עס פעלט אים עפּעס, דער בויך אָדער די פּיס, אַנשטאַט קני: איז אויפגעשריבן אַ גרויסער נומער 19.

עפּעס ליגט ער אין אַזאַ קורץ קעסטל, מיט אַזעלכע שמאָלע אַקסלען. די נאָז איז ביי אים אויסגעשפּיצט, און דאָס מויל איז אָנגעבלאָזן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויפזעצן און נישט געקאָנט.

פון אויער שטעקט אים אַרויס אַ שטרוי. און דאָס צווייטע אויער איז ביי אים געשפּאָלטן, מיט אַ גלאַנציק רויט שנירעלע, ווי עס ווערט געשפּאָלטן אַן׳אַרבוז.

דער קליינער דערפילט אַ ווילדע, אומעטיקע פרעמדקייט צום ברודער, נישט זעענדיק קיינעם אַרום זיך, שטעלט ער זיך אָפּ ביי דער צווייטער באַנק. ער קאָן בשום אופן נישט זען וואָס עס ליגט אויף איר. צום ערשטן דערזעט ער, ווי אַ געלע, גלעזערנע זאַך, דערנאָך אַ האַנט, אַ בייזע און אַ האַרטע. „אַ טויטער״ טוט אים ווי אַ קלאַפּ אין קאָפּ, ער דערזעט פלוצלינג די מאַמען, נאָך וועלכער עס שלעפּט זיך נאָך דאָס טוך; און מיט אַ צעריסן געשריי פון שרעק פאַלט ער צו, צו אירע קני.

*

דער קורצער, ווינטערדיקער, ווייס-גרויער טאָג האָט מאָדנע לאַנג געדויערט אינם טריבן, טויטן הויף פונם פּראָזעקטאָריום. זיי זענען אַלע געזעסן ביי דער זייט אויף די בענק, און געקוקט אויף דעם שוואַרצלעכן, שרעקלעך-טונקעלן ראַנד פון קעלער.

דער פאָטער איז געזעסן, דעם קאָפּ באַהאַלטן אין די שמאָלע, שוואַרצע אַקסלען, די הענט שווער, און צוויי פויסטן

אין די קעשענעס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט זיך אָן אָן די קעשענעס, ער זאָל נישט פאַלן. דאָס יינגל איז געזעסן נעבן פאָטער און געקוקט אויף דעם פאַרשנייטן הויף, ווי שוואַרצע קראָען, האָבן געטאַנצט איינע, איבער דער אַנדערער.

די צוויי מיידלעך האָבן זיך פאַרפלאָכטן מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן געדרימלט, און די מוטער האָט זיך אַלע מאָל אויפגעהויבן פון דער באַנק, זיך געפּאַטשט איבער די קני, ווי זי וואָלט געוואָלט געפינען אַ בעסער אָרט צום זיצן.

מיט אַמאָל דערהערן זיך אינם שטילן, ליידיקן געסל, אונטערן טויער, שווערע, ריטמישע טריט — „שטיי"! האָט זיך פון אונטערן טויער דערטראָגן, און אַ שווער טופּעריי פון פיס אויף איין אָרט.

באַלד האָט זיך אינם שטילן, אָפענעם טויער אַריינגעשניטן אַ גלייך אויסגעשטעלטע גרופּע סאָלדאַטן.

זיי זענען שווער און גרוי שטיין געבליבן אין מיטן הויף, אָן די ביקסן אָנגעשפּאַרט. אין דער ערשטער ריי איז ווי אויף אַ גרויער וואַנט געהאָנגען אַ רויטער טוליפּאַנען-קראַנץ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען געקומען עפּעס זוכן אין דעם טויטן, ליידיקן הויף, און די מענטשן אין די ווייסע פּאַרטעכער זענען שוין געשטאַנען נעבן זיי. ערשט איצט האָט מען דערזען צווישן די ביקסן אַ גרויסע פּויק, מיט מעשענע כּלים צום שפּילן.

איינער פון די סאָלדאַטן האָט פון היטל אַ פּאַפּיר אַרויסגענומען און הויך געזאָגט:

— מיר זענען געשיקט, צו באַגלייטן די לויה פונם חבר אַבראַשאַ...

די מוטער האָט פּאָרויס געשטרעקט דעם קאָפּ. זי האָט דערהערט דאָס וואָרט אַבראַשאַ, און געענטפערט מיט אַ וואויענדיק געוויין.

די סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אויף זייערע ערטער. אַ קאַלטע גראָקייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אַרום זיי.

— „דאָס איז די מוטער" — האָבן עטלעכע געזאָגט, און

איר מיד, רייסנדיק געווין האָט עלנט אָבגעקלונגען אין דעם גרויסן, פאַרשנייטן הויף.

*

פאמעלעך האָט זיך געוואַקלט די לויה איבער די בלאָטיק באַשנייטע גאַסן. איבער די ליידיקע, דערשראָקענע גאַסן האָבן איינציקע מענטשן-שאָטנס געפינטלט, ווי זיי וואָלטן געאיילט זיך ערגעץ צו באַהאַלטן.

ווייטע, טויבע שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אינדער נעפּלדיקער לופט, ווי עמעצער וואָלט זיך געבייזערט און נישט געפונען צו וועמען דעם כעס אויסצולאָזן.

אַראָפּ דער גאַס; אין די גראָע אינטערגאַסן זענען דערשראָקענע מענטשן פאַר די טויערן געשטאַנען און נאָכגעקוקט דער לויה.

די צוויי מיידלעך, האָבן אַרומהאַלטנדיק זיך, נאָכגעשפּאַנט. דער מאַן האָט די פרוי פאַרן טוך געהאַלטן, ווי ער וואָלט געפינען ביי איר אַ שוץ; און נאָר דאָס ייִנגל האָט נאָכגעהאַלטן דעם שפּאַן פון די זעלנער, וואָס זענען פון הינטן געגאַנגען. מיט אַ שטראַלנדיק פּנים האָט ער אַרויפגעקוקט צו זיי, און מיט אַלע כּוחות די פיסלעך געהויבן. דאָס היטל האָט זיך ביי אים פאַרוקט, און אַ ברייטער, ליכטיקער אַרויסרוף, צו דער גאַנצער גראָער וועלט אַרום, האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיינע אויגן. יעדע ביקס פון די גראָע, פרעמדע סאָלדאַטן איז אים נאָענט געווען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט זייערע שווערע, שטרענגע טריט, גייען זיי, זיך ערגעץ אָננעמען פאַר זיין ברודער. דער האַרטער, געלער ברודער מיט דעם געפּלאַצטן אויער איז געלעגן אין זיין קליין הערצל, און די שווערע טריט פון די סאָלדאַטן האָבן צעשפּאַרט זיינע אויערן: איינס, צוויי, דריי... איינס, צוויי, דריי... און זיינע קליינע, דורכגעווייקטע פיס, האָבן זיך געריסן אַלץ ברייטער און גיכער.

פלוצלינג האָט די מוזיק אַ קלאַפּ געטון. די פּויק האָט זיך אויפגעכאַפּט און די פּייפנדיקע טענער פון די רערן האָבן זיך אָנגעהויבן שטעכן אין דער אַרומיקער גראָקייט. דער פאָטער, די מוטער, און די שוועסטערן, האָבן זיך צונויפגענומען, ווי זיי וואָלטן מורא האָבן, אַז זיי וועלן פון די טענער אַוועקגעטריבן ווערן פון דאַנען. ווי ווייטעס, פרעמדעס וואָלט זיך אַריינגערוסען אין זייער רעכט. דער מוטער האָט זיך אויסגעוויזן: אַז מיט איר זון אַבראַשאַ איז נאָך נישט אַלץ געשען, און עפּעס וועלן נאָך פרעמדע מענטשן מיט אים טון. זי האָט זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט. פאַר אירע אויגן האָט אַלץ אַרום אַ צאַפּל געטון, און מיט אַ קול פון אַ פאַרלוירענער האָט זי אַ געשריי געטון:

— וואָס ווילט איר...

און אַלץ אַרום איז פינסטער געוואָרן.

דאָס אַלץ האָט דער קלייגער נישט געזען, מיט יעדן טאָן איז זיין שפּאַן ברייטער געוואָרן. ער האָט נישט געפילט קיין קאַלטע, נאַסע ערד אונטער זיך: איינס... צוויי!... דריי... — איינס... צוויי... דריי... —

דאָס איז אַלץ פאַר זיין ברודער אַבראַשאַ...

*

דאָ אויפן בית עלמין איז דער שניי ווייסער און שטילער. דאָ שטייט אַ גרויסע שטילקייט און רירט זיך נישט. ווען אַ פויגל שטעכט אַריין און דער שטילקייט אַ געשריי, דאַכט זיך אַז ער רעדט זיך איבער, מיט נישט-געזעענע באַשעפענישן.

אויפן ווייטן פעלד, צווישן שטיינער און באַשנייטע בוימער, פינטלען מענטשן, דאָרט באַגראָבט מען דעם חבר אַבראַשאַ. פון איין זייט קבר שטייען אין אַ האַלבער ראַנד אויסגעשטעלט די סאָלדאַטן, ווי אַ גראָע וואַנד מיט די ביקסן שפּיצן אין הימל אַריין. זיי רעדן גאָר נישט, נאָר קוקן טעמפּ און פרעמד, זיי וואַרטן מען זאָל באַפעלן אַוועקצוגיין.

פון דער צווייטער זייט קבר שטייט די מוטער. זי האַלט

אַרום אַ בוים, ווי זי וואָלט גערעדט צו אים. דאָס געלע זאַמד איז ניי און גלאַנציק פון קעלט. דער קבר איז שוין פאַרשיט. דער פאָטער גייט צו צו דער מוטער, ווי ער וואָלט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, און גייט אַוועק צוריק צום געלן זאַמד. די שוועסטערן האַלטן זיך נאָך אַלץ צוזאַמענגעפּלאָכטן, זייערע קליידלעך זענען פאַרשמירט מיט שניי און געלן זאַמד. און ווייטער, פון אונטער אַ בוים קוקט אַרויס דער קליינער; ער האָט פון דערווייטנס אַלץ געזען. — ער האָט געזען, ווי מ׳האָט עפּעס אַ לאַנגע זאַך אַריינגעלאָזן אין אַ גרוב און פאַרשיט מיט זאַמד; דאָס איז געווען זיין ברודער אַבראַשאַ. דאָס יינגל איז געשטאַנען און געקוקט און ס׳איז אים געוואָרן וואַרעמער. די סאָלדאַטן זענען פּלוצלינג געוואָרן קליין און שוואַך אין זיינע אויגן. ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק פון דעם געלן זאַמד, און דערזען אַ גרויסע, גראָע, שטילע וועלט, מיט שטילע פאַרשנייטע צווייגן פון בוימער; און אים האָט זיך פּלוצלינג פאַרוואָלט אַרויף, אויבן אויף די צווייגן.

די מאַמע האָט עטלעכע מאָל לאַנג אָפּגעשריגן, ווי מ׳וואָלט איר אַרויסגעריסן אַ צאָן. דער טאַטע האָט ווי ווינענדיק געהוסט. נאָר ער האָט נישט געוויינט און נישט צוגעגאַנגען נענטער. די צוויי שוועסטערן האָבן זיך מיט צאַפּלדיקע אַקסלען דערנענטערט צו אים. ער האָט זיך אָפּגערוקט.

איצט שטראָמט עפּעס אין אים און ס׳איז אים וואַרעם. עפּעס וואָלט ער געוואָלט זאָגן, אַ געשריי טון, אָט די אַלע גראָע סאָלדאַטן מיט די ביקסן, וואָס גלאַנצן אין זייערע הענט, וועלן אַזוי בייז און רייסנדיק שיסן, אַז די פענסטער וועלן ציטערן; פאַר וואָס שווייגן זיי איצט? אים דאַכט זיך, אַז מ׳האָט אים אָפּגענאַרט און אויסגענאַרט ביי אים אַ גרויסן, שטאַרקן ברודער אַבראַשאַ. דאָרט אין דער היים אינם קעלער־שטוב וועט שוין דער ברודער אַבראַשאַ נישט אַהיימקומען ביינאַכט מיט אַזאַ גרויסן שטאַרקן שאָטן אויף די טונקעלע, פייכטע ווענט.

נאָר אָט דערזעט ער ווי די סאָלדאַטן האָבן זיך מיט

אַמאָל אויסגעשטעלט, די שפּיצן פון די ביקסן האָבן זיך אויבן אויסגעגלייכט און זיי האָבן זיך אַ ריר געטון פונם אָרט.

ער האָט אַ לויף געטון פאָראויס פאַר דער ערשטער רייע. זיינע אויגן זענען אָנגעלאָפן מיט וואַרעמע טרערן, און פון האַלז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי:

— אַבראַשאַ — מיין ברודער אַבראַשאַ, וווּ איז ? !

קיינער האָט אים נישט געענטפערט. ער איז געשטאַנען און דורך פאַרטרערטע אויגן געזען, ווי די טונקעלע שפּיצן פון די ביקסן האָבן זיך פאַרטראָגן אין דער ווייטער גראָקייט אַריין.

ער האָט געהערט די שווערע, ריטמישע טריט, ווי זיי זענען אַ וועק מיט זייערע פרעמדע, סאָלדאַטישע וועגן.

# אַ פּאָר

מיר זענען געווען אַ קרייז פון באַקאַנטע יונגעלייט און מיידלעך. מיר פלעגן זיך צונויפקומען אַלע מאָל צו אַן׳אַנדערן פון אונז אויף אַ גלעזל טיי, און פון וואָס נאָר פלעגט דאָרט נישט גערעדט ווערן: פון ליטעראַטור, פון ליבע. ביי דעם האָבן זיך שוין עטלעכע פון אונז זייערע באַשערטע אויסגעקליבן און געוווינט שוין אין דירעס מיט ניי, גלאַנציק מעבל. דעמאָלט איז שוין דאָרט געוואָרן דאָס אָבליגעניש, און יעדער פון אונז, דערפילנדיק דעם ריח פון דער נייער בעל-הבתישקייט, איז נישט ווילנדיק אַרויפגעפירט געוואָרן אויף דעם געדאַנק פון אַן׳אייגענער נעסט.

זלמן אַבראַמסקי איז זיך זייער אָפט מיט אונז צונויפגעקומען. מיר זענען שוין געווען געוווינט צו דעם בלייכן שווייגנדיקן יונגנמאַן. ער איז שטענדיק געווען געגנוג ריין און אַנשטענדיק אָנגעטון, פלעגט זיצן אין אַ זייט, שווייגן אָדער אָנרופן זיך נאָר דאַמאָלס, ווען עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם, וואָס האָט אים ספּעציעל געקאָנט אינטערעסירן, דאַמאָלס האָט ער פּלוצלינג עפּעס אַ זאָג געטון; די אויגן האָבן אָנגעהויבן פינטלען, אָבער באַלד איז ער ווידער שווייגנדיק און אומבאַמערקט געבליבן זיצן.

די צווייטע, וועלכע האָט כמעט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט אין אונזער געזעלשאַפט, איז געווען די העלע ראַבינאָוויטש, זי האָט געהאַט אַ צו ברייטן, לויט איר וווּקס - קאָפּ, מיט גרויסע, נאָר שוואַך אָנגעצייכנטע אויגן, אַרומגערעמטע מיט גרויסע, קאַלעכיקע ברילן. זי, פּאַרקערט, האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט שווייגן, נאָר אַלץ, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אין געשפּרעך, איז געווען עפּעס ספּעציעלס, וואָס האָט געדאַרפט קומען פון דער העלע ראַבינאָוויטש.

קוקנדיק אויף אירע ברייטע און קורצע הענט און ברייטן אונבאַקמוועמען קערפּער, האָט זיך אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן איר באָמען; און הערנדיק זי, האָט זיך נישט-ווילנדיק געקלערט: הענע ראַבינאָוויטש.

וויפל מאָל די ביידע איז אויסגעקומען זיך צונויפצוטרעפן אין געשפּרעך, האָט זייער האַנדלען דערמאָנט אָן אַ לייכט איבער-קריגן זיך. זי האָט אים שטענדיק מיט אַ טאָן פון פאָרוורף געגעבן אָנצוהערן, אַז אַזאַ מענטש ווי ער, קאָן נישט זיין גוט געשטימט צום לעבן. ס׳האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז זי באַשולדיקט אים אין עפּעס. און נישט ווילנדיק, האָט יעדער דערפילט די נויטווענדיקייט איבערצוּוואַרטן זייער געשפּרעך.

צו די אַנדערע מיידלעך פון אונזער קרייז האָט זיך הענע ראַבינאָוויטש באַצויגן מיט אַ געוויסער נאָכגיביקייט, ווי איינע, וואָס האָט זיך פאָרגענומען צו פאַרליידן עולות. ס׳האָט זיך אויך געקאָנט אויסווייזן, אַז ווען איינעם פון אונז זאָל אַמאָל איינפאַלן צוגיין צו איר און זי אַרומנעמען, וואָלט ווער ווייסט וואָס דערפון אַרויסגעקומען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די מיידלעך האָבן זיך געהיטן פאַר איר אין אַזעלכע פאַלן, ווי מ׳היט זיך פאַר אַ לערערן.

ראַזאַ פינקל, איינע פון די לעבנטלוסטיקסטע מיידלעך אין אונזער קרייז, האָט געזאָגט, ווען מ׳האָט גערעדט וועגן הענע ראַבינאָוויטש, אַז קוקנדיק אויף איר, פאַרגעסט זי, אַז עס וועלן אַמאָל קומען ליכטיקע זומער-נעכט, ווען זי וועט גיין מיט יונגעלייט שפּאַצירן אונטערן שטאָט.

אַמפּרייעכסטן איז געווען ביי אונז, ווען עמעצן איז איינ-געפאַלן פאָרצולייגן, אַז מ׳זאָל ווי נישט איז, אויספירן אַ שרוך פון זלמן אַבראַמסקי און הענע ראַבינאָוויטש. יעדער האָט אַריינ-געשטעלט אַ וואָרט, און דער עולם האָט געלאַכט.

נאָר מיט אונזער פריינט זלמן אַבראַמסקי איז פּלוצלינג געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס וואָלט קיינעם פון אונז נישט איינ-געפאַלן צו קלערן.

מיר האָבן אים אַ טאָג אַכט נישט געזען, ווער פון אונז איז געגאַנגען צו אים, און אים געטראָפן אַ קראַנקן אין בעט, און

נאָך איידער מיר האָבן זיך דערוווסט זיין קרענק, איז ער אויסגעגאַנגען.

דאָס איז געווען פאַרנאַכט צו, אין דרויסן האָט גערעגנט, און צו דער בעל-הביתטע, וווּ ער איז איינגעשטאַנען, זענען געקומען אָרעמע קרובים פון דער פּראָווינץ. צוליב דעם איז זי געווען אין כּעס, ווען מען זאָל איר ווער ווייסט וויפל געבן פאַר די „אומאַנגענעמלעכקייטן" וואָלט זי נישט געוואָלט. דער-נאָך האָט זי צוגעגעבן מיט אַ וויינענדיקן טאָן, אַז ס'איז געווען אַ שטילער מענטש, אַנ'אָרענטלעכער, נאָר אַ שטיקל „מרוק", אַנ'עלענטער נעבעך. וואָלט ער געווען געזאָגט, אַז ס'איז אים אַזוי שלעכט, וואָלט מען אים אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל אָדער וואָס...

ער איז געלעגן אויף דער ערד, אַזוי ווי אַלע טויטע, מאָדנע האַרט און לאַנג אויסגעצויגן, צו קאָפּנס האָבן געברענט צוויי ליכט פון וועלכע ס'איז גאָר נישט ליכטיק געווען; מיר זענען אַלע געשטאַנען אַרום, אַ מענטשן-צען יונגע לייט און מיידלעך. מאָדנע, ס'האָט זיך אונז געדאַכט, אַז מיר האָבן אים גאָר נישט געקענט. וואָס אָנבעלאַנגט מיך, האָב איך לאַנג גע-פּרוווט אַרויסרופן פאַר זיך זיין בילד, און ס'האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן. קוקנדיק אויפן טויטן, האָט זיך נישט געגלוסט גלויבן, אַז דאָס איז ער, גלייך מ'וואָלט זיך נישט געקאָנט גלויבן, ער זאָל אָפּטון אַזאַ זאַך.

אויף מאָרגן נאָכמיטאָג איז געווען די לויה; און דער רעגן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט.

מ'איז געגאַנגען דורך אַ לאַנגער, שלעכט-ברוקירטער גאַס. דער רעגן האָט פּאַמעלעך געזאַלצן. די מיידלעך האָבן געהאַלטן די קליידלעך אין די הענט און געווען פאַרנומען מיט אויס-היטן די שיך פון בלאָטע.

שווער הויבנדיק זיך אויף די קרומע שטיינער, האָט זיך פאָר געשלעפּט דער שוואַרצער מתים-וואָגן. און יעדן האָט זיך געוואָלט, עס זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן.

ווען מ'איז אַריין אין דעם אומעטיקן טויער פונם בית עלמין, האָט מען זיך ווי דערמאָנט, נאָך וואָס מ'איז געקומען

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער געוויינלעכער שמועס, אַז ס'איז געוועזן אומגעריכט, אַז אַבראַמסקי איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש, אַ פיינע נאַטור. מ'האָט זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט געזאָלט זאָגן, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געווען צווישן אונז. די מיידלעך האָבן מיט אַלע איינצעלהייטן דערציילט, ווען און ווו זיי האָבן זיך מיט אים באַקענט. מ'האָט זיך אויך דער-מאָנט אָן עפּעס אַ פריינט, וואָס ליגט דאָ ערגעץ באַגראָבן און עפּעס אַ ייד מיט אַ גראָלעכער באָרד, וואָס האָט געזאָלט זיין דעם מת'ס אַ נאָענטער קרוב, האָט זיך געפּאָרעט, געטראָגן קוויטלעך, און געקוקט אויף יעדן מיט צעשראָקענע אויגן, גלייך ער וואָלט שולדיק געווען אין אַלעם.

די שטענדיק פריילעכע ראָזע פינקל איז פּלוצלינג אַוועק אין מתים-שטיבל און, צוריקקומענדיק מיט פינקלענדיקע אויגן פון טרערן, געזאָגט:

— ער איז דאָך שטענדיק געווען אַ טויטער בחור, נאָר אַזוי טויט ווי איצט, האָב איך אים נאָך קיינמאָל נישט געזען.

דער עולם האָט זיך ענג צוזאַמענגערוקט און שטיל זיך אויסגעלאַכט, מאַכנדיק פאָרוורפן איינער דעם — אַנדערן.

*

ווען מיר זענען אַריין אינם מתים-שטיבל, זיך צום לעצטן מאָל געזעגענען מיט אונזער פריינט, איז שוין הענע ראַבינאָוויטש געווען דאָרט פון פריער. זי איז געווען איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן שאַל, די הענט טיף פאַרוקט אין דער מופטע, זי האָט אויסגעזען ווי די נאָענסטע קרובה פונם מת, און יעדער האָט זיך געפילט קעגן איר נישט גענוג געבראָכן.

זי האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק פון דעם אומעטיק ווילד-פרעמדן מתים-שטיבל און, קוקנדיק אויף דער לאַנגער שוואַרצער באַנק, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, האָט זיך געדאַכט, אַז נאָר זי מעג זיך אויף איר זעצן.

זי האָט נישט געקוקט אויף קיינעם, און קיינער האָט, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, זיך נישט געווענדט צו איר,

גלייך ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אין זיין טאָן וועט זיין צו ווייניק טרויער און מיטגעפיל.

איינציקווייז איז מען צוגעגאַנגען צום מת, מיט דעם באַזונדערן אויסדרוק אויפן פנים, ווען מען קוקט אויף געשטאָרבענע, עס וויל זיך אַרויסווייזן, וואָס מער איבערראַשונג, צוזאַמען דערמיט געדענקט מען קוים, טריב, דעם זעלבן מת פאַרן לעבן, גלייך ער וואָלט קיינמאָל נישט געלעבט.

נאָך מיט מער איבערראַשונג האָט מען געקוקט אויף הענע ראַבינאָוויטש; און, גייענדיק נאָך דער מיטה, ווען מען האָט דעם טויטן צום קבר געטראָגן, האָט מען זיך שטיל מיט ווערטער איבערגעוואָרפן:

– איר פאַרשטייט... זעט אויס, אַז צווישן זיי... טוט אַ קוק אויף הענע ראַבינאָוויטש...

– און קיינער האָט עס קיינמאָל נישט באַמערקט...

– מיר האָט זיך שוין לאַנג אויסגעוויזן...

– ס'איז אָבער, ער זאָל מיר מוחל זיין, געווען אַ פּאָר...

– אפשר איז דאָס די סבה פון זיין טויט? – האָט איינער געפּרווט שפּאַסן, נאָר אַ פלוצלינגער, ווילדער, ספּאַזמאַטישער פּרויען-געשריי האָט איבערגעריסן אונזער שמועס; מיר האָבן זיך אַריבערגעבויגן איינער איבערן אַנדערן איבער דעם פּרישן, געלן בערגל זאַמד נעבן אָפענעם קבר, אין וועלכן זלמן אַבראַמסקי איז שוין אין ווייסן געלייגן, און דאָ אויפן סאַמע ראַנד פון גרוב איז הענע ראַבינאָוויטש האַלב-זיצנדיק געלייגן, אירע הענט זענען טיף געווען איינגעגראָבן אין די האָר, די אויגן בלאָנדזענדיק אויפגעריסן, ווי זי וואָלט עפּעס געוואָלט דערזען, און פון איר האַלב-אָפן מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ווילד, צעריסן געשריי.

מיר זענען אַלע ערשיטערט געבליבן.

*

ס'האָט נאָך אַלץ גערעגנט. מיר האָבן זיך אומגעקערט פונם בית-עלמין, ווו מיר האָבן אונזער פריינט אונטער אַ פּריש,

געל בערגל זאַמד איבערגעלאָזן. יעדען האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אַוועק פון דעם אָרט, נאָר ס'האָט זיך נישט געוואָלט איבערלאָזן הענע ראַבינאָוויטש אַליין. זי האָט נישט געוואָלט דעם קבר פאַרלאָזן. זי האָט באַקומען דאָס משוגעת פון איינגע־שפּאַרטקייט, צו וועלכן פרויען זענען אַזוי געניגט, ווען זיי טרויערן. „איך וועל אים נישט לאָזן אַליין, איך וועל אים נישט לאָזן"... האָט זי געמורמלט, ווי משוגע; טרערן זענען געשטאַנען אין מיינע אויגן, און מיין האַרץ האָט זיך באַוועגט צום וויינען. „אומגליקלעכע... האָב איך געקלערט: אומגליקלעכע..." נאָר אין דער מינוט האָט פאַר מיר אויפגעגלאַנצט דער לעבנסלוסטיקער שמייכל פון ראָזאַ פינקל.

— קומט. — האָט זי געזאָגט, מיך נעמענדיק אונטער דער האַנט. מיר זענען אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, זי האָט פלוצלינג אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. איך האָב זי אָנגעקוקט, ווי אַ משוגענע.

— ס'האָט אייך אַזוי גערירט הענע ראַבינאָוויטשעס געוויין... האַ—האַ... ווי גרינג מען קאָן אייך אָפּנאַרן... זי וועט שוין נישט זיין קיין אַלטע מויד, קיין נודניצע... זי וועט שוין זיין אַ מיידל מיט אַ טראַגעדיע, וואָס האָט איר האַרץ, איר ליבע באַגראָבן אויפן בית־עולם...

זי האָט עס געזאָגט מיט אַ מאָדנער פעסטקייט, אין אמת'ער איבערצייגונג, און די גאַנצע צייט איז פון איר פנים נישט אַראָפּ אַ שמייכל, נישט קיין שמייכל, נאָר אַ גרימאַסע פון אַ האַלב אויפגעהויבענער ליפּ. מיר האָט זיך נישט געוואָלט איר גלויבן, נאָר הענע ראַבינאָוויטשעס געוויין האָט שוין אַנדערש אָפּגעקלונגען אין מיר.

מיר זענען שווייגנדיק געגאַנגען, אַרום איז געווען גרוי, בלאָטיק, און פאַרנעפּלט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען פון דערווייטנס הענע ראַבינאָוויטש, ווי אַ גראָער, ווייכער פלעק. האָט זי זיך אויף דעם גראָען, פאַרנעפּלטן בית־עולם־פעלד געוויגט; אין דער מינוט האָט אַ קאַלטער רעגן־טראָפּן מיר אַ קלאַפּ געטון אונטערן אויער און לאַנגזאַם אַרונטערגעפלייצט

אונטערן קאָלנער. דער קאַלטער, נאַסער טראָפּן האָט אַ מאָדנעם, פּאַרדריסלעכן ציטער אַרויסגערופן אין מיר, און איך האָב דערפילט אַ האַס צו זיך, צו די מענטשן, און צו דער גאַנצער, גראָער, רעגנדיקער וועלט אַרום.

I

# דער גובערנאַטאָר

אויפן העכסטן שטאָק אינם בוידעם-שטיבל, אונטערן דאַך האָט זיך די פאַמיליע פאַרקליבן.

מ׳האָט אַרויפגעטראָגן צוויי הילצערנע בעטן מיט אַנ׳אַלטן, שווערן קופערט, נאָך וועלכן ס׳איז נאָכגעגאַנגען אַ מענטש פון אַ יאָר פינף און פופציק, אַ דיקער, אַ רויטער מיט קורץ-אונטערגעשוירענע האָר, און בלויע מיליטער-הויזן. ער האָט געטראָגן אַ שווער היטל אויפן קאָפּ און דערמאָנט אין די שטרענגע נאַטשאַלניקעס פונם רוסישן מיליטער. די שכנים פון הויף, דערזעענדיק די נייע איינוווינער, זיין פרוי, אַ הויכע שטאָלצע דאַמע מיט גראָלעכע האָר אונטער אַ וואָאַל און איר טאָכטער, וואָס פלעגט שנעל און אומבאַמערקט דורכגיין דורכן הויף, האָבן באַשטימט, אַז דאָס מוזן זיין אַמאָליקע אָנגעזעענע לייט.

ערשט אין אַ צייט אַרום האָט מען זיך פון ערגעץ דערוווסט, אַז דער שכן איז דער געוועזענער גובערנאַטאָר פון דער שטאָדט ק. אַ גרויסער אינטערעס האָט זיך אויפגעהויבן צום בוידעם-שטיבל. דער סוחר ראַבינאָוויטש וואָס האָט געוווינט אינם אונטערשטן שטאָק, האָט, דערזעענדיק דעם נייעם שכן, נישט ווילנדיק דאָס היטל אַראָפּגענומען. יענער האָט מיט אַ פאַרוווּנדערטן האַלב-דערשראָקענעם בליק פריינטלעך געענטפערט. די אַלע איבעריקע שכנים פון הויף, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר „בורזשואַזיע”, און געהערט צו דער דריטער קאַטעגאָריע, האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון, זיי זענען געבליבן נאָר ביי שווערע שליסלען פון זייערע פאַרחתמעטע קראָמען און האָבן געדאַרפט גיין אויף צוואַנג-אַרבעט. זיי האָבן געלעבט פונם גרייטן. אַלע מאָל „פונם לעצטן”, וואָס איז זיי נאָך פאַרבליבן פון די גוטע

צייטן און זייערע טעג און נעכט זענען איבערגעגאַנגען אין שמועסן וועגן „פּאָליטיק", וועגן דעם, ווי לאַנג „זיי" קאָנען זיך נאָך האַלטן, אָדער שטיין ערגעץ אין די „אָטשערעדן" נאָך ברויט, אָדער אומצייליקע רעגיסטראַציעס אונטער וועלכע זיי זענען גע-ווען אונטערגעוואָרפן.

און אין די אָדעסער הייסע זומער-אָוונטן, מיט די גרויסע נידריקע שטערן, האָט אין ריינעם „בורזשואַזנעם" הויפל געזשומט ווי אין אַ בינשטאָק. פון צייט צו צייט האָט זיך ווער פון די שכנים צום טויער פאַרקליבן, און אַ קוק געטון דורכן לעכל פון שליסל אין דער ליידיקער ביינאַכטיקער גאַס, פון וועלכער ס'האָט זיך כסדר געטראָגן אַ דומפּשיסעריי און אַ פייפן פון פאַרבלאָנדזעטע קוילן. אַ מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע שרעק טראָגט זיך פון די ליידיקע אויסגעשטאָרבענע, בלוי-באַלויכטענע גאַסן. ס'דאַכט זיך, אַז דאָס האָבן נישט-גוטע אַ שטאָט פאַרכשופט, און יעדער שאָרכנדיק געהילך פון זעלטענע מענטשלעכע טריט, פירט אַרויף אויפן געדאַנק פון טויט און רציחה.

זיצט מען אויפן הויף מיט ווייב און קינד אויסגעזעצט און מ'שמועסט וועגן פאַרשידענעס, און אַלעס, וואָס ווערט דאָ גערעדט, האָט עפּעס אַ משונהדיקן זין. מ'רעדט וועגן דעם, ווער עס וואָלט זיך איצט איינגעשטעלט אַרויסצוגיין אויפן גאַס; מ'דער-ציילט וועגן דער „טשערעזוויטשייקע", פון דערשאָסענע גבירים, וואָס האָבן זיך געמאַכט טויט און דערנאָך אַנטלאָפן און ליגן איצט באַהאַלטן; וועגן דעם, וואָס די באָלשעוויקעס קלייבן זיך צוצו-נעמען אַלע פרויען; וועגן פאַרשידענע משונהדיקע באַפעלן, און יעדער אויסגעדאַכטער שאָרך הינטערן פאַרשלאָסענעם טויער, רופט אַרויס אַ ווילדע, פאַניש צעלויפן זיך, און אַ שליסעריי פון טירן און ריגלען...

צו אַלע פאַנטאַסטישע און שרעקלעכע מעשיות איז נאָך צו-געקומען די געשיכטע פונם גובערנאַטאָר, וואָס וווינט אויבן אינם בוידעם-שטיבל.

* *

דער הויף האָט געפילט, אַז אויבן אין דעם בוידעם-שטיבל

אויפֿן לעצטן שטאָק געפֿינט זיך עפּעס אַ זאַך, וואָס האַלט אַלע געשפּאַנט, און פֿאַרשידענע וווּנדערלעכע ערציילונגען האָבן זיך אָנגעהויבן שפּינען אויפֿן חשבון פֿון דעם נייעם שכן, ווי מ׳האָט אים שוין איצט גערופֿן „דער גובערנאַטאָר״. דער שכן ראַבינאָוויטש, וועלכער זאָל אים האָבן געקענט פֿון יענע צייטן, האָט דערציילט, אַז ער שטאַמט פֿון דער קייזערלעכער פֿאַמיליע, אַז ער פֿלעגט אַרויסבאַקומען ספּעציעלע גרויסע סומען אין יאָר אויף איינצואָרדנען בעלער, אַז ער האָט זיך געליבט מיט אַ באַרימטער אַרטיסטין, אַ פּראָוואַנצויזין, צוליב וועלכער ער האָט זיך געוואָלט דערשיסן. די פֿרעמדע, ליידיקע גאַסן, וועלכע זענען ביינאַכט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אַרענע פֿון שטילע באַהאַלטענע שרעקלעכקייטן, האָבן אָנגעגליט די פֿאַנטאַזיע פֿון די בעלי־בתּים, און יעדער שאָרך, יעדע באַוועגונג פֿון דעם גובערנאַטאָרס בוידעםשטיבל איז אויפֿגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ אומגעהויערער זאָרגפֿעליקייט.

*

און אָט זענען געקומען מאָדנע טעג. עפּעס האָבן די גאַסן געשטורעמט און געוויגט זיך פֿון בייזע ראַסיקע שיסערייען. עפּעס האָט איינער געוואָלט דעם צווייטן אומברענגען.

דער טויער איז דורך די ליכטיקע זומער־טעג געשטאַנען אַ פֿאַרשלאָסענער, ווי אַ גרעניץ צווישן טויט און פֿאַרקלעמטער צעשראָקנקייט. גאַנצע טעג זענען די בעלי־בתּים מיט ווייסע, צעשראָקענע שמייכלען פֿון פֿאַרלוירענע געשטאַנען אונטער די ווענט פֿון דעם הויז מיט דער פֿראַגע: „וווּ באַהאַלט מען זיך״ אין די אויגן. די נעכט זענען נאָך בייזער, נאָך מער מיט שרעק און שגעון אָנגעפּילט, גלייך ווי די מלחמה פֿון דער גאַס וואָלט געזוכט זיך אַרייַנצורייסן אין דעם פֿרידלעך דערשראָקענעם הויף.

אין איינעם פֿון אַזעלכע אָוונטן, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מ׳וועט שוין קיינמאָל די שוועל פֿונם טויער נישט קאָנען איבערטרעטן, ווען דאָס האַרמאַטן־ברילעריי האָט זיך אַ לאָז געטון איבער די הויכע דעכער מיט אַ טייוולאָניש געהילך, האָט

זיך פלונצלינג באַוויזן די ברייטע, קרעפטיקע פיגור פון פאַר-דעכטיקן שכן. ער האָט זיך באַוויזן אין הויף אָן אַ היטל, מיט אַ ברייטער, רויטער רוסישער בלוזע. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס עמעצער אַ נישט געזעענער האָט אים אַראָפּגעיאָגט פון זיין בוידעם-שטיבל. און די דערשראָקענע בעלי-בתים האָבן מיט אַ מאָל דערפילט, אַז זייער פעסטונג איז געפאַלן.

זיי האָבן אים שטום אַרומגערינגלט, מיט אַ שטומער פראַגע אין די בליקן: „וואָס איז?" און „וואָס וועט זיין?"

דער שכן ראַבינאָוויטש האָט נישט מער אויסגעהאַלטן און זיך געווענדעט צו אים:

– וואַשע... וואַשע וויסאָקאָ... איר זענט דאָך אַ מיליטער-מענטש... איר זענט דאָך אַ גרויסער... כ'מיין אַ „נאַטשאַלניק"... וואַשע... זאָגט... וואָס, וואָס הייסט עס?... וואָס קאָן דערפון אַרויסקומען?...

דער שכן האָט אַ קוק געטון פון אונטער זיינע ברעמען, מיט זיינע קליינע רוסישע אויגן – ער האָט אַ פּיר געטון מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פון עפּעס אָפּזאָגן און גע-ענטפערט:

– כ'ווייס נישט... מיינע העררן... „חברים"... כ'בין אַזאַ מענטש אַזוי ווי איר, אַ פּראָסטער מענטש... אַ פרידלעכער איינ-ווינער... כ'קאָן נאָר זאָגן, די וועלט גייט אונטער... אַ תל פון דער וועלט... מענטשן ווערן אומגעבראַכט... באָזשע מאָי... באָזשע מאָי...

די שכנים האָבן אַלע מיט אים איינגעשטימט, גלייך זיי וואָלטן פון אים געהערט דאָס וואָרט אויף וועלכן זיי האָבן געוואַרט.

דער שכן זעמעלמאַן פון דער שניט-קראָם האָט באַ-מערקט:

– גאָלדענע ווערטער... וואַשע... וואַשע...

– אָט ווי איר האָט געזאָגט... האָט אַ דריטער צוגעגעבן — אַ תל פון דער וועלט...

דער „גובערנאַטאָר" האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אין דער רגע האָט זיך אַ שטאַרקער, פלאַצנדיקער קראַך איבערגעקאָלערט,

ער האָט מיט אַ פּרעמדער, האַרטער שטימע באַמערקט:
— דאָס איז אַ שראַפּנעל פון 14 סענטימעטער...
— או... וואַ... שראַפּנעל, האָבן אַלע נאָכגעזאָגט, דערווייל האָט זיך דער גאַנצער הויף אַרומגענומען אין אַ רעדל, די ווייבער האָבן נאָך אַלץ גערעדט וועגן דער צאָל פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן באַוויזן אָנצוגרייטן, און איינער האָט אויף יידיש באַמערקט:
— ס'קאָן גאָר זיין, אַז אונזער גובערנאַטאָר איז הונגעריק...
— אפשר וואָלט מען אים אַ פרעג געטון?...
— וואָס שרעקט איר זיך, פרעגט איר...
— אוי, וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן...
דאָ האָט דער שכן ראַבינאָוויטש, וואָס האָט פּרעטענדירט אויפן קענען זיך מיט נאַטשאַלסטוואָ, גענומען די זאַך אויף זיך און אַ זאָג געטון:
— וואָס טויג אייך דאָס קלערן... אפשר האָט בעסער ווער אַ ביסל משקה?...
ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס'איז דאָ, און דער שכן ראַבינאָוויטש האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן „גובערנאַטאָר" מיט אַ פיין רוסיש לשון:
— וואַשע וויסאָקאָ... מיר, שכנים, בעטן אייך... מיר האָבן דאָס גליק... צו האָבן ביי אונז אין הויז אַזאַ מענטש, מיר לעבן איבער אַזעלכע... שרעקלעכע... צייטן... מיר האָפן... עס וועט זיך ענדיקן... עס וועט איבערגיין... גאָט וועט העלפן... מיר בעטן אייך נישט אָפּצוזאָגן... מיר וועלן אַלע אַריינגיין... דאָ אין פּאַרטער... צו אונזער שכן... הער מאָשקאָוויטש... ער וועט אונז מכבד זיין מיט אַ גוט ביסל... מיר וועלן אַ ביסל פאַרברענגען און פאַרגעסן...
דער גובערנאַטאָר איז געווען זייער גערירט, ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַרויסגעשטעלט די ברוסט אויפן מיליטערישן אופן און געענטפערט, ווי מען ענטפערט אויף אַ טאָאַסט:
— מיינע הערין... איר זענט גוטע מענטשן... „פּאַזשאַלויסטאַ", „פּאַזשאַלויסטאַ"... איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז צווישן אייך

זענען פֿאַראַן זייער פֿיינע מענטשן... „פּאַושאַלויסטאַ“, „פּאַזשאַלויכטאַ“...

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער גאַנצער הויף געזעסן אַרום דעם טיש אין פֿאַרטער ביים שכן מאָשקאָוויטש. פֿון אויבן אָן איז געזעסן דער „גובערנאַטאָר“, אויפֿן טיש האָבן זיך באַוויזן אַ פֿלעשל מיט גלעזלעך, דאָס שיסן פֿון דער גאַס האָט זיך דאָ אין פֿאַרטער שוואַכער געהערט, און פֿון די פּנימער איז ביסלעכ־ווייז אַראָפּ דער אויסדרוק פֿון פֿאַרצווייפֿלטער שרעק. מ'האָט אויסגעטרונקען און פֿאַרביסן.

דער „גובערנאַטאָר“ האָט אויסגעטרונקען, זיך אָפּגעווישט זיינע גרויסע שווערע וואָנסן און אַ קוק געטון מיט זיינע קליינע גרויע רוסישע אויגן אויף אַלע אַרום טיש, ער האָט באַמערקט די פּרויען, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים מיט נייגיריקייט און גאַלאַנט אויסגערופֿן:

– פֿאַרן געזונט פֿון די הויכגעשעצטע דאַמען, המ... המ...

ער האָט אויסגעטרונקען און צוגעגעבן:

–פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿונים האַנדל... המ... המ... פּלוצלינג האָט ער אַ זאָג געטון:

– אייער פֿאָלק איז אַ האַנדלס־פֿאָלק...

– מיר זענען אַלע סוחרים – האָט אַריינגעשטעלט דער שכן ראַבינאָוויטש — נאָר... אונזערע קלייטן...

דער גובערנאַטאָר האָט נאָכאַמאָל אויסגעטרונקען און געזאָגט:

– דער האַנדלס־קלאַס איז וויכטיק פֿאַר דער מלוכה...

– אַודאי... אַודאי... האָבן אַלע צוגעשאָקלט און ווידער אָנגעגאָסן.

דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך. ער האָט אָנגעהויבן רעדן הויך און ברייט צופֿירן מיט די הענט.

– אַ גאַנץ פֿיינער מענטש... האָבן די שכנים איבערגערעדט אויף יידיש. די ברייטע, קרעפּטיקע פֿיגור פֿונם גובערנאַטאָר, האָט יעדן צוגעגעבן מוט, און דאָס קנאַקן און בריקן פֿונם שיסן אין די גאַסן, האָט דערמאַנט אין אַ ווילד הירזשנדיק לאַכן.

דערווייל האָט דער גובערנאַטאָרזיך זיך גענומען אַליין באַדינען, ער האָט זיך אָנגעגאָסן איין גלעזל נאָכן אַנדערן און זיי אַריינגעוואָרפן אין האַלז אַריין ווי אַ קונצן-מאַכער. ער איז געוואָרן רויט און זיינע קליינע גרויע אויגן זענען ווייס געוואָרן, ער האָט אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן איינציקע ווערטער, מיט אַ דונערדיקער שטימע:

— וואָס מיינט איר אַ־יך?... איך בין אין כעס... ווער בונטעוועט? !...

די שכנים האָבן זיך דערשראָקן.

— מ׳האָט נישט געדאַרפט געבן קיין בראָנפן... האָבן איינציקע געזאָגט, און דער שכן ראַבינאָוויטש האָט זיך געפּרוווט באַרויקן דעם גובערנאַטאָר:

— וואַשע וויסאָקאָ... מיר זענען רויקע מענטשן...

— פּאָשאָל וואָן „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!״ — האָט דער גובערנאַטאָר פּלוצלינג אַ דונער געטון, און די שכנים האָבן זיך אָנגעהויבן אַוועקרוקן אָן אַ זייט. די פרויען האָבן אָנגעהויבן ברעכן די הענט, און דער שכן ראַבינאָוויטש האָט צוויסן געטון:

— אַ? כ׳האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז געוועזן אַ גובערנאַטאָר?

דערווייל האָט זיך דער גובערנאַטאָר אויפגעהויבן פונם אָרט, ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומוויגן איבער דער שטוב מיט ווייסע פאַרחלשטע אויגן, ער האָט אָנגעשפאַרט די הענט אין די זייטן און געדונערט:

— איך בין דאָ אַ בעל-הבית... איך בין גובערנאַטאָר... זיין קייזערלעכע מאַיעסטעט האָט מיך אַוועקגעזעצט... נישטאָ קיין רחמנות... אַלע „בונטאָווטשיקעס״ דערשיסן...

מ׳האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, און נאָר דער שכן ראַבינאָוויטש האָט פון דערווייטנס געצאַפּלט מיט אַ דין דערשראָקן שטימעלע:

— מיר זענען וואַשע... וואַשע... מיר זענען... סוחרים...

— „זשידי בונטאָווטשיקי!״... האָט דער גובערנאַטאָר אַרויסגעהילכט און געטופּעט מיט די פיס. —

מיט אַ מאָל האָט זיך באַוויזן זיין פרוי, זי איז געווען בלייך און אירע גרויע האָר זענען געווען צעפלאָסן. אונטער אירע אַקסלען האָבן אַרויסגעבליקט אַ פּאָר גרויסע, צעשראָקענע, בלויע אויגן פון דער טאָכטער, זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון צום גובער־נאַטאָר, די פרוי האָט מיט טרערן געבעטן:

— קאַליטשקאַ... קאַליאַ... ניקאָלאַי אַנדרעיעוויטש... וואָס טוט זיך מיט דיר... באַדענק זיך... ווי פאַרגעסט מען זיך אַזוי?... ווייסטו דען נישט, וווּ די געפינסט זיך?...

זיי האָבן אים ביידע אַרומגענומען, און אים געפּרוּווט פון דער שטוב אַרויסנעמען, נאָר דער גובערנאַטאָר האָט זיך גע־וואָרפן ווי אַ לייב.

— ס'איז מיין מאַכט... מיין לאַנד... אַלע פאָלגן מיך... ווער שיסט דאָרט...

זיין שטימע איז געוואָרן אַלע מאָל העכער:

— שלאָגט די באָלשעוויקעס!... האָט ער אַ געשריי געטון, אַז די ווענט האָבן געציטערט.

די פרוי מיט דער טאָכטער האָבן אים אַרומגענומען, אים געגלעט, נאָר ס'האָט נישט געהאָלפן, דער גובערנאַטאָר איז אַלע מאָל ווילדער געוואָרן.

•

פון ערגעץ וווּ האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן עפּעס אַ בחור פון אַ יאָר 18. ער האָט געטראָגן אַ רויט בענדל אַרום דעם אַרבל, און ביי דער זייט האָט געשטעקט אַ רעוואָלווער אויף אַ דין שנירעלע. ער איז אַראָפּגעפאַלן ווי פון הימל, אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געשטאַנען איבערן גובערנאַטאָר, און זיין דינע שטימע האָט זיך באַמיט צו זיין וואָס טיפער און ערנסטער.

— חבר... באַרויקט אייך... אינם נאָמען פון רעוואָלוציאָנערער דיסציפּלין...

דער גובערנאַטאָר איז מיט אַ מאָל ניכטער געוואָרן. ער איז געוואָרן קליין, ער האָט געפּרוּווט נעמען אַ האַנט צום דאַשעק און שטיל געמורמלט.

— די בורזשויעס... די בורזשויעס האָבן געוואָלט... מיך איבערקויפן... „כאַבאַר"...

דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַרויקט.

ערשט דעמאָלט האָבן אַלע דערקענט דאָס בחורל, דאָס איז געווען אַ זון פון דער אָרעמער בייטאָרין, וואָס האָט געוווינט אין אַ קליין שטיבל אינם ווינקל פון הויף.

די שכנים זענען שטיין געבליבן. מ'האָט זיך דערמאָנט אָן די פאַרחתמטע, טונקעלע קלייטן, און ס'איז שווער געוואָרן.

— וואָס וועט זיין מיט אונז? האָט איינער געפרעגט אין פאַרלוירנקייט: די ווערטער זענען געפאַלן שווער און האָפנונגסלאָז, מ'איז מיט שווערע געדאַנקען צעקראָכן אין די ווינקעלעך, און נאָר אַ נאָענט געהילך פון ביקסן און קוילנוואַרפער אונטערן טויער, האָט ווידער די שכנים אונטער דער וואַנט פונם הויז צוזאַמענגעקליבן.

# אַן אָרט

(סקיצע)

מיר האָבן שוין לאַנג געוואַנדלט אין דעם רעש פון דער שטאָט פון איין שאַרף באַלייכטענער קאַפע אין דער אַנדערער, און אומעטום האָט דאָס אויער פאַרכאַפּט אַ שטיקל וואַלס, אויסגעמישט מיט דעם קלאַפּן פון געפּעס, און דעם ספּעציעלן דאַמען־געלעכטער, וואָס מ׳הערט אין פאַרווייַלונגס־ערטער, דאָס געלעכטער, וואָס קלינגט אַזוי פאַלש און אָנגעשטרענקט, ווי די קאַפע־מוזיק.

ס׳איז שוין שפּעטער אָוונט געווען, ווען מיר זענען אין אַ טונקעלן אָרט אויף דער גאַס שטיין געבליבן. זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר אַזוי, אַז איר שמעקעדיקער, ווי זי וואָלט זיך מיט קאָסמעטיק אָנגעטרונקען אָטעם, האָט אָנגעפּולט מיין נאָז, דאַמאָלס האָט זי אַ לאַנגן, אויסגעבענקטן בליק אויף מיר אַ וואָרף געטון און מיד אַרויסגעזאָגט:

— אַך ליבער, מיר האָבן קיין פּיצעלע אָרט נישט ווו צו זיין אַליין...

יאָ, ס׳איז ווירקלעך אין דעם פּרעכטיקן זומער־אָוונט נישט מעגלעך געווען צו געפינען אַ ווינקל, ווו ס׳זאָלן נישט צאַפּלען קיין צוויי מענטשן־הערצער.

מיר האָבן שווייגנדיק דעם גאַנצן בולוואר דורכגעשפּאַנט, אין יעדן טונקעלן ווינקל, ווו ס׳האָט זיך נאָר אַ באַנק אַרויסגעבלייכט, האָבן מיר זיך דערנענטערט, אָבער קיין איין אָרט איז נישט ליידיק געווען, און אונז האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ס׳איז נישט באַקוועם זיך דאָרט צוזעצן. איין באַנק, וואָס איז טיף אינם פאַרשאָטנטן גרינס געווען פאַררוקט, האָט געזאָלט אונזער אָפּרו

ווערן, ווען עס וואָלטן נישט געזעסן אויף איר אַן עלטערער דיקער הער מיט אַן עלטערער דאַמע, זיי האָבן זיך, זעט אויס, נאָר וואָס געזעצט, ווייל דער הער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן טיפּן אָפּעטעמען, ווי עס טוען שווערע מענטשן, ווען זיי זעצן זיך; דערנאָך האָט ער באַמערקט:

— ס'וואָלט דאָ געווען נישט שלעכט צו זיצן, ווען עס זאָל נישט זיין אַזוי פינסטער אַרום...

מיר האָבן שטיל אַ קוק געטון איינער אויפן אַנדערן, און זיך געלאָזן גיין ווייטער.

מיר זענען צוגעקומען צו דער באַריער פונם שטראַנד, וווּ אונטן, אינם טאָל, איז דער בייַנאַכטיקער האַפן אויף דעם שוואַרצן, גלאַנציקן ים געלייגן אויסגעשפּרייט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער, ריזיקער וואַלד באַשיט מיט פונקען פון לייכט-טורמען און שיפן, פון דאָרט האָט זיך דערטראָגן דאָס שווערע קרעכצן פון די שיפן, גלייך זיי וואָלטן זיך געריבן אָן די פּאַליעס.

אָן ווערטער האָבן מיר זיך אין דער טיפער פינצטערניש אויף שמאָלע, געדרייטע שטיין-טרעפּלעך אַראָפּגעלאָזן, זי האָט זיך מיט ביידע הענט אָן מיר געהאַלטן, און דאָס האָט מיך איבערפולט מיט אַ באַזונדערער צאַרטקייט, וואָס האָט גערופן אַלץ ווייטער און ווייטער צו גיין, גלייך מען וואָלט זיך געיאָגט נאָך אונז.

ערשט אונטן אויף דעם פון גראָז און בוימער-פאַרוואַקסענעם „וואַלד" איז אין ערגעץ קיין לײדיק ווינקל נישט געווען צו געפינען.

ס'האָט אויסגעזען ווי מענטשן וואָלטן זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש. דאַמאָלס זענען מיר ווידער שטיין געבליבן שווייגנדיקע, ביז אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, און זי האָט, צאַרט מיר אַ גלעט-טוענדיק איבערן האַלז, געזאָגט:

— מיין אָרעם יינגל.

דאָ האָט זיך מיר פּלוצלינג אויסגעוויזן, אַז איך בין שולדיק אין אַלעם, איך האָב אינסטינקטיוו אָנגעהויבן שנעל גיין אַראָפּ צום ברעג, פירנדיק זי אַזוי, אַז איר איז אויסגעקומען

אונטערצולויפן, מיר האָבן אַזוי־אַרום שנעל זיך דערוווּסט
פונעם אָרט, ווו מ׳האָט נאָך געקאָנט אַ מענטשלעכע שטימע הערן,
און פּלוצלינג איז פאַר אונז אויסגעוואַקסן ווי אַ ריזיקע, פאַר־
וואָרפענע מצבה. דאָס איז געווען אַ גרויסער פעלז מיט אַ הייל
אין דערמיט. איינע פון די פאַרזעעניש, וואָס שפּראָצן אַרויס
נאָר אויפן ברעג פונם ים.

נישט קוקנדיק דאַרויף, וואָס די פינצטערניש פון דער
הייל האָט געשראָקן, האָבן מיר זיך היימיש אָנגעשפּאַרט אָן
איינעם פון זיינע ווילד־אַרויסגעוואַקסענע גלידער. אויפן ראַנד
פון דער הייל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גאָטישער טויער פון
אַ פינצטערער קירכע.

דאָ האָבן מיר אָן ווערטער באַשטימט ווייטער נישט צו
גיין, דאָס האָט געוויזן דאָס, וואָס זי האָט געפּרוּווט זיך אַוועק־
זעצן אויף איינעם פון די פעלזן־שפּיצן, און ווען דאָס איז איר
נישט געלונגען, האָט זי שטיל געזאָגט:

— איר וואָלט נישט מורא געהאַט אַריינצוגיין אינעווייניק?

— ווען איך וואָלט אפילו מורא געהאַט, וואָלט איך פאַר
אייך עס נישט געוואָלט אַרויסווייזן...

דערביי האָב איך מיט פּאָראויסגעשטרעקטע הענט אַריינגע־
שפּאַנט אין דער פינצטערניש פון דער הייל, אָבער זייער
אַ מאָדנער ריח, וואָס מען פילט אָפט אין אַלע היסטאָרישע
וווּנדער־פעלצער, האָט מיך געבייט צוריקצוטרעטן, און צוזאַמען
מיטן פרישן שטראָם לופט, האָבן זיך מיינע ליפּן אָן אירע
אָנגעטראָפן...

מיר זענען געווען אַליין

*

*

שוין טיף אין דער נאַכט זענען מיר נאָך ביי איר טויער
געשטאַנען. ס׳איז געווען אַזוי גוט און וואַרעם, אַז עס האָט זיך
קיין מידקייט נישט געפילט. בלוי און היימיש איז דער טונקעלער,
אויסגעשטערנטער הימל געווען. נאָך אומצייליקע פאַנטדריקן
און זעגענען האָט זיך נאָך אַלץ געפונען פון וואָס צורעדן.

ס'איז געווען דאָס געשפּרעך, וואָס איז גיכער ענלעך צו זינגען, ווי ווײַן, וואָס מאַכט שיכּור נאָר דאָס האַרץ. אַזוי רעדט מען מיט פרויען, וואָס מען ווייסט נאָך נישט זייער נאָמען און זייערע שטוב-אָנגעלעגנהייטן, און שוין אין דער מינוט ווי זי האָט איר הויז-טיר געעפנט, האָב איך פּלוצלינג, אָן איבערפולטער פון אַ מאָדנער באַפרידיקונג, געזאָגט:

— מאָרגן זעען מיר זיך נישט... אמת... מאָרגן בין איך אַביסל באַשעפטיקט... נאָר איבערמאָרגן...

— אָך יאָ, ליבער... דאָס איז זייער גוט פון דיר... מאָרגן וויל איך אָפּרוען, אָבער איבערמאָרגן... ווי היינט...

דאָס איז מיר געקומען אין זינען אַרײַן, איך ווייס נישט צוליב וואָס, איך בין אויף קיין האָר נישט באַשעפטיקט געווען, נאָר ס'האָט זיך געוואָלט וואַרטן... וואַרטן נאָך אַ סך שעהן. נײַער, און אומדערגרייכלעכער זאָל ווערן דאָס זעען זי...

* *

*

אויפן צווייטן טאָג אָבער, ווי ס'איז געוואָרן פאַרנאַכט, האָב איך שוין געבענקט נאָך איר, איך האָב אַליין ווידער געוואַנדלט פון איין קאַפע אין דער צווייטער, און אַלץ זיך נישט געקאָנט אָפּטון פון דעם געדאַנק, אַז איך האָב אין דערזעלבער צייט געקאָנט זײַן מיט איר דאָרט, אין דעם שטילן ווינקל, וואָס מיר האָבן פאַר זיך נעכטן ערוואָרבן.

כּדי צו דערשלאָגן די עטלעכע שעהן פונם אָוונט, בין איך אַוועק אויפן שטראַנד. איבערן ים האָט שנעל געפינסטערט, נאָר שטערן האָבן געצאַפּלט אין דעם טונקעלן געמיש פון הימל און וואַסער, אַזוי ווי נעכטן איז קיין איין באַנק און קיין ווינקל נישט ליידיק געווען. ענג צונויפגעדריקטע האָב איך פאָרלעך באַגעגנט ווו כ'האָב נאָר דעם בליק געוואָרפן, און דאָס האָט אויפגעהויבן אין מיר דאָס געפיל פון יתומדיקייט, אַז איך בין גרייט געווען צו לויפן צו איר, ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט איבערצורייסן אָט די אייגזאַמקייט, וועלכע איז דאָך זיס

געוועז, אַז אַדורכגעלויכטענע מיט דעם באַוווסטזיין, אַז מאָרגן וועל איך זי זען.

בין איך געשטאַנען ביי דעם באַריער פונם שטראַנד און געקוקט אין דער ווייט. נעבן מיר, פאַרקוקט אין דער ווייט, איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי. זי האָט קיין איין מאָל אויף מיר קיין בליק נישט געטון, און איך ווייס נישט, פאַרוואָס איך האָב גענומען דערפון, אַז זי וואַרט, איך זאָל עפּעס זאָגן צו איר. איך האָב זיך לייכט איבערגעבויגן איבער איר, און כ׳דענק נישט, וואָס כ׳האָב געזאָגט, זי האָט מיך אָבגעבאָדן מיט אַ לאַנגן, ווי פאַרוווּנדערטן בליק, זי האָט, זעט אויס, געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר איך בין שוין נישט געווען לעם איר.

איך האָב זיך פלוצלינג אַ ריס געטון פונם אָרט און כמעט לויפנדיק זיך אַראָפּגעלאָזן פון די שטיין-טרעפּלעך צום ברעג. דער געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן אַזוי פלוצלינג מיט דער ווירקונג פון אַ שפּילקע-שטאָך. אין דער מינוט, ווען כ׳האָב אַזוי זאָרגלאָז אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט צו דער פרעמדער פרוי, האָט מיר עמעצער אין אויער אַריין ווי אַ זאָג-געטון:

— איז מעגליך, אַז זי זאָל אין אַזאַ אָוונט אַליין זיין?..

און צוליב וואָס זאָל זי עס טון?...

איך האָב זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן אויף די שטיין-טרעפּ, פון וועלכע כ׳האָב זיך נעכטן מיט איר אַראָפּגעלאָזן, ווי אַנדערש האָט איצט אַלעס אויסגעזען. ווי עס טרעפט אין אַזעלכע פאַלן, האָט מיך אָנגעהויבן מאַטערן די ערינערונג פון איר נאָנטקייט צו מיר.

דאָס געפיל פון אייפערזוכט האָט די נאָנטקייט איבערגעטראָגן פון מיר אויף אַנ׳אַנדערן. דאַמאָלס האָב איך מיט אַמאָל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שווערקייט פון דעם געדאַנק, און, ווי כ׳וואָלט זיך פון עפּעס דערוווּסט, האָב איך זיך זאַכלעך געלאָזן גיין צו דעם אָרט, ווו דער פעלז האָט זיך פון דערווייטנס געשוואַרצט, דערביי האָט זיך מיר געוואָלט אומקערן און גיין גלייך אַהיים, לייגן זיך שלאָפן, כדי ווי אַמגיכסטן זאָלן דורכלויפן די פיר-און-צוואָנציק שעה; אָבער ערגעץ פון צווישן די פינצטערע שטרויסן אַפער האָט אַ פרויען-שטים געזונגען באַגלייט פון

אַ גיטאַרע, דאָס האָט ליב געמאַכט דעם שטעג, און איך האָב זיך צום פעלז דערנענטערט; און דאָ אין דער פינצטער פאַר דער שפּיציקער שטיינער-וואַנט פון דעם פעלז האָב איך געקוקט אין דער טיפער פינצטערניש פון דער הייל. אַזוי בין איך געשטאַנען אַ מינוט צייט און, ווען פון אונטער דער פעלזן-וואַנט האָבן זיך טריט דערהערט, האָב איך זיך אויסגעדרייט, און גענומען זיך דערווייטערן. דערביי האָב איך מיטן בליק דערכאַפּט צווי פיגורן, וואָס זענען אַרויס פון דער הייל. דער פרויען-סילועט האָט זיך איינגעבויגן, און מיט אַ ווייס טיכל זיך דאָס קלייד געפּוצט, דערצו האָט איר געהאָלפן דער מענער-סילועט, אָנגעטון אין אַ געלן שטרוי-הוט. דאַמאָלס בין איך מיט גלייכע, הילכיקע טריט זיי אַנטקעגן געגאַנגען. מיין האַרץ האָט געקלאַפּט, ווען איך בין שוין געווען האַרט לעם זיי, האָב איך דעם קאָפּ אַוועקגע-דרייט. נאָר זי האָב איך דאָך געזען.

איך האָב אַ שמייכל געטון און געפילט, אַז מיין פּנים איז פאַרקרימט, כ'בין לאַנג נישט אימשטאַנד געווען אַראָפּצונעמען דעם פאַרקרימטן שמייכל פון מיין פּנים, דערנאָך איז מיר מיט אַמאָל לייכט געוואָרן, ווי מ'וואָלט מיר אויפגעבונדן דעם האַלז. איך האָב זיך אויפגעהויבן אויף די טרעפּלעך, און זיך געלאָזן צו דעם אָרט וווּ די פרעמדע פרוי איז פאַרקוקט אין דער ווייט געשטאַנען.

נאָר ז י, איז שוין דאָרט נישט געווען...

* *

*

פאָרוויין זענען מענטשן געזעסן. און די הייסע, טונקעלע נאַכט האָט זיי פאַרהילט.

# די בירגער

די וועגט און די שויבן האָבן פון דער שיספריי געציטערט. ס׳איז שוין אוממעגלעך געוועזן אין דער שטוב איינצוזיצן, האָט מען אין הויף-קוואַדראַט; ווי אין אַ שטייג, זיך אַרומגעדרייט, מיט אַ בלייערנער טויט-שרעק אין האַרצן. אויף דער גאַס איז אַ בלוטיקע בירגער-מלחמה געגאַנגען.

דאָס שיספריי האָט נישט אויפגעהערט. און איבער אַלעם האָט געשטורמט דאָס האַרמאַטן-ברילעריי; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער קאָפּ פּלאַצט. די איינציקע האָפנונג, וואָס האָט ביי יעדן אין האַרץ געצאַנקט, איז געווען דער אייזערנער, שווער-געשלאָסענער טויער; האָט זיך אַלע מאָל אַנ׳אַנדערער פערגנבעט, און אַ פרווו-געטון, צי ער איז גוט פאַרשלאָסן.

מ׳האָט שוין גערעדט וועגן אַראָפּגיין אין די קעלערס. בייטאָג נאָך האָט מען דאָרט אַנ׳אָרט פאָרגעברייט, נאָר קיינעם האָט זיך נישט געוואָלט זיין דער ערשטער.

דער רייכער מאַנופאַקטור-סוחר איז געווען זייער דענער-ווירט, ער האָט גאָרנישט געקאָנט רעדן, ער האָט נאָר געהערט, אַרויסגעגעבן מאָדנע טענער פונם האַלז, און כסדר זיך געהאַלטן אונטער אַנדערע, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך מיט יענעם בעשיצן. ביי יעדן שטאַרקן שאָס האָט ער געמאַכט: „אָ״ מיט אַ מאָדנעם ווייסן שמייכל פון אַ פאַרלוירענעם. אים האָט זיך פלוצלינג אויסגעוויזן, אַז ביי דער וואַנט, ווו עס שטייט זיין שכן, דער שיך-פאַבריקאַנט, איז דאָס זיכערסטע אָרט.

דער אייגנטימער פונם האַנדלס-הויז, אַ קליינער, מיט קליינע, געלע אויגן און אַ בייכל וואָס האָט נישט געפּאַסט צו זיין שמאָלן קאָפּ, האָט אַרויסגערופן אַ מאָדנעם רחמנות, נישט-

קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט אַ סך גערעדט, און געזוכט יעדן מיט עפּעס צו באַרויקן.

ער איז אויף גאַנצע האַלבע שעה׳ן פאַרפאַלן געוואָרן, דערנאָך זיך ווידער באַוויזן, און אַלץ זיך געהאַלטן ביי דעם: אַז „דאָס" מוז זיך גיך ענדיקן, ווייל עס קאָנען דערפון ליידן די רויקע, נייטראַלע איינוווינער. איינעם, אַ יונגענמאַן, וואָס האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט און געהאַלטן נעבן זיך זיין יונג ווייבל, האָט ער פאָרגעלייגט צוקערקעס צום „אויפ-הייטערן".

מיט אַמאָל אָבער האָבן אַלע צו אים פאַרלוירן דעם צוטרויען נאָך דעם, ווי ער איז פאַרשווונדן אויף אַ האַלבע שעה און דערנאָך געקומען, פרעגנדיק: נו, מען שיסט נאָך? האָט מען מיט אַמאָל דערזען: אַז ער איז אויסגעשמירט אין ליים און קאַלך, פון ליגן ערגעץ אין אַ קעלער, אָדער אויף אַ בוידעם, און מ׳האָט אָנגעברוגזט געענטפערט:

— איר דאַרפט זיך נישט מאַסקירן, מיר האָבן אַלע מורא...

— אַוודאי, האָבן אַנדערע צוגעגעבן.

— דאָס לעבן איז ביי יעדן טייער...

— ס׳איז גאָרנישט גוט דאָ צו שטיין.

— אַוודאי, לאָמיר טאַקע אַוועקגיין...

— אַך... וואָס העלפט דען דאָס באַהאַלטן...?

*

די דאַמען האָבן זיך אין דעם קאָרידאָר צוזאַמענגענומען. ווען די שיסעריי איז געווען שטאַרק, האָבן זיי אַלע געשוויגן און איינע, אַ עלטערע דאַמע, האָט מען מיט וואַסער געמינטערט. נאָר איז אויף אַ ווײַלע שטילער געוואָרן, האָט מען ווידער גערעדט וועגן פאַרשידנס.

אַ קורסיסטקע מיט אַ סטודענט האָבן זיך אַ ווינקל געפונען. ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט נישט מורא געהאַט זיין

איצט דורכצושפּאַצירן דורך אַלע גאַסן. זי האָט אים אָנגעקוקט
מיט גרויסע, צעשראָקענע אויגן און געזאָגט:
— אַך, וואָס פאַר אַ אָנגעשראָקענער איר זענט!... אים פאַר
אַ האַנט אָנגעכאַפּט און אויסגעשריגן:
— איך וועל אייך נישט לאָזן!

*

ס׳איז קאַלט געוואָרן. אַ פויל רעגנדל האָט געקאַפּעט
פונם פאַרשלאָסענעם, פינסטערן הימל. און פון צייט-צו-צייט,
ווען ס׳האָט זיך דורכגעקאָלערט אַ האַרמאַטן-שאָס, האָט זיך
געדאַכט, אַז רויטע טראָפּן טריפן פון אויבן אַראָפּ.

פינסטער איז געווען אינם הויף. און ס׳האָט אויסגעזען
ווי אַ פינסטערער גרוב, ווי איינציקע צעשראָקענע מענטשן
האָבן זיך פון אַ שטורם באַהאַלטן.

נאָר איין פענסטערל אינם הויף האָט, ווי שטענדיק,
געלויכטן מיט אַ בלויער ליכטיקייט, און די איינוווינערין פון
יענער שטוב האָט זיך אויפן הויף נישט באַוויזן. דאָס איז
געווען די פריילין „בעבי״, וואָס אַלע אויפן הויף האָבן זי
גערופן „זי״.

מ׳האָט אַרויפגעקוקט צו דעם בלוי-באַלויכטענעם
פענסטערל אויפן דריטן שטאָק און מ׳האָט אַליין נישט געוווּסט,
פאַרוואָס מ׳איז זי מקנא, גלייך ווי קיין קויל וואָלט אויף איר
קיין שליטה נישט געהאַט.

— אָ, זי האָט נישט וואָס מורא צו האָבן... — האָבן די
דאַמען געזאָגט. איין גאָט ווייסט, וואָס זיי האָבן דערמיט
געמיינט, און די מענער האָבן צוגעגעבן:
— זי האָט אַנ׳אייגענע אַרמעע...
איינער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:
— איך וואָלט זיך באַהאַלטן ביי דער פריילין „בעבי״...
זיין פרוי האָט אים באַלד פאַרגעוואָרפן, וואָס אין אַזעלכע
ערנסטע מאָמענטן, קאָן ער זיך נישט אָפּהאַלטן פון לייכטזיניקע
וויצן...

אַ שטאַרקע שיסעריי, דורכגעגרוילט מיט באָמבע אויפ־רייסן, גלייך ווי אַלעס וואָלט געדאַרפט צעפליקט ווערן, האָט אָפּגעווענדט די איראָנישע בליקן פון דער „בעבּיס" פענסטערל אויפן דריטן שטאָק.

ס'איז שוין געווען טיפער אָוונט.

דאָס שיסעריי האָט זיך נאָך אַלץ, ווי אַ פייערדיקע ראָד, איבער דער שטאָט געקאָלערט. אַ פאַרצווייפלטע מידקייט האָט זיך אין אַלע צעגאָסן.

מ'האָט שוין נישט גערעדט צווישן זיך, און אַלע זענען געווען געפאַנגען פון איין ברענענדיקן געדאַנק: דעם טאָג צו דערלעבן.

פון צייט צו צייט האָט זיך עמעצער צום פינסטערן, שטומען טויער פערגנבעט און דורך אַ שפאַרע אין דער פינסטערער, ליידיקער גאַס אַ קוק געטון און זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער וועט אַ מאָל קאָנען די גרענעץ פון יענער זייט טויער איבערשפאַנען.

איינציקע, מידע, אויסגעלאָשענע ווערטער האָבן זיך דורכגעוואָרפן צווישן די גרופּע מענטשן, וועלכע זענען שוין איצט אַלע אונטער אַ וואַנט געשטאַנען, און די אויסגעלאָשענע, פינסטערע פענסטער פון זייערע שטובן האָבן זיי געשראָקן.

נישט ווייט האָט זיך צעהילכט אַ ביקסן־שיסעריי, ביי יעדן זאַלפּ האָט זיך געדאַכט, אַז דער טויער פּלאַצט, און די בעלי־הבתים האָבן זיך פאַררוקט אין די קאָרידאָרן.

נאָך פלוצלינג האָט זיך דער גאַנצער הויף ווי אַ וויג געטון.

אַ שאַרפער קלונג האָט זיך אין דער פינסטערניש אַריינ־געשניטן, איינער האָט זיך אין אַנדערן אָנגעכאַפּט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז יענער וועט דעם טויער עפענען. מיט אויפגעריסענע אויגן פון שרעק, און אויסגעצויגענע העלזער

און אויסגעשפּיצטע אויערן צום הערן, האָבן זיך זייערע קעפּ צום טויער געווענדט.

אַ מינוט איז אַריבער, און צום צווייטן מאָל האָט זיך אַ שניידנדיקער קלונג דערהערט, מ׳האָט געזען, ווי דאָס גלעקל אויפן דראָט האָט זיך צעוויגט, ווי ס׳וואָלט געשריגן.

אויף די טרעפּ האָט זיך דערהערט דאָס טופּעריי פון פּיס.

געבליבן איז נאָר דער סטודענט מיט עפּעס אַן׳עלטערן הער, דאָס איז געווען דער הויף-קאָמיסאַר. נעבן אים איז שוין געשטאַנען דער הויף-וועכטער, מיט אַ גרויסן פאַרזשאַווערטן שליסל אין דער האַנט.

דער קאָמיסאַר האָט פּראָטעסטירט.

— מיינע הערן... איר האָט נישט קיין רעכט צו אַנטלויפן... אין די שטובן זענט איר אויך נישט זיכער, מיר מוזן ערפולן אונזער בירגערלעכן חוב...

ביים פירטן קלונג זענען שוין די בעלי־בתים צוזאַמען געשטאַנען.

— ווער קאָן איצט קלינגען? — האָט זיך געטראָגן אַ מורמל, צוזאַמען מיט אַ קלאַפּן פון ציין. דער וועכטער מיטן שליסל האָט געפרעגט:

— עפענען?

איינער האָט פאָרגעלעגט:

— אפשר קאָן מען געבן געלט דורך דעם טויער?...

— אַבי דאָס לעבן כאָטש ראַטעווען...

— זאָלן זיי אַלעס נעמען...

אָבער אַן׳אומגעדולדיקער, רייסנדער קלונג האָט ווייטער נישט געלאָזט זאָמען, און דער קאָמיסאַר האָט געזאָגט צום הויף-וועכטער.

— קומט...

— איך קאָן עפענען... — האָט דער וועכטער צווויסן געטון, אַ שפּאַן טועגדיק מיט דעם געוויינליכן, האַרטן שאַרן פון

זיינע גרויסע שטיוול, און אַלע האָבן דערפֿאַר אין אים דער־פילט אַ שונא..

— איך וועל עפּענען... — האָט ער ווידער געזאָגט; — וועט מען זען ווער עס איז. דער שיך־פֿאַבריקאַנט האָט אָנגערירט דעם שליסל אין ווערכטערס האַנט און געזאָגט:

— וואַרט נאָר... — און באַלד פֿאַרשווונדן ערגעץ מיט גיכע טריט אין אַ ווינקל פֿון הויף.

— פּאַפּאָטשקאַ — האָט זיך מיט טרערן אָנגערופֿן אַ מיידל, דעם קאָמיסאַרס טאָכטער:

— וואָס עפּעס נאָר דו? זאָלן אַנדערע גיין, כ'וועל דיך נישט לאָזן!...

— פֿריילין, מיין מאַן וואָלט זיכער געגאַנגען, נאָר ער האָט אַזאַ שוואַך האַרץ... ער האָט אפילו פֿון אַ דאָקטאָר...

— מיינער קאָן פֿאַלן אויפֿן וועג... ער איז קיין עין־הרע אַ שווערער מענטש...

דער סטודענט האָט לאַנג זיך געראַנגלט מיט דער קורסיסטקע, און מיט אַ האַלב־אויפֿגעהויבענער האַנט ווי אַן אַקטיאָר צעוויסן געטון:

— הער קאָמיסאַר, איך גיי מיט אייך!

אַ גרופּע פֿון דריי מענטשן זענען אין דער פֿינסטערניש פֿונם טויער פֿאַרזונקען, אין יעדן ווינקל פֿונם הויף האָט אַ האַרץ געקלאַפּט, און אַנ'אויער געהערט:

— — — — — — — — — — — —

— ווער איז עס?

— עפּנט! — האָט אַ האַרטע, זיכערע שטימע געענטפֿערט. און ווען דער שלאָס האָט אַ פֿאַרזשאַווערטן גרילץ געטון, האָט זיך יעדן געדאַכט, אַז דער שליסל האָט זיך אין זיין בויך איבערגעדרייט.

*

ווען ער האָט דאָס טירל פֿונם געעפֿנטן טויער איבער־געשפּאַנט, האָט ער זיך געמוזט אָנבויגן, דערנאָך איז ער אין

זיין גאַנצער ריזיקער וווּקס שטיין געבליבן, די ביקס אָן דער ערד אָנגעשפּאַרט, און מיט אַ קלינגענדער שטים געזאָגט:

— שרעקט אייך נישט.

— איך בין דער קאָמיסאַר פונם הויף!... האָט דער עלטערער מאַן אָנגעהויבן.

— גאַנץ גוט... — האָט דער שרעקלעכער גאַסט געענטפערט — אין בין געקומען, איך ברויך דאָ אַ פריילין... ווייסט איר נישט: פריילין „בעבי?"

דאָס וואָרט פריילין „בעבי" האָט זיך צום הויף דערטראָגן, און אין איין מינוט האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט מיט אויסגע־שטרעקטע הענט צו דעם ווינקל, וווּ מען דאַרף צו דער פריילין „בעבי" אַרויפגיין.

ער איז געשטאַנען אין מיטן, גלייך אויסגעצויגן, פון זיין מויל האָט זיך געטראָגן אַ לייכטער ריח פון ווייַן, און פון זיינע קליידער — אַ שאַרפקייט פון פולווער.

אַ פּאַטראָנטאַש האָט, ווי אַ רייף, זיין הויכע ברוסט אַרומגע־נומען, און צוויי האַנט-גראַנאַטן זענען געווען פאַרשטעקט אין זיין גאַרטל, ער האָט מיט זיכערע טריט געשפּאַנט אַהין, וווּ מ׳האָט אים געוויזן, און אַלע זענען אים נאָכגעגאַנגען.

דער שיך-פאַבריקאַנט האָט אים פלוצלינג צווויסן געטון:

— איך האָב אַליין געדינט... אין מיליטער... דריי יאָר...

— אַזוי... האָט ער געענטפערט, און אויף די פינסטערע טרעפּ פאַרשוווּנדן.

*

דער גאַנצער הויף האָט אָפּגעאָטעמט, מ׳האָט אַפילו אויפ־געהערט הערן דאָס שיסן; און יעדנס בליק האָט זיך צוגעקלעבט צו דעם בלויען פענסטערל פון דער פריילין „בעבים" צימער.

— ס׳איז גאָרנישט גוט אַזעלכעס צו האַלטן אינם הויף. — האָט איינער געזאָגט.

— ס׳איז אפשר אַ מאָל בעסער... — האָט אַ צווייטער געענט־פערט.

איין מיידל האָט דער צווייטער עפּעס אין אויער איינגע-רוימט, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

אַנ׳עלטערע דאַמע האָט זיך אָנגערופן:

– עס פּאַסט גאָרנישט אַרויפצוקוקן צו אַזעלכער...

און דער מאַנופאַקטור-סוחר האָט שטיל אַריינגעשטעלט:

– די באָמבעס זאָלן דאָרט בײַ אים נישט פּלאַצן...

– דאָס יונגע ווייבל האָט מיט אַ מאָדנער בענקשאַפטלעכער שווערקייט געזאָגט:

– אַך, עס זענען נאָך דאָ דרייסטע מענטשן אויף דער וועלט...

און פּלוצלינג איז דאָס בלויע פענסטער פינסטער געוואָרן.

די גאַנצע גרופּע מענטשן האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט. און מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ זיך צעגאַנגען אין די ווינקלען פונם הויף. נאָר איין יונג מיידל אַ שלאַנקע גימנאַזיסטין האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

– ער וועט געוויס באַלד אַראָפּגיין...

– סאָניטשקע, וואָס דאַרפסטו זיך אָנרופן... – האָט איר די מוטער באַמערקט, און ס׳איז שטיל געוואָרן.

*

און ווידער האָט געריסן, געקנאַקט און געפייפט, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז פייערדיקע בייטשן פּאַטשן איבער די הויכע, פינסטערע דעכער.

מיט אַ בייזער, פרעמדער שלעכטקייט האָט געשמעקט די לופט, און דער הויף האָט געשוויגן.

די בעלי-בתים האָבן זיך איינגעצווערעט און זיך צוגעגרייט צו אַ ווילדער, שלאָפלאָזער נאַכט. ס׳האָט לאַנג, לאַנג געדויערט, ביז וואַנען אינם פענסטערל האָט זיך צוריק די בלויע ליכט געוויזן, דאַמאָלס איז מען אויפן הויף געשטאַנען און געוואַרט.

פון ערגעץ האָט זיך באַוויזן דער אייגנטימער פונם האַנדלס-הויז, ער איז געווען שטאַרק אויסגעשמירט אין קאַלך און האָט געפרעגט:

– שוין אַראָפּגעגאַנגען ?

און דער מאַנופאַקטור-סוחר האָט אַנ׳עצה געגעבן :

– מ׳וואָלט געדאַרפט אים צולייגן אויף די טרעפּ, ער קאָן נאָך פאַלן מיט די באָמבעס...

נאָר אין דער מינוט האָט זיך אויבן די טיר געעפנט, און זיינע טריט האָבן זיך דערהערט. אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אויפן הויף באַוויזן, מיט ברייטע זיכערע טריט האָט ער צום טויער געשפּאַנט.

אויף אַ מינוט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַ לייכטן שמייכל געזאָגט :

– ערלויבט אַרויסצוגיין.

ווידער זענען אַלע געגאַנגען נאָך אים, צום ערשטן דער הויף-וועכטער מיטן שליסל, הינטער זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן זיך אַלע אויף אַ מינוט זיכערער דערפילט ; און די יונגע גימנאַזיסטין האָט זיך ווידער אַרויסגעכאַפּט :

– מיר האָבן אַזוי מורא...

ער האָט זיך אַ נייג געטון, און מיט אַ שמייכל געענטפערט :

– נו, יאָ פריילין... וואָס קאָן איך העלפן... איך מוז גיין...

ווידער האָט דער שלאָס אַ גרילץ געטון, דער טויער האָט זיך געעפנט, און ער איז מיט הארטע, זיכערע טריט פאַרשוווּנדן אינעם נעפּל פון דער נאַכט...

## אָדעסיאַדע

כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט איר אויף אַ באַנק אין מיטן דער דעריבאַסאָווסקען אין איינעם פון די אָוונטן, ווען די אַקאַציען בליען.

זי האָט אויף מיר אַ לאַנגן פאַרצווייפלטן בליק געוואָרפן און מיט טרויער געפרעגט:

– ווייסט איר נישט, ווי שפּעט עס איז?

אין דער צייט פון אַרויסנעמען דעם זייגער, פּרוּוו איך פאַרפעסטיקן אונזער באַקאַנטשאַפט:

– איר זעט אויס, פריילין, צו זיין נישט אינגאַנצן רויק. קאָן איך אייך אפשר מיט עפּעס דינען?

– איר קאָנט נישט העלפן.

– און אַנ׳אַנדערער?

– אויך נישט.

– אַ טראַגעדיע?

– איר ווילט באַלד אַלעס וויסן.

– איך רוק מיך צו נענטער.

– וואָס האָט געקאָנט מיט אייך געשען, וואָס קיינער קאָן נישט העלפן?

– אַך, די מענטשן זענען אַזעלכע פאַלשע... אַ מענטש מיט אַ נשמה מוז אַזוי פיל ליידן... איר האָט געלעזן קופּרינס „יאַמאַ״?

– יאָ.

– מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך?

שוין שפּעט ביי נאַכט האָט זי זיך אויפגעהויבן אַהיים צו גיין. איך לייג פאַרשטענדלעך, פאָר, זי צו באַגלייטן.

– צו וואָס דאַרפט איר עס ? איך האָב פיינט זיך צו באַקענען מיט פרעמדע מענטשן אויף דער גאַס. אָך, ניין, ס׳איז איבריק.

אַריבערגייענדיק די רעלסן פון טראַמוואַי האַלט איך זי אונטער דער האַנט :

– איך וואָלט אַזוי געוואָלט אייך זען ווען עס איז, ווען איר וואָלט עס מיר ערלויבט.

זי באַדט מיך אָפּ מיט אַ קאַלטן, לאַנגן בליק און זאָגט מיט אומצופרידנהייט :

– איך האָב אַ שטוב, אַז איר ווילט, קאָנט איר קומען.

– צו אייך ? איר וווינט אַליין ? —

– גאָט באַהיט. מיט מיינע עלטערן.

– קאָן איך קומען מאָרגן ?

– מאָרגן, יאָ, 7 אַ זייגער פאַרנאַכט.

– זייער גוט, 7 אַ זייגער.

איך פרוון אויפהויבן איר האַנט צו מיינע ליפּן, אָבער ניין, זי האָט פיינט ; זי האָט נישט ליב אַזעלכע זאַכן. איך פאַרנויג זיך טיף, אַריינלאָזנדיק זי אין טויער.

זי קערט זיך אום :

– אַלזאָ, מאָרגן 7.

– יאָ, מאָרגן 7 פאַרנאַכט.

זי גיט פלוצלינג אַ שמייכל, דער ערשטער שמייכל, מיר ווערט גוט און איך בעט :

– אייער נאָמען זאָגט מיר.

– קלאַראַ...

נאָך אַ שמייכל, און פלוצלינג לייגט זיך איר קליין, ווייס הענטל צו צו מיינע ליפּן.

---

אויף מאָרגן האַלב 7 אַ זייגער פאַרנאַכט זע איך אויס ווי איינער, וואָס גייט אויף אַ חתונה. ריכטיק 7 קלאַפּ איך אָן אין אַ טיר, די טיר האָט זיך געעפנט. איך האָב דערזען אַ יידענע מיט אַ פּאָר גרויסע, צופרידענע אויגן, ווי מען קוקט אויף אַ לאַנג ערוואַרטעטן גאַסט.

– די פרייליין קלאַראַ איז אין דערהיים ?

— אַך, „פּאַזשאַלוסטאַ", גייט ווייטער.

ביי דער צווייטער, האַלב־אָפּגעשפּאַרטער טיר בלייב איך שטיין. איך זע אַ ווינקל פון צימער. אַ שוואַרצער, גלאַנציקער פּאָרטעפּיאַן מיט אַ ווייס ליכט, אַ שטיקל ראַם פון אַ בילד, אַ פּיסל פון אַ שטול מיט אַ לאַנגן ווייסן איבערצוג.

איך וויל אָנקלאַפּן, נאָר די יידענע, וואָס גייט הינטער מיר מיט אַ קוועלנדיק פּנים, ציט מיך פאַרן אַרבל:

— גייט, גייט, „אַ־דיטע".

קלאַראַ האָט אויף מיר אַ קוק געטון, ווי זי וואָלט זיך נישט געריכט מיך דאָ צו זען.

זי האָט מיין האַנט גענומען און גלייך איבערגעגעבן דער יידענע.

די יידענע האָט פריער אַ וויש געטון איבערן פאַרטוך, און קלאַראַ האָט געזאָגט:

— דאָס איז די מאַמאָטשקע.

די אַלטע האָט צופרידן צוגעשאָקלט.

איך האָב זיך געזעצט. מיר האָבןביידע געשמייכלט. איך האָב נישט געוווסט וואָס צו רעדן, נאָר קלאַראַ האָט מיך אַרויס־געפירט אויף אַ וועג:

— נו, דערקענט איר מיך?

— נעכטן איז אַזוי פינסטער געווען. כ'האָב אייך נישט געקאָנט גוט זען.

זי האָט איצט אויסגעזען גאָר שיין אין דעם העלן פּענוואַר, אונטער דער פאַרנאַכטיקער ליכט. די אַלטע איז שוין נעבן אונז נישט געווען. איך האָב אַרויסגעוואָרפן אַ קאָמפּלימענט:

— איך וואָלט אייך דערקענט אין דער פינסטער, ווייל זינט איך לעב, טרוים איך פון אייך, פון אַזעלכע, ווי איר...

איך האָב געוואָלט נעמען איר האַנט.

— לאָזט אָפּ.

ס'איז ווירקלעך נישט קיין פּאַסנדער מאָמענט, ווייל אויף דער שוועל פון אַ דריטן צימער איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי,

אַ פּוילע, אַ שיינע, ענלעך צו קלאַראַן, איך דערקען באַלד, אַז דאָס איז אַ שוועסטער.

איך הויב זיך אויף פון׳ם אָרט. איך קוק זיס אויף דער יונגער פרוי. דאָס אַלעס ווערט פאַר מיר אַזוי פּיקאַנט: אַ שוועסטער...

קלאַראַ האָט אונז באַקאַנט. די שוועסטער באַקוקט מיך זאַכלעך, ווי עס קוקן אויף מענער יונגע אַנטוישטע פרויען.

– קלאַראַ, ווי אַזוי ביסטו אָנגעטון?..

און צו מיר:

– נאָך וואָס דאַרפט איר רויכערן? איר זענט אַזוי אויך נישט קיין געזונטער.

איך פאַרליר מיך נישט און ענטפער:

– איך רויכער, כדי די צייט צו פאַרטרייבן.

זי פאַרלירט זיך אויך נישט:

– טרינקט בעסער מילך.

דערנאָך גיט זי צו מיט אַ קאַלטן טאָן:

– איך גיי אַוועק, איך וועל אייך נישט שטערן...

ס׳איז זייער שווער צו ענטפערן, און איך שווייג.

זי דרייט זיך עטלעכע מאָל דורך די שטוב און זאָגט צו קלאַראַן:

– דו גייסט היינט ערגעץ?

– כ׳ווייס נישט... ניין.

– כ׳האָב געמיינט: דו גייסט אין טעאַטער.

זי געזעגנט זיך און גייט אַוועק. איך בלייב אַליין מיט קלאַראַן.

– ווי געפעלט אייך מיין שוועסטער?

– איר געפעלט מיר בעסער.

– וואָס רעדט איר, זי איז אַ שיינע, און איך...

– איר זענט שענער.

איך הויב זיך פלוצלינג אויף פון דער שטול, און גיי צו צו קלאַראַן. איך שטיי איבער אירע אַקסלען און נישט געפינענדיק קיין וואָרט, מורמל איך:

– קלאַראַ... קלאַראַ...

זי דרייט־אויס דעם קאָפּ און באַטראַכט מיך לאַנג. מיר דאַכט זיך, אַז אין איר בליק איז ליבע און טרויער. איך געפין נישט וואָס צו טון, און מורמל אַלץ:

— קלאַראַ... קלאַראַ...

וואָס מער ליידנשאַפט לייג איך אַריין אין דעם וואָרט. יאָ, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך אין דער פרעמדער שטוב אויף די קני געשטאַנען און גערעדט, וואָס עס איז מיר נאָר אין מויל אַריינגעקומען. איך האָב, דאַכט זיך, געשווירן, אַז איך בין גרייט באַלד, די מינוט צו פאַרלאָזן די גאַנצע וועלט, און אַוועק מיט איר, מיט קלאַראַן, ערגעץ אין אַ ווינקעלע, אין אַ קליין, קליין שטיבעלע, אין אַ וואַלד, נאָר בוימער זאָלן רוישן, און פייגל, פייגל זאָלן זינגען...

אויף מאָרגן פאַרנאַכט בין איך ווידער אין דער אייגענער שטוב געזעסן. נאָר אַלעס איז שוין פאַר מיר געווען אַזוי נאָנט און גוט, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מלאכים שפּילן זיך מיט מיר. קלאַראַ איז געזעסןביים פּאָרטעפּיאַן, זי האָט געשפּילט קופּלעטן און צוגעזונגען, אַלע מאָל אויסציענדיק אונטערן נעזל: „מוזשטשינאַ", „מוזשטשינאַ", און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי זינגט שיין. קיינער האָט אונז נישט געשטערט. די טיר האָט זיך נישט געעפנט, און ביי יעדן קוש, וואָס איך האָב איר אין דער פּלייצע אַריינגעקלעפּט, האָב איך זיך אַליין, ווי אַ משוגענעם, אָנגעקוקט.

דערנאָך זענען מיר געגאַנגען שפּאַצירן. זי האָט זיך אָנגעטון אין מיין געגנוואַרט, זאָגנדיק: „קוקט נישט", און איידער כ׳האָב באַוויזן נישט צו קוקן, איז זי פאַר מיר אַ האַלב נאַקעטע געשטאַנען.

אַ מאַך מיט דער האַנט; און אַנשטאָט אַ נאָז איז ביי איר געוואָרן אַ בערגעלע פּודער, נאָך אַ מאַך מיט דער האַנט, און אַנשטאָט אַ מויל: אַ גרויסע, רויטע וווּנד, ווי אויפן העלזל פון אַ געשאָכטענער גאַנז.

אין „קינאָ" האָט זי געגעסן זיסקייטן, וואָס זי האָט געשלעפּט פון מיין קעשענע, און אַהיימגייענדיק האָבן מיר זיך געזאָגט „דו".

ס׳זענען דורך עטלעכע טעג. אַלע נאָכמיטאָג האָב איך געאײַלט צו קלאַראַן. די שטוב איז פאַר מיר אָפן געווען. קלאַראַ האָט געשפּילט, געזונגען קופּלעטן, גענאַשט, און די אַלטע — געקוואָלן.

*

פאַרנאַכט. ס׳איז שוין גוט טונקל. קלאַראַ זיצט מיט מיר אויף איין שטול און זאָגט:

– ס׳איז מיר דערעסן די שטוב... נעם מיך צו פון דאַנען... האָסט עפּעס אַ סך געלט?...

זי דריקט מיר צוזאַמען די ליפּן און גיט מיר אַ קוש.

איך בלעטער לאַנגזאַם אַ פאָטאָגראַפישן אַלבאָם. און ענטפער:

– רעד נישט צו מיר אַזוי... געלט... ווי קומען צו דיר אַזעלכע פראַגן?...

זי צעלאַכט זיך און טאַנצט אויף מײַן שויס. מיר דאַכט זיך פּלוצלינג, אַז זי לאַכט מיט טרערן, און כ׳דערפיל זיך נישט היימיש.

איך קוק אויף די פאָטאָגראַפיעס און פיל דעם ריח פון פודער נעבן מײַן נאָז.

אויף איין קאַרטל זע איך קלאַראַן אין אַ קורץ קליידל, און אַ גרויסן רידיקול אויף אַ קייטעלע אין דער האַנט, ביי דעם. נאָך אַ קאַרטל: ווידער קלאַראַ, מיט נאַקעטע הענט, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי אַן׳אַקטריסע. דערנאָך אַ סטודענט מיט גרויסע ליפּן. איך דריי איבער דאָס בלאַט – צוויי בילדער:

אויף איינעם דריי מיידלעך אין דער לענג, ווי איינע וואָלט געריטן אויף דער צווייטער, אַלע אין היטלען פון אָפיצירן מיט פּאַפּיראָסן אין די מיילער. דערנאָך אַן׳עלטערע, ברייטע דאַמע, מיט דריי גוידערס, מיט אַנ׳אויסזען, ווי זי וואָלט געזאָגט: „אָט אַזוי נעמט מיך אַראָפּ!“

קלאַראַ כאַפּט מיך פּלוצלינג אַרום מיט די הענט, בויגט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ און קוקט מיר טיף אין די אויגן:

— ליבסט, ליבסט ?
איך ענטפער:
— יאָ.
זי קושט מיך און פרעגט מיך פלוצלינג:
— האָסט מיט מיר חתונה ?
איך טו אַ שמייכל און וויל ווייטער קוקן אין די בילדער, נאָר זי האַלט מיר צו דעם קאָפּ:
— חתונה וועסטו האָבן ?
איך געפין נישט קיין ענטפער.
דאַן קוקט זי מיר גלייך אין די אויגן, און רעדט:
— אַלע ביי אונז אין שטוב ווייסן שוין... מיר איז אַלץ איינס... איר האַלט נישט אַזוי דערפון... ענטפער-זשע מיר...
און זי דריקט מיך שטאַרק צו זיך.
דער ריח פון פודער און אָדעקאָלאָן דרייט מיר אין דער נאָז, אַ פּאָר גרויסע דורשטיקע אויגן שלינגען מיך איין, און מיינע אָרעמס זענען פול פון אַ קילן, אָטמענדיקן קערפּער. איך בין מיד און פאַרשכורט, און מיינע ליפּן מורמלען:
— יאָ, יאָ.
ווייכע שמעקענדיקע קושן לויפן אַרום אויף מיין פּנים און האַלז, און איך מורמל:
— יאָ, יאָ.
די גאַנצע טונקעלע שטוב וויגט זיך. דער פּאָרטעפּיאַן האָט זיך איבערגעטראָגן אין שפּיגל אַריין, צוויי ווייסע, גיפּסענע פיגורלעך דרייען זיך אינם טונקל, און איך מורמל:
— יאָ, יאָ.
אין אַ פּאָר מינוט אַרום שמייכלען מירביידע. קלאַראַ שטייט נעבן מיר און גלעט מיר איבער די האָר. איך הער ערגעץ טריט, און נעם זיך צוריק צום אַלבאָם. איך מיש איבער אַ בלאַט. אויף דעם גאַנצן בלאַט דערזע איך אַ גאַבינעט-בילד פון אַ יונגן אָפיציר אָנגעשפּאַרט אויף דער שווערד.
אָבער נאָך איידער איך באַוויז זיך דערויף אָפּצושטעלן, ליגט שוין קלאַראַס הענטל אין דער גאַנצער ברייט צעשפּרייט איבערן בילד. איך פּרווו איר האַנט צונעמען; נאָר מיט ווילדע,

צעשראָקענע אויגן וואַרפט זי זיך מיטן גאַנצן קערפּער אויף דעם אַלבאָם אַרויף. איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר קומט פּאָר, נאָר איך שטרענג אָן אַלע כּוחות, זי פון דעם אַלבאָם אָפּצורייסן. דאָ הייבט זי פּלוצלינג אָן מיר צו זאָגן „איר״:

— „איר״ האָט נישט קיין רעכט... „איר״ ווערט נישט זען...

— איך גיי אַוועק! — שריי איך אויס און שפּרינג אויף מיט צאַפּלדיקע פיס פון כּעס.

נאָר זי האָט שוין דאָס בילד פון אַלבאָם אַרויסגעקראָגן, אינם בוזעם עס פאַררוקט, צו דער טיר זיך צוגעוואָרפן, און אינגאַנצן טרייסלנדיק זיך, זיך צעוויינט.

פּלוצלינג האָט זיך די טיר געעפנט, און די שוועסטער איז אַריינגעקומען. זי האָט אויף אונז ביידע אַ קוק געטון און גלייך געזאָגט:

— וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

איך בין אַ פאַרשעמטער, און דערשראָקענער געשטאַנען. זי האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס איז עפּעס פינסטער?

זי האָט אַ דריי געטון דאָס קנעפּל און עס איז ליכטיק געוואָרן. דערנאָך קוקט זי אויף קלאַראַן בעדויערנט:

— אַך, נאַריש מיידל... וויינט נאָר, איך אויף דיין אָרט... זאָגט נאָר מיר: וועגן וואָס האַנדלט זיך?...

מיר האָט זיך שרעקלעך געוואָלט אַוועקגיין, נאָר די שוועסטער האָט גענומען קלאַראַן ביי דער האַנט, זי צוגעפירט צו מיר, און אַ געשריי געטון:

— בעט זיך איבער, איך האָב פיינט קריגערייען!

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר פּלוצלינג זע איך קלאַראַס האַנט צו מיר אויסגעשטרעקט. מיין האַרץ איז מיר איבערגעגאַנגען. איך האָב געכאַפּט איר האַנט און זיך שיר נישט צעוויינט.

קלאַראַ האָט געהאַלטן מיין האַנט, און די שוועסטער האָט קאָמאַנדעוועט:

— נו!

איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טון. און האָב געזאָגט:

– פריילין קלאַראַ.

דאַן וואַרפט זי אַרויף די האַנט אויף מיין האַלז, און איך דערפיל איר ע ליפּן אויף מיין פּנים.

– אָט אַזוי, — זאָגט די שוועסטער — אַך, מענער... איר זענט נישט ווערט קיין אמתע ליבע...

אידן ויש מיר דאָס פּנים, און האַלט נאָך אַלץ קלאַראַס האַנט.

אין דעם אָוונט בין איך ביז שפּעט ביינאַכט ביי קלאַראַן פאַרבליבן. מיר זענען געזעסן שווייגנדיק און געגעסן אָוונט-ברויט, איך און — זי, און די שוועסטער, די אַלטע האָט דערלאַנגט און אַלע מאָל מיך געמונטערט, איך זאָל עסן.

איך האָב געגעסן מיט אַ שווער האַרץ און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז קיינמאָל וועל איך פון דער שטוב נישט אַרויס. פון פאַרנאַכט אָן איז פאַר מיר ווי אַ גאַנץ יאָר אַוועק, און מערקווירדיק האָט פאַר מיר אויסגעזען דער פּאָרטעפּיאַן, וואָס האָט איצט אין דער ליכטיקייט געגלאַנצט מיט אַלע דריי זייטן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט מיך אָפּגענאַרט.

קלאַראַ האָט מיך באַגלייט ביז אין הויז אַריין. דאָ האָב איך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר אַ קוש האָט מיר דאָס מויל פאַרשטעלט.

– ביז מאָרגן. — האָט זי געזאָגט, און די טיר האָט זיך פאַר מיר פאַרמאַכט.

*

אַ גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען אין געשעפט, ווי אַ צעדולטער, כ'האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס מ'רעדט צו מיר. כ'האָב נישט געוווּסט, צי דאַרף איך זיין צופרידן אָדער נישט. צי דאַרף איך גיין צו קלאַראַן, צי דאַרף איך אַנטלויפן פון דער שטאָט. מינוטנווייז האָב איך געפילט, אַז נישט פרעגנדיק זיך ביי מיר, וועלן מיינע פיס מיך צו קלאַראַן אַוועקפירן. פאַרנאַכט-צו האָט מיין שטימונג דערגרייכט צו דער שטופע פון פאַרצווייפלונג, דעמאָלס האָט דער טעלעפאָן אַ קלונג געטון. דאָס האָט מען מיך גערופן.

איך האָב דערהערט קלאַראַס שטימעלע, אַזוי צאַרט האָט עס דורכן טעלעפאָן געקלונגען:

— איך בין עס... איך בענק נאָך דיר.
איך האָב געפּרוּווט שווייגן.
— וואָס ענטפערסטו נישט, ביסט ברוגז?...
איך האָב אָנגעהויבן:
— דיין שוועסטער, זי רעדט מיט אַזאַ טאָן...
זי האָט מיך נישט געלאָזט ענדיקן:
— אויף מיין שוועסטער זאָלסטו נישט רעדן... זי האָט אונז צופיל ליב... עס קאָסט זי געזונט... איך גיי אַהיים וואַרטן אויף דיר... זאָלסט באַלד קומען...
איך האָב לאַנג געהאַלטן דאָס רערל ביים אויער, נאָר קיינער האָט שוין נישט גערעדט. נאָר אינעווייניק האָט זיך עפּעס באַוועגט, ווי דרימלדיקע הענער אין אַ קאַמער.
אין אַ שעה אַרום בין איך ווידער געווען ביי קלאַרען.
דאָס מאָל, ווען די אַלטע האָט מיך דערזען, איז זי צוגעלאָפן צו דער טיר, און אַריינגעשריגן:
— ס'איז ער, קלאַרע.
און צו מיר האָט זי אַ שמייכלדיקן ווינק געטון:
— גייט גיך, טרייסט זי... זי איז דענערווירט... אַך יונגע נאַרישקייטן...
איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען און געקלערט וועגן דער נעכטיקער געשיכטע מיטן אַלבאָם און דעם בילד פון אָפיציר. מיר האָט פּלוצלינג זיך פאַרוואָלט זיין שטרענג און ברוגז.
איך האָב געזאָגט:
— יעדנפאַלס בין איך דאָ נישט שולדיק.
די אַלטע האָט זיך צו מיר צוגערוקט אַזוי נאָענט, אַז איך האָב געקאָנט טרעפן, וואָס זי האָט היינט געקאָכט.
— אַך, יונגע לייט... יונגעלייט... איבער נאַרישקייטן רייסט מען זיך... איז דען נישט בעסער צו לעבן אין פרידן?... די אָרעמע קלאַרעטשקע האָט זיך שוין אַזוי אָנגעוויינט... גייט, גייט צו איר...
קלאַרע איז געלעגן אויף אַ סאָפקע פאַרדעקט דאָס גאַנצע פּנים מיט אַ שאַל. איך בין געשטאַנען נעבן איר און דערקענט אָן אירע אַקסלען, אַז זי וויינט.

— קלאַראַ... פרײלין קלאַרע.

זי האָט אַרױסגעװיזן אײן װײנענדיק אױג, אױף מיר אַ קוק געטון פאַרטראָגן, און װידער די נאָז אײנגעגראָבן.

— קלאַראַ...

מיר האָט זיך פאַרװאָלט זײן טראַגיש.

— קלאַראַ, װי איז דאָס בילד ?...

— װאָסער בילד ? — האָט זי װידער דאָט אױג אַרױסגעװיזן.

— פון אים... פון דעם אָפיציר...

דאָ האָט זי זיך אײנגאַנצן אײנגעדרײט און, צאַפּלענדיק מיט די פיס און אַקסלען, זיך צעװײנט אױף אַ קול.

איך בין געשטאַנען מיט אַ האַנט אױף דעם קאָפּ, װי אַן אַקטיאָר, און דערזען איר שװעסטער אױף דער שװעל פון אַ צװײטן צימער. זי האָט מיך מיט אַ פינגער צוגערופן, װי זי װאָלט מיר געװאָלט זאָגן אַ סוד.

— װאָס װײנט זי ? — פרעג איך.

— זי דאַרף װײנען — װײנט זי...

זי האָט אומערװאַרטעט פאַר מיר געשמײכלט.

— מיט איר איז עפּעס געשען ? האָב איך געפרעגט.

— געשען... געשען... האָט זי װידער געשמײכלט און, פּלוצלינג אַ מאַך טוענדיק מיטן פינגער איבער מײן נאָז, פאַרשװוּנדן.

איך האָב זיך אַװעקגעזעצט נעבן קלאַראַן אױף דער סאָפקע. זי האָט שױן נישט געװײנט, איך האָב געהאַלטן מײן האַנט אױף איר קאָפּ.

— מאַך מיר אַראָפּ דאָס קלײדל. — זאָגט קלאַראַ.

איך טו עס, אַ גלעט טוענדיק איר פײן פיסל, װאָס איז איבערגעצױגן מיט אַ דינעם, דורכזיכטיקן, זײדענעם זאָק.

דערנאָך טו איך עס נאָך אַ מאָל, כאָטש זי בעט עס מיך נישט, דערנאָך מאַך איך אַזױ, אַז זי זאָל עס מיך בעטן...

און אין צימער װערט אַלע מאָל טונקעלער.

װאָס װײטער איז געװען געדענק איך קױם, מיט קלאַראַן איז עפּעס געשען. זי האָט מיך געקושט, געװײנט און גערעדט :

– מיר וועלן זיך אַזוי ליב האָבן... איך וועל זיין פאַר דיר אַזוי גוט... מיר וועלן זיך לעבן אַזוי שיין...

מיין גאַנץ לעבן ביז וואַנען כ'האָב זי דערקענט, האָט זיך אַוועקגערוקט און געוואָרן אַלע מאָל קלענער. מיר איז ווירקלעך גוט געוואָרן, און מיר האָט זיך אָנגעהויבן אויסווייזן אַז: מיין לעבן איז קיין לעבן נישט... מיר האָט זיך מער נישט געוואָלט גיין אין מיין ליידיקן צימער אַריין, און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס וויינט קלאַראַ אויס רחמנות צו מיר... מיר האָט זיך פלוצלינג פאַרוואָלט, אַז עמעצער זאָל אונז בענטשן. ס'איז שוין געווען אינגאַנצן פינסטער אין צימער, ווען די טיר האָט זיך געעפנט, און די שוועסטער האָט זיך ווידער באַוויזן. זי איז געווען פאַרשלאָפן און האָט גערעדט מיט אַ טונקעלער שטים:

– קלאַראַ, גיי צו דער מאַמען... זי דאַרף דיך האָבן, איך וועל דאָ פאַרבּרענגען מיט דיין חתן...

איך האָב דערהערט דאָס וואָרט „חתן", מיר איז גיך הייס געוואָרן אין פּנים. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר כ'האָב נישט געפונען וואָס. איך האָב אַ שפּרונג געטון צו דער טיר און שטיין געבליבן. צו מיין אייגענער פאַרוווּנדערונג דערפיל איך פלוצלינג אַ פאַרלאַנג, צו זאָגן עפּעס נאָנטעס, היימישעס דער שטוב און אַפילו דער שוועסטער.

איך טו אַ דריי דאָס קנעפּל און מאַך ליכטיק. די שוועסטער גיט זיך אַ כאַפּ פאַר דער בלוזקע, וואָס איז נישט אינגאַנצן צוגעשפּיליעט, נאָר לאָזט באַלד צוריק אָפּ זאָגנדיק:

– אַך, ווי איך זע אויס... נאָך גוט ס'זענען דאָ קיין פרעמדע מענטשן נישטאָ.

דאַן מאַך איך צוריק פינסטער, און קלאַראַ זאָגט פריילעך מיך אַרומנעמענדיק:

– ניין, אין דער פינסטער וועל איך אייך דאָ נישט איבערלאָזן, איך בין אייפערזיכטיק...

דאַן מאַך איך צוריק ליכטיק, און אויף מיין פּנים פיל איך אַ מאָדנעם שמייכל, וועלכן איך קאָן נישט אַראָפּנעמען.

קלאַראַ פאַרשווינדט, און איך בלייב אַליין מיט דער שוועסטער. זי זעצט זיך אַוועק און הייסט זיך מיר זעצן נעבן

זיך. איר פּנים איז יעצט ערנסט, אַביסל פאַרזאָרגט, און זי זאָגט:

– וואָס-זשע דענקט איר צו טון?...

– וואָס הייסט, וואָס צו טון?

– כ׳מיין וועגן דער אָרעמער קלאַרעטשקע... מיין שוועסטער...

– וואָס איז דען מיט איר?

זי טוט אַ קרעכץ:

– איר ווייסט געוויס נישט ערגעץ פון מיר, וואָס מיט איר איז...

– וואָס, פאָרט?

– זי האָט אייך גאָרנישט געזאָגט?... אַ שיינע געשיכטע... זי שעמט זיך גאָר!... אַנ׳אַנדערע וואָלט געשריגן געוואַלט, און זי איז נאָך אַזוי נאַיוו און שעמט זיך צו זאָגן...

– זאָגט מיר מאַדאַם... איך פאַרשטיי אייך נישט...

– אָבער וואָס איר דאַרפט פאַרשטיין—פאַרשטייט איר... אָ, מענער, איר זענט ווערט...

זי האָט אויף מיר אַ בליק געטון מיט די אויגן, אַז מיר איז קאַלט געוואָרן.

*

דערנאָך איז געווען אַ מאָדנער, ווילד-פרעמדער טאָג. עפּעס איז געווען אַ פרעמדע שמחה, און איך בין געווען דער שולדיקער. מ׳האָט זיך געקושט מיט מיר און מיר געווונשן. און מיר האָט זיך געוואָלט אַנטלויפן.

אַ סך מענטשן האָבן זיך געדרייט אַרום מיר. מ׳האָט מיך געשאָלטן, גלייך איך וואָלט עפּעס פאַרשפּעטיקט. דערנאָך איז נעבן מיר געשטאַנען אַ רב מיט צוויי יידן, איינער מיט אַ פּנים פון אַ טויטן, דער צווייטער אַ געלער, וואָס האָט מיר אַלע ווײַלע געטראָטן אויפן פוס און אַליין געזאָגט אַז: ס׳שאַדט נישט...

מ׳האָט מיך געגלעט און געשמייכלט צו מיר. נאָר מיר האָט זיך געוואָלט עמעצן שלאָגן ביז בלוט; דערנאָך בין איך מיד געוואָרן און כ׳האָב זיך פּלוצלינג פאַרבענקט נאָך מיין מאַמען...

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אַ קלײנער, װײנענדיקער יתום אויף אַ פרעמדער שװעל, װאָס פרעמדע װײבער גיבן אים צו עסן...

דערנאָך האָבן געברענט ליכט און מען האָט געזונגען. מיר האָט זיך אויסגעװיזן, אַז איך בין געשטאָרבן, און מיט אַ מאָל האָט מיר עמעצער צוגעפירט קלאַראַן, זי איז געװען אין װײסן, און אַזוי שײן... נאָר כ׳האָב מינוטנװײז פאַרגעסן, װער זי איז, װי דורך אַ נעפל האָב איך זי געזען.

איר שװעסטער האָט מיך אַרומגענומען צום קושן, און כ׳האָב דערבײ באַקומען אַ שטאָך פון אַ שפּילקע אויף איר בוזעם. דער קלײנער שטאָך האָט מאָדנע װײ געטון, און מיך אָנגעפולט מיט אַ מאָדנער ביטערניש. מיר האָט זיך געװאָלט, איר אַ זעץ טון.

עטלעכע מײדלעך האָבן געטאַנצט. אײנע איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

– איר זעט הײנט אויס אינטערעסאַנט...

זי האָט מיר פלוצלינג זײער געפעלן. איך האָב געענטפערט:

– קאָן איך אײך אָפּפירן אַהײם?

זי איז פלוצלינג רויט געװאָרן און אין כעס געענטפערט:

– איר דאַרפט זיך שעמען...

דערנאָך בין איך געשלאָפן מיט קלאַראַן אין אײן צימער. די לבנה האָט אַרײנגעשײנט דורכן פענסטער, אין אַ צװײטן צימער האָט עמעצער געהוסט, און איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן.

איך האָב געקוקט אויף די בלויע, ליכטיקע פלעקן, װאָס האָבן זיך פאַרן פאָרהאַנג דורכגעריסן, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ כישוף האָט מיך ערגעץ פאַרפירט...

פלוצלינג האָב איך אויף דער פאָדלאָגע, אין דער בלויער ליכטיקײט פון דער לבנה, דערזען אַ טונקעלן פלעק, װאָס האָט זיך אַרומגעגליטשט, װי אַ שטיקל גרויע, װײכע פינסטערניש מיט אַ לאַנגן דינעם עק. דאָס איז געװען אַ מײזל, און מיך האָט פלוצלינג אָנגעהויבן שרעקן.

איך האָב זיך פיבערהאַפט אויפגעהויבן, און מיט ציטערדיקע הענט גענומען זיך אָנטון, איך האָב פאַמעלעך אָנגעטון די שיך מיטן רעקל, און אַ טריט געטון איבער דער שטוב.

דאַן האָב איך דערהערט קלאַראַס קול:
— ווו גייסטו?...

איר קול האָט מאָדנע ווילד אָפּגעקלונגען אין דער בלויער ליכט.

איך האָב זיך אויף אַ שטול אַראָפּגעלאָזן און געזעסן ביז אינדערפרי...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איצט וווין איך אויף מאַלאַ-אַרנאַיוטסקאַ. ווען איר וועט אַרויפגיין צו מיר אויף די קרומע טרעפּ, וועט איר הערן וויינען אַ קליין קינד פון עטלעכע מאָנאַטן, ווען איר וועט עפענען די טיר פון וואַנען עס הערט זיך דאָס געוויין, וועט איר זיין ביי מיר אין שטוב.

קלאַראַ האַלט דאָס קינד אויף דער האַנט, און רעדט דערצו:

— ווילסט צום טאַטן? נו גיי צום טאַטן, זע נאָר ווי מ'לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פון דיר... ווייסט יאַשאַ, אַז דאָס קינד איז אינגאַנצן ענלעך צו דיר?...

— צו מיר?... — פרעג איך מיט אַ שטימע פון איינעם, וואָס ליידט אויף ציין-ווייטיק.

— יאָ, דו באַמערקסט עס נישט?...

— יאָ, זאָג איך—אַביסל...

און כ'דערמאַן מיך, אַז באַלד וועלן ווידער בליען יד אַקאַציען, און מיר ווילט זיך וואָס גיכער אַוועק פון אַדעס...

# מײַן שכנס טאָכטער

איך ווייס נישט, צי זי איז אַ שיינע; איך ווייס נאָר, אַז אַלץ וואָס זי טוט און אַלץ וואָס זי רעדט איז פון אַ שיינער. זי איז זיך קליין מיט שוואַרצע אויגן און שוואַרצע האָר; באַוועגט זיך „שימידיק" בעריש-גראַציעז, מיט אַ פּויל נאָכוויגן זיך מיט די זייטן. זי האָט אַ טעלעפאָן, נוצט פּאַרפיום „קאָטי פּאַרי" קאָטי פּודער; און טאַנצט אַלע לעצטע טענץ.

אין די גרויסע טעג פון ניי-נאָר און קאַרנאַוואַל, ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַקל פון פאַרשידנפאַרביקן זיידן-שטאָף. דער טעלעפאָן רוט נישט קיין מינוט, און דער סטרוזש לאָזט זי, נאַכט נאָך-נאַכט, אַריין שוין אין טאָג, ווען די שטאָט עפנט אירע גרויע אויגן.

דערנאָך קומען די שטילע טעג. זי לייענט רעגלמעסיק די ביכער. לייענען לייענט זי אַלץ לויט אַ פּאַטאַלן טראַף פונם קאַטאַלאָג-נומער; און ווען עס פאַלט איר אַריין דער ערשטער באַנד פון טאָלסטאָיס „קריג און פרידן", לייענט זי אים דורך און נעמט אַנ'אַנדער נומער, דערביי קומערט זי גאָרנישט, וואָס דאָס ווערק האָט נאָך פיר בענדער. ווען איר פרעגט זי, צי עס געפעלט איר, וועט זי אייך ענטפערן:

— אַ פראַגע? טאָלסטאָיס זאָל נאָך זיין שלעכט? — און צוגעבן:

— אפשר ווייסט איר עפּעס אַ גוט בוך, פאַרשרייבט מיר...

מען זאָגט: ראָבינדראַנאַט-טאַגאָרע איז גוט... ווי הייסט עס?...

אין אירע אויגן ליגט דאַמאָלס אַ טיפער ערנסט גלייך זי וואָלט אַ טאָג נישט געקאָנט אָנדעם בוך אָפּלעבן.

אַלע יונגעלייט, מיט וועלכע זי באַגעגנט זיך און וועלכע באַגעגנען זיך מיט איר, ווערן ביי איר צעטיילט אונטער צוויי נעמען; איין טייל ווערט אָנגערופן: „טען פאַן", אַ צווייטע טייל: „אידיאָטאַ".

נעכטן איז זי געווען אין טעאַטר.

— מיט וועמען?

— מיט איינעם, אַ „פאַן".

אין קינאָ איז זי געוועזן מיט עפּעס אַ „אידיאָטאַ".

די קוואַליפיצירונג אויף אידיאָטאַ און פאַן איז נישט קיין גאַנץ געוויינלעכע. אונטער איר ליגט אַ גאַנצע וועלטאַנשויונג. צום ביישפּיל: „פאַן": דאָס איז אַ יונגערמאַן, וואָס איז פאַר אַלעם זייער עלעגאַנט אָנגעטון; פון הויכער וווקס, טאַנצט, פאָרט אין דאַנציק, איז געווען און „צאָפּאָט" און שטעלט „אַניטאָס". „אידיאָטאַ", דאָס איז אַ ביסל אַן׳אָפּגעלאָזטער בחור, מיט אַ ביסל סענטימענטאַליטעט, וואָס רעדט ליטעראַריש, סטראַשעט, אַז ער וועט זיך אַמאָל נעמען דאָס לעבן, קוועטשט שטאַרק די האַנט, באַקלאָגט זיך אויף פּרויען; און איז פאַרליבט.

אָט, מיט אַזאַ מין „אידיאָטאַ" גייט מען אין קינאָ אין נישט-איינגעגעבענע אָוונטן, מער קאָן מען פון אים נישט דערוואַרטן. אין פינסטערן קינאָ-זאַל, איז זי מקריב אַ קאַלטע, גלייכגילטיקע האַנט צום קוועטשן, קוקט אויף די שיינע געפּוצטע יינגלעך פונם עקראַן, און קלערט וועגן פאַרשרייבן זיך אין אַ קינאָ-סטודיע.

„טען פאַן" — אונטער דעם באַגריף ליגן שוין באַהאַלטן אַלע טרוימען און פאַנטאַזיעס פון מיין שכנס טאָכטער. די אַלע „פאַנעס" מיט וועלכע מען טרעפט זי אין די הויפּט — גאַסן פון וואַרשע; ווען מען זאָל זי אַזוי אַ פרעג טון: ווער איז דאָס דער, מיט וועלכן זי האָט שפּאַצירט נעכטן?

— טען פאַן? דאָס איז איינער... זייער אַ רייכער, אַ אינטעליגענטער... אַליין איז ער אַ הישפּאַניער... מ׳הערט ווי ס׳קאָכט

אין אים דאָס בלוט... ביי וואָס עפּעס... כאַפּט ער אַרויס דעם שטילעט... זייער אַ אינטערעסאַנטער... „וואָגולע" האָט ער אַ סך איבערגעלעבט...

עפּעס ווייסט זי אַ זאַ מענטש דאַרף זיין אַ אינטערע־סאַנטער; און אַ סך איבערלעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער שפּאַניער איז אַ ייד פון דער פראַנציסקאַנער גאַס, וואָס האָט אַ שוואָגער אין אַרגענטינע.

אָבער דאָס מאַכט נישט אויס.

*

ווען מיין שכנס טאָכטער איז אומעטיק און בענקט איז אַ סימן, אַז ס'איז בייטאָג. אַז זי איז נאָך שטאַרק נישט אָנגעטון, אַז אין דעם גרויסן אַלטמאָדישן מיטלצימער זיצן אַ סך יידן, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס צווישן זיי דער טאַטע, מיט דער יאַרמאָלקע אויפן קאָפּ, און מען רעכנט זיך, מען ציילט געלט; און מען שרייט אויף אַ ראַציגן לשון מיט אַ גמרא־ניגן, וואָס איז שווער צו פאַרשטיין.

און מיין שכנס טאָכטער ווייסט נאָך נישט, וווהין זי וועט אין אָוונט גיין.

עס וואָלט שוין רעכט געווען, עס זאָל אָנקלינגען דער „אידיאָטאַ" און זי נעמען כאָטש אין אַ קינאָ.

נאָר מיט אַמאָל קלינגט דער טעלעפאָן, און דער טאַטע נעמט דאָס טרייבל:

— האַלאָ... יאָ... טאַק! וועמען דאַרפט איר? האַ?... פּאַנאַ יאַנינאַ?... ניין, „ניעמאַ"... ס'איז נישטאָ אַזעלכע... אַ טעות...

מיין שכנס טאָכטער שרייט מיט טרערן אין די אויגן:

— טאַטע... טאַטע... דאָס בין איך דאָך... יאַנינע דאָס בין איך... האַלאָ... ווער רעדט?...

אָבער קיינער ענטפערט שוין נישט...

אַך, דער טאַטע... דער ווילדער טאַטע מיט דער יאַרמאָלקע ווייסט נישט, ווי זיין אייגענע טאָכטער הייסט... ער ווייסט גאָר נישט, אַז זיין טאָכטער הייסט שוין אַזוי לאַנג: פּאַנאַ יאַנינאַ.

*

מיין שכנס טאָכטער בענקט. פון אירע אויגן פליסן אַראָ־

לאַנגזאַמע טרערן צוזאַמען מיט דער נעבעטיקער שמינקע. ווער ווייסט, ווער דאָס איז געווען. ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז טאַקע געווען דער פאַן וואָס האָט איר צוגעזאָגט זי צו באַקענען מיט דעם אַרטיסט וועגנזשין, גאָט מיינער, גאָט מיינער, און די יידן לאַכן נאָך, די יידן, מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס.

פאַר וואָס, פאַר וואָס קומט איר, צו געהערן צו אַזאַ פאָלק, וווּ מען טאָר אַפילו „יאַנינאַ" נישט הייסן?!

# „דער ווילן פֿון פֿאָלק"

ס'איז שוין אַנדערהאַלבן וואָכן נישט געווען קיין ברויט. אַרום דער שטאָט זענען זאַטע, פֿול מיט ברויט אָנגעפֿולטע דערפֿער געלעגן, נאָר די שטאָט האָט קיין ברויט נישט באַקומען. די וועגן אַרום דער שטאָט זענען פּוסטע געווען, קיין פּויעריש פֿירל האָט זיך נישט געוואָלט באַווייזן, דער פּויער האָט זיך באַליידיקט אויף דער שטאָט און קיין ברויט נישט געוואָלט געבן. ביי צופֿעליקע טירן פֿון געוועלבער, וווּ ס'איז אַמאָל אַ בעקעריי געווען, האָבן זיך מענטשן אויסגעשטעלט אין די טויזנטער און געוואַרט ; אפשר וועט זיין ברויט. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געגעסן משונה'דיקע עסנוואַרגן, ווי באָקס, פֿייגן, מאַרמאָלאַד אָדער ניס, דאָס האָבן געגעסן די וועלכע האָבן געקאָנט דערצו דערגרייכן, די אָרעמע שטאָט-טייל האָט שוין געהאַלטן ביי שאָלעכץ פֿון קאַרטאָפֿל.

האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן צען בעפֿעלן אַ טאָג, אַז מען זאָל באַקן ברויט, ווי אַזוי מען זאָל באַקן ברויט. דערנאָך אַז מען זאָל אינגאַנצן נישט באַקן קיין ברויט. נאָר דאָס האָט אַלץ קיין ברויט נישט געגעבן, האָט זיך באַוויזן אַ בעפֿעל, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין לאַנד איז שוין פֿיר יאָר פֿאַרווערט דער בראָנפֿן געטראַנק, וועט מען אַרויסגעבן יעדן איינוווינער אַ באַשטימטע מאָס בראָנפֿן, כּדי „אויפֿצושטעלן די כּחות פֿונם פֿאָלק".

אין די אונטערגעסלעך האָט זיך באַוויזן אַנ'עלטערער מענטש, אַ באָרוועסער, מיט אַ רויט צעריסן העמדל, ער האָט זיך די הענט געריבן און צוגעטאַנצט אויפֿן באָרוועסן פֿוס:

„וואָס בודיעט זשיזן", אָט וועט זיין אַ לעבן, „וואָדאָטשקו דאַדוט" — בראָנפן וועט מען געבן, אונזער אַלטן, גוטן, טייערן בראָנפן, אָט האָט זיך דאָס פאָלק דערוואַרט... געוונג האָט מען אונזער בלוט געטרונקען, וועט דאָס כאָטש אַביסל אונזער האַרץ דערפרייען...

טרערן זענען געפלאָסן פון זיינע אויגן. ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיינעם אַ חבר מיט אַ בלאָנדע פאַרפאַפטע באָרד, אויך אַ באָרוועסער, נאָר אין גאַנצן אָן אַ העמד:

— קום זיך קושן, חבר. — ווי לאַנג האָבן מיר שוין נישט אָט אַזוי אַריינגעגאָסן, זינט דער פאַרשאָלטענער מלחמה... אָ, האָספאָדי...

אַנ'אַלטע פרוי, אָנגעטון אין שמאַטעס מיט גרינע אויגן פון אַ סאָווע, האָט געטאַנצט אַרום קיילעכיק:

— דערמאַנט האָט מען זיך אין אונז אָרעמע... געמאַטערט האָט מען אונז, און פרעג פאַרוואָס? איצט האָבן זיי אַליין פאַרשטאַנען, אַז ס'איז גענוג צו זינדיקן קעגן גאָט, די היילקע האָבן זיך פאַר אונז איינגעשטעלט...

און איינער אַ הויכער, אַ שרעקלעכער ריז, מיט שרעקלעך לאַנגע הענט, האָט זיך צוגעהאַלטן די קורצע הויזן און געדונערט מיט אַ מוראדיקן באַס:

— העי, בראָנפן וועט מען געבן, מאָרגן גיט מען בראָנפן, מ'האָט שוין פאַרשריבן, „פראַווילנאַ" און אַ בלאָנדער, קליינער „דוואָרניק" מיט ברייטע הויזן און ווייכע, בלויע אויגן האָט צוגעגעבן:

— „סלאַווא באָהו, סלאַווא באָהו"...

*

פאַרטאָג, די הערבסטיקע שווערע נאַכט-שווערקייט איז נאָך געלעגן אין די ווינקלען פון די גאַסן, זענען שוין טויזנטער גרויע פלעקן געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי די פונקטן, ווו מ'האָט באַשטימט דעם בראָנפן צו פערטיילן, ווי מוראַשקעס האָבן זיי זיך געשיט פון דער אונטערשטאָט, פון אַלע עקן האָט געווימלט. מיט פאַרקלעפטע אויגן, האַלב נאַקעטע מיט שטיקער

גרין, נאַקעט לײַב פון קעלט אין דאַרקייט, האָבן זיי זיך געטראָגן אַהער און זיך געשטעלט אין די רייען.

אַ גרויע שלאַנג פון מענטשן האָט זיך אויסגעצויגן אויף עטלעכע גאַסן די לענג. צום אָנהויבן אַרויסגעבן איז נאָך געווען ווייט, מ׳האָט גערעדט, אַז ערשט צען אַ זייגער וועט זיך דאָס אַרויסגעבן אָנהויבן; איז מען אַזוי עטלעכע שעה אָפּגעשטאַנען, ס׳איז געווען שטיל און גרוי אַרום, דערנאָך האָט זיך דערהערט דער ערשטער קרעכץ:

— אָ, גאָט, צי איז דאָס נישט מער ווי אַ צוזאָג?... מען וועט נישט, מען הערט נישט... דאָס האָט אַן׳אַלטע פרוי מיט קראַנקע אַרויסגעזעצטע אויגן געקרעכצט.

אַ צווייטע האָט געענטפערט:

— אַ, פיל האָט מען אונז שוין אָפּגענאַרט... מיינער ליגט שוין אַ יאָר אין אַ ווינקעלע... נישט לאַנג וועט ער שוין אָנציען, עסן עסט ער נישט... קיין ברויט פרעגט ער נישט... נאָר דער טרונק, זאָגט ער, וואָלט אים געזונט געמאַכט.

האָט ער דערהערט, אַז מען וועט געבן... ליגט ער דאָרט און וואַרט; גיי, זאָגט ער, ברענג מיר... וועל איך געזונט ווערן...

— איך האָב פיינט צו רעדן פריער... איך בין נישט קיין „באַבע", מען זאָגט, מען וועט געבן, וואַרט! זאָג נישט פריער „האָפּ" ביז וועסט נישט אַריבערשפּרינגען... „טיערפּי קאָזאַק"... אַזוי לאַנג געוואַרט. — נאָך אַ שעה — נאָר טאָמער גיט מען נישט? אָ...

— מען וועט געבן... מען וועט געבן... מיין האַרץ פילט, אַז מען וועט געבן... אַ גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן אין פּאַרק... נישט געשלאָפן... געוואַרט אָט וועט טאָג ווערן... דאָס איז געווען אַ יונגער באָרוועסער יונג מיט אַ ווייס פּנים פון אַ טויטן און רויטע האַרטע האָר, ווי פּערזשאַווערט דראָט. איינער אַן׳אַלטער שוואַכער מענטש, מיט אַן׳אַלט זעלנעריש היטל האָט געקרעכצט:

— אָט זעגען צייטן אָנגעקומען... אַמאָל... פאַר דער פאַר-שאָלטענער מלחמה... האָסט געוואָלט אויסטרינקען, אַבי ס׳איז נאָר געווען געלט — „פּאָזשאַלויסטאַ" אויף יעדער טריט... היינט... אָט האָב איך טויזנט רובל אין דער האַנט און שטיי דאָ ווי

אַ הונט... אַמאָל... מיין זיידע האָט אויף זיין לעבן קיין טויזנט רובל נישט געזען... אָ, גאָט מיין איינציקער...

און איבער דער גאַנצער לענג פון דעם מענטשן־שלאַנג האָט זיך דורכגעטראָגן אַ קרעכץ, אַ טויזנט־פאַכיקער אַקאָרד, ווי אַ גאַנץ פאָלק וואָלט אַ וואָיע געטון. עפּעס נישט מענטשלעכעס, הינטישעס איז געלעגן אין דעם קרעכץ.

דער טאָג איז געווען גרוי, ס׳האָט לאַנגזאַם געזאַלצן אַ רעגן, און דאָס פאָלק האָט געוואַרט...

# פּאָדאָליען

מיין פורמאַן איז אַליין אַ היגער: און ווען די פערד הויבן אָן טאַפּן אָן די ברעטלעך פון דער בריק, וואָס פירט אין שטעטל אַריין, זאָגט ער: „אָט זענען מיר שוין אין דער היים". ער איז איינער פון די פּאַרטויבטע, שווער־אויסגעוואַקסענע מענטשן, וואָס האָבן צו טון מיט פערד; זיין רעדן איז קורץ, אָפּגעהאַקט און אומצוטרויליך, מענטשן טיילט ער אויף פורמאַנעס און פּאַסאַזשירן. אין משך פון עטלעכע שעה, וואָס מיר זענען געפאָרן, איז ער די גאַנצע צייט געזעסן מיט זיינעם אַ מיט־העלפער, אַ יינגל פון אַ יאָר זעכצן, אַ באָרוועסער, מיט שטאַרק־הונגעריקע אויגן.

גערעדט האָבן זיי דערפון, וואָס איינער אַ ייד, „מאָטל דער רויטער", האָט געקויפט אַ פערד, איז דאָס פערד געווען אויסגעהונגערט, האָט מען דאָס פערד גערדאַרפט אָנעסן, האָט מען דאָס פערד אָנגעגעסן, איז עס געוואָרן אַ גוט פערד.

דערנאָך האָט ער זיך גענומען זינגען אַ לידל פון עפּעס אַ פורים־שפּיל; וועגן דעם, וואָס ושתּי איז געווען אַ נאַר און המן איז געווען אַ רשע, דערנאָך הענגט מען המנען מיט אַלע זין. נאָר ווען ס'קומט צו ושתּין, טענהט ער, אַז ער איז גאָרנישט שולדיק, אין די לעצטע ווערטער, דאָרט, ווי ושתּי פאַרענטפערט זיך לייגט ער אַריין אַ באַזונדערן אַקצענט, אין וועלכן עס הערט זיך אַביסל נקמה, אַביסל קאָמיזם און מיט־געפיל...

ווען די צוויי לייט האָבן אָפּגעשוויגן אַ פּאָר שעה, האָט מען ווידער באַנייט דאָס געשפּרעך. און ווידער האָט זיך אָנגע-הויבן דערפון, וואָס דער ייד „מאָטל דער רויטער" האָט געקויפט אַ פערד, איז עס געווען אַ אויסגעהונגערט פערד, האָט מען עס אָנגעפרעסן, איז עס געוואָרן אַ גוט פערד.

*

מיר הויבן זיך באַרג אַרויף, ווי מיר וואָלטן זיך צום שטילן, אויסגעשטערנטן הימל געצויגן. ס'איז אַ ליבער פרי-לינגס-אָוונט. דער קילער, שמעקעדיקער אָטעם פון די יונגע, זאַפטיגע פעלדער אַרום, וועהט אויף מיר. ווי אַ שלענגלדיקער פאָדים לויפט דער וועג, באַוואַכט פון לויפנדיקע, טונקעלע טעלעגראַף-דרענגער. ביסלעכווייז לאָזט זיך פילן דער היימישער, געשמאַקער ריח, וואָס כאַפּט אַרום, ווען מען פאָרט אַריין פון פרייען פעלד אין אַ מענטשלעכן ישוב. דאָס איז אַ וואַרעמער, פריילעכער ריח, וואָס דערמאָנט אָן פריש-געבאַקן ברויט, פרישע, וואַרעמע מילך-שעפלעך און ליבע, פשוטע מענטשן.

מיר לאָזן זיך אַראָפּ פון באַרג און שניידן זיך אַריין אין אַ שטעטל, וואָס ליגט באַהאַלטן אין די אומענדלעכע ווייטקייטן פון דער נאַכט. עס פלעמלען אויף פענסטערלעך, און טירן עפענען זיך לאַנגזאַם, עס דאַכט זיך, אַז יעדע טיר איז אַ היים.

— נו, גייט אַריין! — ווייזט מיר דער פורמאַן אָן אויף אַ טיר. — די שטוב וועט אייך געפעלן. איך ווייס שוין, ווי אַ פאַרשוין אָפּצושטעלן...

עטלעכע פשוט-שמייכלדיקע פנימער האָבן מיך אין פינסטערן פאָדערהויז באַגעגנט און אין שטוב אַריינ-געפירט.

— פירט דעם הער אין שטוב אַריין! — האָט געזאָגט די בעל-הביתטע, אַ באַיאָרטע יידענע מיט אַ שיין געזיכט, און וווּנדערלעך-קלוגע און דורכדרינגלעכע אויגן. זי האָט פאַרשאַרט די עטלעכע גרויע האָר אונטערן פאַרוק און אַ קוק געטון אויף

מיר, ווי זי וואָלט מיך מיטאַמאָל געוואָלט אָפּשאַצן, דאָס איז געווען אַ וווּנדערלעכער בליק. איך האָב זיך דערפילט ווי דורכגעלויכטן. ביי דער זייט זענען געשטאַנען צוויי ייִנגלעך, איינער פון אַ יאָר זעכצען, דער אַנדערער פון אַ יאָר אַכצן. די מוטער האָט זיך געווענדט צו זיי:

— פירט זיי אַריין אין אַלקיר, זאָלן זיי זיך אָפּרוען.

— כ׳בין נישט מיד... — האָב איך געזאָגט.

איך האָב זיך דערפילט מאָדנע לייכט אויף דער וואָג, נעבן דער פּשוט-ליכטיקער ייִדענע. מיר האָט זיך געוואָלט הערן איר קאַלטלעכע, צוזאַמען דערמיט נאָנטע און זיכערע שטים.

— נו, זייט זשע ווי איר ווילט, מען וועט אייך געבן טיי און עפּעס צוצובייסן. — זי האָט עס געזאָגט מיט אַ שמייכל, ווי איר וואָלט געפעלן, וואָס איך בין נישט מיד. דערביי האָט זי צוגעגעבן:

— ביי אונדז איז נישט קיין איינפאָר-הויז, נאָר דער בעל-עגלה ווייסט שוין, ווען עס קומט אַראָפּ אַ מענטש, ברענגט ער אים צו אונדז; דאָס איז שוין פון אייביק אָן אַזוי... מילא דער רבונו של עולם פאַרלאָזט נישט, ס׳זעט זיך, חלילה נישט שטאַרק אָן אַ מענטש אין שטוב... נו, אַ גוטע נאַכט, איך גיי... — זי האָט זיך אומגעקערט:

— אפשר ווילט איר אייך וואַשן? די קינדער וועלן אייך וויַיזן. — זי האָט פּלוצלינג געפרעגט די ייִנגלעך:

— וווּ זענען די מיידלעך?

מיר איז וואַרעמער געוואָרן דערפון, וואָס דאָ איז נישט קיין גאַסט-הויז, און ביי מיר אין מוח זענען געבליבן שטעקן אירע לעצטע ווערטער וועגן די מיידלעך.

דאָס צימער איז געווען באַלויכטן פון אַ בליך-לאָמפּ. פון דעם אַלטן, וואַרעמען מעבל האָבן זיך אויף די ווענט צעלייגט היימישע שאָטנס. צוויי שטילע, זיכער-בעל-הבתישע שענק זענען געשטאַנען אין די ווינקלען, קעגנאיבער אַ גרויסע פּוליצע מיט ספרים. אויף דער וואַנט אַ חנוכה-לאָמפּ מיט לייבן

און אַ גרויסער, אַלטמאָדישער קאָמאָד מיט אַלטמאָדיש גלאָז־וואַרג; אין מיטן — אַ גרויסע מעשענע מנורה.

איך בין געזעסן ביים טיש, און די צוויי יינגלעך האָבן מיך אויסגעפרעגט מיט דער היימישקייט פון יונגע, פּראָווינצער קינדער, וואָס רעדן, ווי דערוואַקסענע.

זיי האָבן גערעדט וועגן פאָרן זיך לערנען, וועגן דעם, אַז יידן דאַרפן האָבן אַנ׳אייגן לאַנד. דער עלטערער האָט זיך באַמיט צו באַנוצן וואָס. מער פיינע ווערטער אין זיין שפּראַך. ער האָט זיך געקלאָגט דערויף, וואָס אין שטעטל זענען נישטאָ קיין אינטעליגענטע מענטשן, און זיינע שוואַרצע לעבנס־לוסטיגע אויגן האָבן געברענט קעגן דעם לאָמפּ, ווי צוויי ברילאַנטן; פון זיי האָט אַרויסגעשטראַלט די בענקשאַפט פון אַ פּשוט, געזונט־קלאַפּיק האַרץ צו דער גרויסער, ווייטער וועלט, פון וועלכער ער האָט געהאַט אַ ליכטיקע פאָרשטעלונג. אַזוי פיל יוגנט און געזונט האָט געשטורמט אין זיינע יונגע, שטייפע גלידער. ס׳איז געווען אַזוי ליב צו הערן זיינע באַקלאָגונגען. איך האָב אָנגענומען די יינגלעך פאַר די הענט, און מיר האָט זיך פּלוצלינג געוואָלט זיי פאַרשווערן, פאַרוואָרענען, אַז זיי זאָלן נישט פאַרלאָזן אָט די אייביקע רויקע, פרידלעכע שטוב. פון דער פּולקע האָבן אַראָפּגעבליקט די אַלטע רויק־ערנסטע ספרים, אויף זייערע אַלטע, געפּלאַצטע רוקנס האָט אַרומגעפּלאַטערט ווי אַ קלוגער שמייכל: פאַרלאָזט נישט די אַלטע, גוטע שטוב...

די יינגלעך האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַנטציקונג און פאַרוווּנדערונג. ביי דעם עלטערן האָבן די באַקן אויפגעפלאַמט. ער האָט געוואָלט מיט מיר וועגן עפּעס רעדן; פון וועלכן ער האָט נאָך זעט אויס, מיט קיינעם קיינמאָל נישט גערעדט. ער איז נאָך רויטער געוואָרן און צום סוף געזאָגט:

— דאָ איז דען אונזער היים?...

איך האָב אים פאַרשטאַנען, און זיינע אויגן האָבן אויס־געדריקט דאַנקבאַרקייט דערפאַר.

— איך מיין אונזער היים, דאָרט... ציון... איר פאַר־שטייט ?... — האָט ער צוגעגעבן אין צעטראָגנקייט.

*

איך האָב דערהערט שטימען פון הינטער דער טיר. די טיר האָט זיך געעפנט און אויף דער שוועל האָבן זיך באַוויזן צוויי מיידלעך מיט אַ יונגנמאַן. ביידע מיידלעך זענען אַלץ איינס אין ווייסע, בעל־הבתּישע בלוזקעלעך געווען געקליידט. פיר שוואַרצע אויגן האָבן זיך אויף מיר אָפּגעשטעלט. איך האָב באַלד אין זיי דערקענט די צוויי טעכטער, וואָס זענען אַזוי ענלעך געווען צו דער מוטער, מיטן שטאָלץ־בעל־הבתּישן בליק; איך האָב נישט געוווסט, ווי אַזוי מיט זיי זיך צו באַ־קענען, נאָר די ברידערלעך האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן.

— דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אונז. — האָט דער עלטערער געזאָגט און דער ייִנגערער האָט צוגעגעבן:

— דאָס זענען מיינע שוועסטערן!

די מיידלעך האָבן זיך פּראָווינציש־איידל אַ נויג געטון און צוגעגעבן אויף רוסיש:

— אָטשען פּריאַטנאָ!

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרגעשטעלט מיט אַ באַזונדער פרייקייט פון האַלטן זיך, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט ווייזן, אַז אַ שטאָט מענטש איז פאַר אים נישט קיין נייעס. עטלעכע מינוט איז געווען נישט באַקוועם שטיל. דערנאָך האָט ער גענומען אויספרעגן פון וואַנען און צוליב וואָס איך בין געקומען. ער האָט זיך גענומען חוזק מאַכן פון דעם קליינעם אָרט.

איינע פון די מיידלעך, גראָד די ייִנגערע, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ קורסיסטקע, וואָס האָט שוין געלעבט אין אַ גרויסער שטאָט. נאָר איך האָב מיך גראָד אָפּגעשטעלט אויף דער עלטערער, וועלכע האָט פונם ערשטן אויגנבליק אָן, אַנ'אָטעם געטון אויף מיר מיט אַ פרישן שטראָם. פון איר האָט זיך גע־טראָגן אַ ליבער, פרישער, כּשר'ער ריח, פון אַ געבענטשטער טאָכטער. זי האָט געאָטעמט מיט אַזוי פיל רויקייט, גלייך אירע רונדע, פולע, קרעפטיקע אַקסלען וואָלטן אַ שטיל, קלאָר,

פאַרטאָגיק טייכל געווען. זי האָט געשוויגן, נאָר אין איר שווייגן איז געלעגן אַ טיפע בענקשאַפט צו גליק און יונגע מענטשלעכע פריידן.

איך האָב פלוצלינג דערפילט, אַז נאָר אין איר רויקן, ריטמישן געזונט ליגט פאַרזייעט דער קערן פון אַזאַ שטוב, און מיר האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרוואָלט אַוועקלייגן מיין גאַנץ לעבן, מיין גאַנצע וועלט אין אירע מעכטיקע הענט. נאָר דער יונגערמאַן האָט מיך נישט געלאָזט צונויפנעמען מיינע געדאַנקען. ער איז, זעט אויס, געווען פאַרליבט אין דער יינגערער שוועסטער און האָט מיך געוואָלט אויסנוצן אַלס פאַרטנער, אום אַרויסצו־ווייזן זיין ווילקענערשאַפט פאַר דעם מיידל.

ער האָט געהאַט די טבע צו זאָגן ווערטלעך און אַליין אַ הנאה צו האָבן פון זיי. ער איז געווען אַ משרת אין דער מיל ביי דעם בעל-הבית פון דער שטוב, אַן׳אויסגעפוצט בחורל, וואָס קאָן שרייבן אַ רעכנונג, רייטן אויף אַ פערד, דעקלאַמירן, שרייבן ליבע בריוולעך און „לאָזן" אַ מיל... ער האָט געקאָנט גוט נאָכמאַכן שטעטלשע חתונות, אויף וועלכע מען האָט אים פאַרבעטן, ווייל ער האָט געקאָנט פירן אַ „לויפנדע פאָסט" און דעקלאַמירן ביאַליקס שירים אין העברעאיש.

די יינגערע שוועסטער, וואָס איז געווען אויף קורסן אין דער גרויסער שטאָט, האָט זיך אַלץ באַקלאָגט, אַז זי קאָן דאָ נישט זיין. דאָרט האָט זי געוווינט אין אַ באַזונדער צימערל „סאַ־מאָסטאָיאַטעלנע"; ס׳פלעגן קומען אינטערעסאַנטע מענטשן, סטודענטן און קורסיסטקעס. ביי יעדן מאָל וואָס זי האָט דערמאָנט אַ באַקאַנטן סטודענט, האָט דער יונגערמאַן אויף איר אַ קוק געטון מיט פאָרוווּרף און געבעט. באַלד דערויף האָט ער אָנגעהויבן דערציילן, אַז עס זענען דאָ בחורים, וואָס טראָגן נאָר דאָס בלויע היטל און קאָנען אַ סך ווייניקער פון פשוטע יונגע לייט. ער וואָלט אַליין אויך געקאָנט אַ סך „אויספּעיען", ער האָט נאָך אַלע ביכער פון דער צייט, ווען ער האָט זיך געגרייט צו די עקזאַמענס, נאָר ער האָט געזען, אַז ס׳איז נישט קיין פלאַן, עס נעמט נאָר אַרויס דאָס געזונט פון די ביינער. דערביי האָבן זיינע אויגן געברענט מיט שנאה צו יענע ווייטע יונגע לייט

אין די סטודענטישע היטלען, ווי שטייט דאָס געשריבן, אַז אַלע דאַרפן זיין דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן? וואָס וועט מען טון, ווען מען וועט דאַרפן אַ סוחר אָדער אַ מילנער?...

דאָס מיידל האָט געקוקט מיט פאַרבענקטע אויגן אין איין ווינקל, גלייך ווי דאָרט וואָלט געווען די שטאָט מיט די אינטערעסאַנטע מענטשן. מיך האָט גערירט דאָס מיידל, איך האָב געפילט, אַז נישט די סטודענטן מיט די קורסן האָבן זי באַטריבט. ס'קאָן זיין, אַז אין לאַנגע, אומעטיגע אָוונטן, אין דעם פרעמדן, ענגן צימערל איז זי מיטן ביכל אין דער האַנט אויף איר פרעמדן בעטל געזעסן און געבענקט נאָך דער מאַמעס זאַטער שטוב, נאָך דער ברייטער, מילדער בעל-הבתישקייט. איך האָב דערפילט אַ מאָדנע באַפרידיגונג דערפון, וואָס דאָס מיידל איז צוריקגעקומען אַ היים.

ווי אָרעם זעט אויס דאָס ביסל קאַרגע בילדונג פון די קורסן אין פערגלייך מיט דער גרויסער, געזונטער, רויקער אייביקייט פון דער שטוב. איך האָב שטיל באַמערקט איר פנים, וואָס איז שוין אַביסל פאַרטרוקנט געוואָרן פון נוצן פודער. אירע עטלעכע צוגעטראַכטע באַוועגונגען האָבן נישט האַרמאָנירט מיט דער איינגעבוירענער פשוטקייט, וואָס איז געלעגן אין די שטריכן פון אַרום איר נאָז און ליפּן. איך האָב דערציילט וועגן מיידלעך, וואָס האָבן געענדיקט קורסן, מיט גראָבע לער-ביכער אויף אויסווייניג, אַלעס וואָס זיי פאַרמאָגן איצט איז אַ קליין שילדל פון אַ צאָן-היילערין אָדער אַקושערקע. זייער פרישקייט, זייער יוגנט האָבן זיי דאַרויף אויסגעטוישט, אָבער קיינער קוקט זיך נישט אום דערויף. אפילו ביי דעם שטאַרקסטן צאָן-ווייטאָג קוקט מען זיך מער אום, אויף די יונגע מיידלעך, וואָס קאָנען קיין צאָן-ווייטאָג נישט היילן...

דער יונגערמאַן האָט אויף מיר געקוקט מיט לייכטנדע אויגן פון דאַנקבאַרקייט, דאָס מיידל האָט זיך אָנגעצונדן. זי איז רויט געוואָרן און מיט אַ צוריקגעהאַלטענער שטים געזאָגט:

— איז אייער מיינונג, אַז אַ פרוי איז געשאַפן נאָר צו זיין אַ בעל-הבת'טע... און... צו האָבן קינדער.

דערבײַ איז זי נאָך רויטער געוואָרן. ס'איז איר זעט אויס, געווען זײַער שווער דאָס אַרויסצוזאָגן, זי איז באַלד דערנאָך שטיל און אומעטיק געוואָרן. זי האָט שוין מער נישט גערעדט וועגן דער שטאָט און וועגן די קורסן. זי האָט נאָר געוואָלט דערציילן פון אַ בענקשאַפט, אַ אומבאַפרידיקטקייט, וואָס דריקט זי... ס'איז נישטאָ קיין שענער, שטאַרקער מענטש... וועלכן מ'זאָל קאָנען ליב האָבן מיט דער גאַנצער נשמה... אין יידישן לעבן איז אָפּגעשטאָרבן די ליבע... ס'איז נישטאָ דאָס שטורמישע, דאָס אומזיניקע פון דער יוגנט... די גרויטע ליבע איז אויסגעטוישט אויף קליינע ליבעלעך... אַנטציקונגען... און געלט-שידוכים...

איך האָב אַ קוק געטון אויף דער עלטערער. אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. ווי האָבן איצט אירע אויגן געלויכטן... וויפיל אַנטציקונג האָט געלויכטן אין איר בליק, אַז עפּעס האָט אָנגעהויבן זינגען אין מיר און אַליין קוים הערנדיק וואָס איך רעד האָב איך דערציילן אָנגעהויבן: פון אַ מיידל, וואָס איז געוואַקסן שטיל און פרום, און שיין אין איר מאַמעס שטילן הויז. ווי אַ זון-פלעק האָט זי אַרומגעצאַפּלט אין איר ווייס ווינקעלע, און איר קליין הערצל איז איבערפולט געווען פון אַ וווּנדערלעכע בענקשאַפט אין די ליכטיקע זומער-נעכט...

אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן איבערן טיש מיט צוגעבויגענע קעפּ צו מיר. איך האָב געהערט ווי זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט פאַר מיר.

...די בענקשאַפט אינם מיידלשן האַרץ איז געוואַקסן, גרעסער און גרעסער געוואָרן פאַרן מיידלשן האַרץ און צעגאַנגען זיך ביז ראָזע שפּיצפינגערלעך פון אירע הענטעלעך... דאַמאָלס האָט זי בלומען אין גאָרטן געריסן, צו די ליפּן זיי געדריקט און מיטן הייסן אָטעם זיי פאַרברענט... דאָס מיידל איז קראַנק געוואָרן, און די קרענק איז די גרויסע ליבע געווען... איז דאָס מיידל צו דער מוטער מיט טרערן געגאַנגען: „מאַמע... איך וויל גיין מײַן גליק זוכן"... האָט איר די מוטער געענטפערט: „קינד מײַנס... גליק זוכן גייט מען נישט... גליק קומט... ווען

עס איז באַשערט..." און די מוטער האָט איר די טרערן אויסגעווישט און געענטפערט: „וואַרטן איז אויך גליק"...

...וואַרטן איז אויך גליק... ווער ווייסט דאָס זיסע האַרץ-קלאַפּן, ווען די מאַמע סודעט זיך מיטן שדכן אין אַלקער...

— דערציילט ווייטער וועגן יענעם מיידל, וואָס האָט געבענקט... — האָט די עלטערע געבעטן. נאָר אין דער מינוט האָט זיך די מוטער באַוויזן. זי איז שטיל אַריינגעקומען, מיט אַ ברייטן, קלוגן, ליבלעכן שמייכל אונז אַלע אָנגעקוקט:

— קינדערלעך, פאַרגעסט נישט, אַז היינט איז דאָנערשטיק, מען דאַרף זיך שטעלן באַקן, ס'איז שוין שפּעט... — און צו מיר האָט זי זיך געווענדט:

— אונזער גאַסט וועט אפשר לאַכן דערפון, וואָס מיר נעמען שוין צוגרייטן דעם שבת... ביי אונז פירט זיך נאָך ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן. טאָמער ווילט איר נאָך מיט אונז מיטהאַלטן ביז פאַרטאָג, וועט איר פאַרזוכן פריש געבעקס. נו, טעכטערלעך, צו דער אַרבעט!

די עלטערע האָט זיך באַלד אויפגעהויבן מיט אַ לייכטנדיק פּנים, פון וועלכן ס'האָט שוין דער שבת אַראָפּגעבלאַנקט. נאָך איר איז געגאַנגען די יינגערע; זי האָט געזאָגט צו דער מוטער:

— ווייסט, מאַמע, דער גאַסט האַלט נאָכמער פונם שבת, פון אַלע אַלטע זאַכן... אַפילו פון אַ שדכן... זי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, און אַ רויטקייט האָט באַשלאָגן איר פּנים. מיר האָבן אַלע געלאַכט, און די מוטער האָט געענטפערט:

— אַודאי, אַ ייד דאַרף ליב האָבן יידישקייט... אויב ער האָט ליב, זאָל ער בלייבן ביי אונז אויף שבת... וועט ער מאַכן קידוש, אויב ער האָט נאָך נישט פאַרגעסן...

אין האַרץ האָט זיך עפּעס אַ וויג געטון, מיר האָט זיך פּלוצים פאַרוואָלט מאַכן אַ הויכן, שיינעם, זינגנדיקן קידוש...

— כ'האָב נישט פאַרגעסן... האָב איך געזאָגט. אַלע האָבן

געקוקט אויף מיר, נאָר איין בליק איז פאַר מיר, לייכטנדיק ווי אַ שטערן, שטיין געבליבן; דאָס איז געווען אַ קלאָרער, פרומער, לייכטנדיקער בליק, נאָר שוין אַדורכגעוועבטער מיט אַ לייכטער געדריקטקייט, וואָס האָט מיט אַ טיפער וואַרעמקייט אַריינגעפלאָסן צו מיר אין האַרץ —

דאָס איז געווען דער בליק פון מרימן, דער עלטערער טאָכטער...

איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן, און די מידקייט פון וועג האַט זיך, ווי אַ לייכטע, זיסע באַרוישונג אין מיר צעגאָסן. איך בין אין טונקלען, מיטעלן צימער געזעסן ביי דער טיר, פון וואַנען כ'האָב געזען די קיך. דאָרטן זענען די טעכטער מיט דער מוטער ביים באַקן פאַרנומען געווען. זיי האָבן זיך אַלע דריי געפּאָרעט ביים אויוון, וואָס האָט אין דער טיפקייט שטיל געגליט, ווי אַ גיהנם. ס'האָט געשמעקט אַ יום-טובדיקער ריח פון געבעקס, עס האָט זיך געפילט אַ געטלעכע מילדקייט און ברכה. דורכן פענסטער האָט די בלויע, זומערדיקע נאַכט אַריינגעקוקט. די פרעמדע, טונקעלע שטוב איז נאָענט געוואָרן, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געווען געבוירן...

איך האָב פלוצלינג אַ שווים געטון אין דער בלויקייט פון מיינע יאָרן צוריק. אַ ציטער איז מיר אַדורך דורכן האַרץ, ווען איך האָב דערזען דעם גרינעם, זוניקן ברעג פון מיין קינדהייט. דאָס איז אויך געווען אַ שטיל, פרום, ליכטיק הויז, אונטערן שוץ פון אַ גרויסן, זוניקן גאָט זענען די ליכטיקע טעג געלאָפן... און אָט בלייכן זיך פאַר מיר אַרויס אַנדערע טעג... טעג פון הייסע האָפנונגען און קאַלטע, פראָסטיקע אַנטוישונגען... פון אַלע זייטן שווימען אָן אויף מיר ערינערונגען, מענטשן און געזיכטער, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרבלייכט פאַר מיר... עפּעס ווערט פלוצלינג שטיל און פאַרלוירן אין מיר... אַזוי שטיל, ווי פאַר אַ שטורם... איך פיל, אַז מיין לייכט שיפעלע וועט באַלד צעשמעטערט ווערן... מיך נעמט אַרום אַ שרעק... אַ פאַרצווייפלונג...

...איך וויל זיך באַהעפטן מיט דיין פרידלעכער ערד און

וואַרטן אויף דיין גנאָד; גאָט, וואָס דו האָסט דער שטוב דיין ברכה געשענקט...

איך האָב אויפגעוואַכט. ס'איז געווען שטיל. אין צימער איז געווען טונקל, נאָר די נאַכט דורכן פענסטער האָט שוין געבלייכט. די פרויען האָבן, זיצנדיק מיט פאַרלייגטע הענט, געוואַרט אויפן געבעקס, וואָס איז געלעגן אין אויוון, און אַזוי פיל פרומקייט און רויקייט איז געלעגן אין זייער וואַרטן, גלייך ווי זיי וואָלטן אָפּגעריכט אַ גרויסן, רעליגיעזן ריטואַל...

*

די מוטער האָט לייכט געדרימלט. די יינגערע טאָכטער איז פאַרקוקט אין אַ ווינקל געזעסן; נאָר די עלטערע טאָכטער מרים האָט אַלץ מיטן זעלבן, לייכטנדיקן בליק געקוקט צו מיר און געשמייכלט.

ס'האָט שוין געגרויט דער מאָרגן אין די ווינקלען פון צימער, און די בלויקייט האָט זיך געמישט מיט דעם שטיל-גליענדן אויוון: ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ כשוף.

אַזוי גייך איז די נאַכט איבערגעלאָפן; ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז עס דאַרף נאָך עפּעס קומען. און אַ זיס וואַרטן האָט אויפגעברויזט אין מיר. איך האָב ברייט געעפנט די אויגן און זיך איינגעקוקט אין מרימן. אַליין עס נישט פילנדיק, האָבן מיינע ליפּן אויסגעמורמלט:

— מרים...

דאַמאָלס האָט זי זיך מיט שטילע, פאָרזיכטיקע טריט צוגע-שלייכט צו מיר. מיין האַרץ האָט שנעל אָנגעהויבן צו קלאַפּן, זי איז געשטאַנען פאַר מיר, ווי אין אַ חלום. אַ מינוט האָט זי זיך פאַרהאַלטן און אַ וויג געטון זיך צוריק, ווי זי וואָלט געוואָלט אַוועקגיין, — דאַמאָלס האָב איך דערהערט איר שטים, שטיל און שווער אָטעמנדיק:

— קומט אַרויס... ס'איז אַזוי גוט... פאַרטאָג...

איך האָב זיך אויפגעהויבן און שטיל אַרויס נאָך איר.

אין פאָדערהויז איז נאָך איינגאַנצן פינסטער געווען. ס'האָט

זיך געהערט דאָס קרייען פון העגער און הירזשען פון פערד. אַ פייכט, שמעקנדיק ווינטל פון פרישן היי האָט אויף מיר אַ בלאָז געטון. איך האָב אין דער פינסטער מרימס האַנט געפונען, איר האַנט האָט געציטערט. זי האָט זיך אַ וויג געטון, און מיט דער גאַנצער שווערקייט פון איר שלאַנקן, געזונטן קערפער, געפאַלן מיטן קאָפּ אויף מיין ברוסט. איך האָב טיף אַריינגעאָטעמט דעם געזונטן ריח פון אירע קילע האָר און געמורמלט:

— מרים... מרים...

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ווייך, פאַרטאָגיק קלאַפּן פון רעדער און אַ גלעקל פון פערד. זי האָט אַ צאַפּל געטון און צאַרט איבערפירנדיק איר האַנט איבער מיין פנים, האָט זי זיך צו דעם אָפּענעם טירל געלאָזט, אויסרופנדיק:

— דער טאַטע פאָרט!... דער טאַטע פאָרט!...

*

צוויי פשוטע, געזונטע, זאַטע פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים אָפענעם טירל. פון קליינעם, פאַרשטויבטן „שאַראַבאַן" איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען דער פאָטער, אַ ייד פון מיטעלע יאָרן מיט אַ קליין, שיטער בערדל און בלייכע, רויקע אויגן. ער האָט זיך באַוועגט שנעל און איילנדיק, די קאַפּאָטע איז ביי אים געווען שטאַרק פאַרמעלט, מיט אַ פאַרמעלטער באָרד, אַ פאַרמעלט היטל, מיט אַ מעליק קול האָט ער געזאָגט:

— וואָס מאַכסטו, טאָכטער? — און אַ קוק טוענדיק אויף מיר מיט די בלייכע אויגן, צוגעגעבן:

— ווער איז דער יונגערמאַן, טאָכטער?

— דאָס איז אַ גאַסט... צו אונז פאַרפאָרן... — זע, ווי די ביסט פאַרמעלט, טאַטע...

זי האָט פון אים אַראָפּגעשאַרט דאָס מעל, פון וועלכן ס'איז אַרום געוואָרן אַ ווייסער נעפּל.

— שלום עליכם! — האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פאַר־מעלטע האַנט און נישט אַרומקוקנדיק זיך, איז ער אַריין אין שטוב.

אַרום איז דער פאַרטאָג געשטאַנען; אַ בלויער און פייכט־

צאַפּלדיקער, ווי אַ געזונטער, פּריש-געבאָדענער קערפּער. די ערד און אַלץ אַרום איז געווען אָנגעטרונקען מיט פרישע טוי, און קילע ריחות האָבן געשטראָמט אין דער בלווילעכער לופט.

ערשט איצט האָב איך דערזען דעם גוי, וואָס האָט אָנגעטריבן. דאָס איז געווען אַ קליין גויעלע מיט גרויע, גלאַנ-ציקע אויגן. ער האָט לאַנגזאַם אויסגעשפּאַנט די פערד און געקוקט אויף מיר מיט אַ שמייכל.

— מרים! — האָט ער פּלוצלינג מיט אַ פאַרשלאָפענעם ביי-קול געזאָגט אויף אוקראַיניש — וואָס זאָל עס זיין, דיין חתן?...

— גיי, גיי, מיכאַילאָ, וועסט באַקומען אַ פרישע בולקע. — האָט מרים מיט אַ ליבער היימישקייט אים געענטפערט. דער גוי האָט זיך אַלץ נישט געקאָנט באַרויקן:

— דאָס ווייס איך... — האָט ער צו זיך אַליין שוין גערעדט — נאָר צי עס איז אַ חתן, — וויל איך וויסן.

דאַמאָלס האָט זי אַ טיפן, ליכטיקן בליק געוואָרפן אויף מיר, זי איז שטאַרק רויט געוואָרן און לאַכנדיק געפרעגט:

— נו, מיכאַילאָ, און אַז עס איז אַ חתן! קוק אים אָן: געפעלט ער דיר?...

מיכאַילאָ האָט אויף מיר אַ קוק געטון, זיך אַ קראַץ געטון הינטערן אויער און פשוט געענטפערט:

— ניין, ער געפעלט מיר נישט...

— פאַרוואָס?...

— אַ צו שמאָלער... אַ דאַרער, ווי אַ „זשידיווסקע" ציג...

מרים האָט, לאַכנדיק, אויף אים אָנגעשריגן:

— וואָס באַליידיקסטו אונזער גאַסט... דו ביסט דאָך אויך אַ קליינער, אַ דאַרער!...

— איך?... — זאָגט דער גוי — איך? איז דערפאַר מיין „יעוידאָכאַ" אַ קליינע. ווי אַ זשאַבע. אָבער דו, אַזאַ „האַרנע", אַזאַ געזונטע, דאַרפסט נעמען אַ גרויסן „טשעלאָוויק"... — ער האָט אַ קוק געטון אויף מריםן מיט אַ פייכטן, דערוואַרעמטן בליק,

אַז דאָס מיידל איז רויט געוואָרן און אָנגעמענדיק מיך לײכט אונטער דער האַנט, האָט זי געזאָגט:

— קומט מיט אים, וועט איר זיך דערוועדן... היט נאָר די קעשענעס, ווייל ער איז אַ גרויסער בעלן אויף פרעמדע זאַכן...

# חנה לאה די מילנערין.

חנה לאה די מילנערין איז געבליבן אליין. דאס קליינע, יידישע שטעטעלע איז אוועקגעגאנגען ווי א צורויעטע נעסט אין די ווייטע, אוקראינישע שליאכן. די טויט־שרעק האט געטריבן פון וועג צו וועג, און פון אלע סטעפעס האט זיך געטראגן דער גזלנישער פייף.

חנה לאה די מילנערין איז געבליבן אליין. פארן לעצטן יאר האבן די קאזאקן דערהרגעט איר מאן מיט די צוויי זין. צוויי טעכטער זעגען אוועק אין דער וויט, די יונגסטע איז געשטארבן פון שרעק.

די גאנצע כמארע פון טויט איז דורכגעגאנגען דורך אירע טירן, דורך דעם ברייטן, הילצערנעם טויער זענען דעם גאנצן זומער אן אויפהער געגאנגען באנדעס, פארבלאנדזשעטע רויבער און פארטיזאנער. איר הויז, וואס שטייט ארויס צום פעלד, ביי א ברייט צואדערטן קניפ פון וועגן, וואס פירן צו דערפער, שטעט אין גרענעצן, איז געווען דער פונקט פאר רויב און מארד.

אבער חנה לאה די מילנערין איז געבליבן.

זי איז געבליבן שטיין אין איר גאנצער ריזיקער וווקס, ווי אן אלטער דעמב. אירע מאטע, אויסגעווייינטע אויגן האבן געקוקט אין דער ווייט אויף די פעלדער, וועלדער און בערג, און זי האט אוועקגיין נישט געוואלט.

יעדער בוים, יעדער וועג און יעדער שטעג איז מיט איר צוזאמען אויסגעוואקסן. איר קינדהייט האט נאך דא ארומגע־שוועבט איבער די לאנקעס, וואס זי האט דורכן פענסטער גע־

זען־ זענען נאָך אירע יינגע טריט געווען באַהאַלטן. פון דער טונקלקייט פון יענעם ווייטן וועלדל האָט אַרויסגעבלאַנקט אַ הויכער, ווייסער מצבה־שטיין אונטער וועלכן עס איז געלעגן איר מאַן מיט די צוויי ריזיקע יינגען, אירע זין.

*

ט'איז געווען אַ טונקעלער טאָג, פול פון שרעקלעכע קלאַנגען. פון די טונקעלע וועגן אַרום האָט זיך געטראָגן שרעק און מרה־שחורה. שוין ווידער האָבן זיך געהערט טויבע קראכן פון ביקסן און האַרמאַטן. שוין ווידער האָבן דערשראָקענע שאָטנס זיך דורכגעטראָגן מיט דעם בלייכן, פול מיט טויט־שרעק, וואָרט אויף די ציטעריקע ליפּן:

— אַנטלויפט, ייזן... אַנטלויפט...

*

חנה לאה די מילנערין האָט נישט געהאַט ווו צו לויפן. דאָ אין די ליידיקע ווענט פון איר צעטראָגן הויז האָט נאָך אַלץ געלעבט פאַר איר. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן פון צימער צו צימער. זי האָט מיט דער שטאַרקייט פון אַ משוגענער אַריינגעקוקט אין די אויסגעליידיקטע שענק. דערנאָך איז זי אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם.

פאַר איר זענען געלעגן פאַרשידענע שטיקער אַלטע שטובזאַכן פון צענדליקער יאָרן צוריק. ס'איז נאָך דאָ געלעגן דאָס צעבראָכענע בעט, אין וועלכן זי איז נאָך מיט איר מאַמען געשלאָפן. די רעדער פונם וואָגן, אויף וועלכן מ'איז צו דער חופּה געפאָרן.

דערנאָך איז זי פּאַמעלעך אַרויפגעקראָכן אויף דעם לייטערל און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן דאַך, און זי האָט דערזען אַרום דאָס גאַנצע ענג־צעבויפגעטוליעטע שטעטעלע, ליידיק און פאַרלאָזן מיט פענסטער פאַרקלאַפּטע מיט ברעטער.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער הימל איז טונקל און טרויעריק געווען. די וועגן אַרום זענען שוין פאַרלאָפן

געוועז מיט נאַכט, און חנה לאה די מילנערין איז באַפאַלן אַ פלוצלינגדיקע שרעק. זי האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל, לאַנג אַזוי געשטאַנען און געשעפּטשעט:

— זאָג דו, גאָט, ווו זאָל איך גיין... ווהין...

אַ שניידנדיקער קנאַל האָט זיך אַ טראָג געטאָן אויף איר און זי איז אַזוי געבליבן הענגען: האַלב אויפן לייטערל און האַלב אויף דעם שוואַרצלעכן שינדל־דאַך, מיט אויפגעהויבענע הענט און אויגן, צום שטומען, פאַרכמאַרעטן הימל.

# אין דער עלטער

פרייטיק, טיפער אָוונט. מען קלאַפּט אין טיר.

די אַלטע ברײַנדל ווייסט שוין, ווער עס קומט. דאָס איז ר׳ יידל, איר געשטאָרבענעם מאַנס חבר, נאָך פון די קינדער־יאָרן.

פרייטיק צו ליכט־בענטשן פאַרפעלט ער קיין איין מאָל נישט צו קומען.

— אַ גוט שבת, ברײַנדל — צעטראָגט זיך זיין ברייטע, סקריפּיקע שטים איבער דער אַלטער שטילער שטיב. זינט דער באַלעבאָס איז געשטאָרבן, הערט זיך דאָרט נישט מער ווי דער אַלטערס שווערע, שלעפּענדיקע טריט. דאָרט איז שטענדיק האַלב טונקל, און ס׳דאַכט זיך: אַז עמעצער איז קראַנק. נאָר איצט, פרייטיק־צונאַכטס, ביי די ברענענדיקע ליכט אין די לייכטער און ווייסן טישטוך אופן טיש, דאַכט זיך: אַז פונם צווייטן, פינסטערן שלאָף־צימער, וועט נאָך עמעצער אַרויסקומען.

די אַלטע דערזעענדיק יידלען, שאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי, אַזוי... יידל איך לעב, און ער... — זי פאַרקרומט זיך צום וויינען. נאָר פאַרגעסט אין מיטן — וואָס הערט זיך עפּעס, יידל?...

און ס׳הייבט זיך אָן דער געוויינלעכער שמועס וועגן דעם: וואָס דער אלטער איז פאָרט געשטאָרבן, ליגט אין דער ערד, אין גאָרנישט..

ר׳ יידל איז אַ ייד פון אַ יאָר 65, אַ קיילעכיקער, פלינקער, מיט יונגנטלעכע באַוועגונגען, לעבן לעבט ער פון די קינדער און האָט זיך ליב צו פוצן...

ווי ער דערהערט דערפון: אַז דער אַלטער איז פאָרט געשטאָרבן.. ליגט אין דער ערד און גאָרנישט... הויבט

ער אויף די אויגן צום באַלקן, גיט זיך אַ וויג אויף דער שטול און הייבט אָן דאַוונען מעריב...

די אַלטע מאַכט אַ פרום פּנים און רעדט שטיל, אַז ער, יידל, האָט אין איר אַ מצוה, דערמיט וואָס ער קומט אַריין, און זי הערט כאָטש אַ יידיש וואָרט.

נאָר זי ווייסט, אַז נישט צוליב דעם איז ער געקומען.

זאָל זי אים אָפּלאָזן דאָס פינפערל, צי נישט? — קלערט זי, וואָסזשע וועט דערפון אַרויסקומען?

שוין אַ גאַנץ יאָר איז זי גרייט אים צו זאָגן:

— יידל, נעם די קאַפּאָטע, פאָרט אַן אַלטער גוטער פריינט, נאָר עפּעס לאָזט עס זי נישט, און די ווערטער בלייבן איר אויף דער צונג.

אַנשטאָט דעם, זאָגט זי:

— זאָג נאָך עפּעס, יידל, ס'איז אַ מחיה, ווען די אויגן האָבן מיר נאָך געדינט, האָב איך אַליין אַריינגעקוקט אין סידור.

ר' יידל צעשאָקלט זיך און זאָגט מיט היץ, וואָס עס קומט אים נאָר אין מויל אַריין; דערנאָך הויבט ער זיך אויף, גייט רעשיק איבער דער שטוב און שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ:

— ברײנדל, האָסט פאַרקויפט די קאַפּאָטע?

די אַלטע שווייגט אַ ביסל, מאַכט זיך אַז זי הערט נישט, דערנאָך ענטפערט זי מיט אַ קרעכץ:

— אוי, ווײ מיר, כ'קאָן עס דען אַרויסגעבן פון שטוב?.. כ'קוק אויף דעם מלבוש דאַכט זיך מיר, אַז ער איז דאָ... אַז ער לעבט... אוי ווײ מיר. —

נאָך דעם רייסט ער איבער דאָס דאַוונען, ענדיקט מיט אַ גוט שבת און הייבט אָן אַ שמועס וועגן וועלט זאַכן, און אַזוי שמועסנדיק קומט מען ווידער אַרויף אויף דער קאַפּאָטע.

די אַלטע ווערט צוריק טרויעריק, קרעכצט אויף דעם: וואָס דער אַלטער האָט נישט דערלעבט די קאַפּאָטע צו צערייסן, ער ליגט אין דער ערד... אים איז שוין וואַרעם... ער דאַרף זי שוין נישט...

יידל וואַרט איבער ביז די אַלטע וועט פאַרגעסן, דערנאָך הויבט ער זיך אויף, און זעענדיק, אַז די אַלטע האָט נישט מורא,

ער זאָל אַוועק-גיין, גייט ער צו איר צו נאָענט, און זאָגט הויך מיט אַ קעלט אין דער שטימע:
— נעמסט דעם 25-ער, ברײַנדל?
— ניין, יידל.
— ווײסט חרטה האָבן.
— נו, נו.
— קײנער וועט דיר מער נישט געבן.
— 30! — ענטפערט די אַלטע, נישט קוקנדיק אויף אים.
יידל צעקאָכט זיך, מיט אַ ווײנענדיקער שטימע:
— אַזאַ גוטער פרײַנט ביסטו?
די אַלטע ווערט ווייך:
— צו וואָס טויג דיר יידל אַזאַ טײַער מלבוש? דאַרפסט זיך פוצן?...
יידל בלײַבט שטיין, קוקט אויף אירע גרויע, שלעכטע אומעטיקע האָר, און שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אײנער רעדט: אוי ביסטו גוט, זאָל דיר דאָס יאָר אַזוי זײַן!...
רעדן רעדט ער שוין גאָר נישט, דרייט זיך אַרום אַ פּאָר מינוט, מיט ראַשיקע טריט, און פּלוצלינג טוט ער איר אַ וואָרף צו אַ גוטן שבת, ווי אײנער רעדט: געדענק, ווײסט חרטה האָבן!...
ער טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און גייט אַוועק.
דערנאָך. ביי נאַכט. ווען ער ליגט אויפן געלעגער, קלערט ער אַלץ וועגן דער אַלטער, וואָס איז אַזוי אײַנגעשפּאַרט, אַזוי קאַרג. ער וואָלט איר שוין דערלײגט, ער וואָלט זאָגן זײַן זון מאָריצן, וואָלט ער אים געגעבן דאָס פינפערל. נאָר ס'איז אים עפּעס שווערלעך, 20 האָט ער שוין לאַנג אָנגעקליבן, ווען דער אַלטער איז געשטאָרבן, האָט ער געמײנט אַז פּאַר 10, 15 רובל, האָט ער די קאַפּאָטע... אַך, ווען נישט די אַלטע.
און ער לאָזט זיך אַוועק אין געדאַנקען: אָט, אַ שטײגער... ווען די אַלטע ברײַנדל... אַן אַלט מענטש... ווי לאַנג איז דער שיעור...? דערביי דערמאָנט ער זיך אין זײַנע 68 יאָר, שוין אויך אויפן צעטל... און אויף אַ מינוט רייסט ער זיך אָפּ פון דער קאַפּאָטע, פון דער אַלטער. נאָר דאָס גייט גיך דורך. און אין אַ פּאָר

מינוט אַרום. די אויגן פאַלן ביסלעכווייז צו אין דרימל. דאַכט זיך אים: אַז ער שטייט אָנגעטון אין יענער נייער קאַפּאָטע, ער פילט אויף זיינע אַקסלען דאָס אָנגענעמע געפיל פון אַ נייעם מלבוש, קעגן אים וואַקסט פלוצלינג אויס אַ שפּיגעלע... און ער זעט זיך גאָר אַ נייעם, אַן אויסגעפּוצטן... אַ פלינקן... אָט אַזוי יידל ביסטו גאָר אַן אַנדער מענטש...

מיט די געדאַנקען ווערט ער יעדן טאָג אַנטשלאָפן. נאָר פרייטיק אין אָוונט איז ער שוין ווידער ביי דער אַלטער ברײַנדל, דאַוונט מעריב און פרוווט מיט גוטע רייד, ווייך מאַכן איר האַרץ; נאָר ווען דאָס אַלץ העלפט נישט, וואַרפט ער איר צו דעם גוט שבת, ווי איינער רעדט: וואַרט, וועסט חרטה האָבן, טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און אַנטלויפט אויף אַ גאַנצער וואָך, חלומען ווידער וועגן דער קאַפּאָטע, וואָס הענגט ביי דער אַלטער אין דער שטילער, טונקעלער שאַנק און וואַרט אויף אַ קונה, וואָס וועט געבן מער מיט 5 רובל.

# אין נאַכט

אַ קאַלטע פינסטערע הערבסט-נאַכט.

ווי אַ פינסטערער ים האָט זיך דער הימל ברייט און ווייט צעגאָסן, און פאַרשלאָסן אין זיין טיפער פינסטערניש עפעס אַ רריקנדע שרעק, אין אומעט. ווי אַלץ וואָלט געוואַרט אויף עפעס שרעקליכעו. וואָס דאַרף געבוירן ווערן אין דער נאַכט.

אויף דעם שטיינערנעם שאָסע, פון „וואַרשע" נאָך „נאָ-ווידוואָר" ביים שטעטל „פעלצאָוויזנע", לייכט זיך אַ לאַמטער, און איר מאַטער געל-ברודיקער שיין, שלאָגט זיך אָפ אויף די נאַקעטע הערבסט-צווייגן. פון עטלעכע קרומע בוימלעך, וועלכע רינגלען אַרום אַ הילצערנעם, גרין-געפאַרבטן צלם, וואָס צייכנט זיך הויך אינם הימל, אין דערמאָנט אין דער נאַכט — און שרעקט, ווי אַ ווילדער משוגענער וואָס וואָלט זיך פלוצלינג פונם שפיטאָל אַרויסגעריסן.

אָפט טראָגט זיך קרום אָן אַ ווינט. און לייפט איבער די פינסטערע פעלדער מיט א טרויעריג געוויין, ווי-ערגעץ אַ טיר, אַ לאָדן, איז פאַרהאַמערט, פאַרמאַכט. און עס דאַכט זיך, אַז קיין שום לעבעדיקס אָטעמט נישט אונטער זיי. נאָר ביי יענער זייט פאַרקן, ביי דער האַלב-אָפגעשפאַרטער טיר פון דער „קרעטשמע" שטייט אַ הויך-אָנגעלאַדעוועטער וואָגן מיט זעק. דאָס פערדל שטייט מיט האַלב-געבויגענע פיס פון מידקייט, דעם קאָפ אַריינגעלאָזן אינם ועקל האָבער און קייט, אַלע מאָל פלוצלינג אַ-הויב-טוענדיג מיטן קאָפ...

אין דער קרעשמע לייכט זיך שוואַך דורך די פאַרהויכטע פענסטער אַרום איז שטיל...

אינווייניק אַ שאַרפער ריח פון ביר און בראָנפן, מיט אַ לייכט-פאַרצויגענעם נעפּל פון מאַכאָרקע-רויך...

דער גראָב-בייכיקער בעל-הבית זיצט גלייך ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוגעהערט, און זיין קיילעכדיקער, שווערער בויך ליגט אָנגעשפּאַרט, אויפן האַלב-אַרויסגערוקטן שיפלאָד מיט געלט.

אויף די בענק ביי טישלעך זיצן פויערים, טרינקען, שמועסן צווישן זיך, מיט הוילע שיכורע שטימען. אונטער אַ באַנק ליגט אַנ׳אַלטער, אַ גרויער, און רעדט צום גראַם.

איבער דער שטילער, האַלב-ליידיקער „קרעטשמע" רייסן צוויי שיכורע שטימען, ווי מ׳וואָלט ראַציג גלאָז איינס אָן אַנדערן געריבן. דאָס רעדן צוויי „גאָספּאָדאַרזשעס", וואָס זענען ביידע פון אַ גאָנטן דאָרף אין שטאָט אַרייַנגעפאָרן. איינער האָט דעם צווייטן געזאָלט אָנקלאָגן אין געריכט, נאָר אויפן וועג האָבן זיי זיך ביידע איבערגעבעטן און טרינקען שוין דאָ פון אין דערפרי אָן.

איינער פון די פויערים הויבט זיך פּלוצלינג אויף, וואַקלענדיק זיך, שפּאַנט ער צו צו אַ זייטיק טישל, וווּ עס זיצט אַן אָפּגעריסענער יינג, די הענט אינטערן קאָפּ אונטערגעשפּאַרט, דאָס פּנים קרענקלעך בלייך און אויסגעשפּיצט, די אויגן פערזשמורעט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט צו דערזען עפּעס אַ ווייטע זאַך. דער פויער באַקוקט אים פון אַלע זייטן און שטופּנדיק אים אַ פינגער אין די אויגן אַריין, רעדט ער אויסגעצויגן און הייזעריק:

— אָ טאָמעק! ביסט דאָך אַ גנב, ווי קומסטו צו אָרענטלעכע מענטשן?

טאָמעק פאַרדעקט דאָס פּנים מיט דער האַנט און ענטפערט דורך די פינגער:

— כ׳האָב ביי דיר אַ סך געגנבעט?

— אפשר יאָ?

— טאָ היט!

— דו ווילסט מיך לערנען זיין אַ גאָספּאָדאַרזש!..?

טאָמעק ענטפערט שוין נישט, ער גראָבט זיך אינם קעלנערל פון זיין מאַרינאַרקע, און דרייט אויס דעם קאָפּ צום בעל-

הבית, וועלכער קוקט אויף אים מיט מוטנע, שלעפעריגע אייגן.
טאָמעק פילט אַז ווען דער שענקער וועט זיך אויפכאַפּן פונם דרימל וועט ער זאָגן צו אים:

— גיי, גיי, טאָמעק, מ׳דאַרף שוין פאַרמאַכן, שוין צייט! און אַ קעלט גליטשט זיך איבער זיין קערפּער. ווו וועט ער איצט גיין? ער וואָלט דאָ געוואָלט זיצן אַזוי לאַנג. ס׳איז אים דאָ אַזוי וואַרעם, און ער רעדט פּלוצלינג אַרויס:

— אַ גוטן אָוונט בעל-הבית!

דער בעל הבית ענטפערט אים מיט אַ קורץ-אָפּגעריסענעם כראָפּ...

דער פּויער בורטשעט. וואַקלט זיך צוריק צו צו טאָמעקן, און גיט אים פּלוצלינג אַ זעץ איבערן קאָפּ.

— וואָס שלאָגסטו? — שפּרינגט-אויף טאָמעק.

— ביסט אַ גנב!

— דיין עסק?

דער צווייטער פּויער מורמלט שטיל, צו זיך אַליין: אַז מ׳דאַרף נישט שלאָגן, ווייל מ׳קאָן אָנקלאָגן אין געריכט...

דער פּויער לייגט צו אַ פינגער צום שטערן, בערעכנט זיך און זאָגט צו טאָמעקן:

— ביר וועסטו טרינקען?

— וועסט געבן, וועל איך טרינקען!...

דער שענקער כאַפּט זיך אויף, גיסט אָן אַ גלאָז ביר און געבנדיק טאָמעקן—זאָגט ער:

— נאַ, האָסט שוין פאַרדינט!

טאָמעק טרינקט דורשטיק, און זשמירעט צאַן אויג אויפן באָספּאָדאַרזש.

*

אָט האָט שוין דער שענקער אַ געניץ געטון, און אויסציענדיק די הענט אין דער הויך, געזאָגט:

— נו, שוין צייט צו פאַרמאַכן, גייט קינדער!

פון דער זייט האָט זיך שוין אַ פּויער אויפגעהויבן מיט

דער בייטש אין דער האַנד צום וואָגן אַרויסגעגאַנגען. דער בעל-הבית שלעפּט דעם אַלטן גראַם-זאָגער פון אונטער דער באַנק, שיכּורע הויבן זיך וואַקלענדיק פון זייערע ערטער, טאָמעק בויגט אָן דעם קאָפּ, שטעלט אויף דאָס קעלנערל פון זיין מאַרינאַרקע, די הענט אין די הויזן-קעשענעס׳ שפּאַנט ער נאָך די חברה.

---

אויפן שאָסיי איז קאַלט, און פינסטער.

ווי שטאָל געגאָסענע פינסטערע ריזן, זעען-אויס די אַרומ-געהאַקטע, ווילדע עפּל-בוימער, מיט זייערע געדיכט-באַוואַקסענע, קיילעכדיקע קעפּ, וואָס שטייען ביי די זייטן שאָסיי.

איבער די פינסטערע פעלדער שטאַרקט זיך דער ווינט, און וויינט יאָמערלעך, ס׳דערמאַנט אָן עפּעס אַ מענטשלעך געוויין, וואָס גייט פון ערגעץ אַ וויטן, פינסטערן וואַלד.

טאָמעק איז שוין ווייט אָפּגעגאַנגען אין דער זייט פון דער שטאָט.

יעדער פון די פּויערים האָבן זיך שוין אַהיימגעוואַקלט אין די נאָענטע כאַטעס ווו זיי וווינען.

אַרום נעבלט אַלץ מער און די פינסטערניש ווערט געדיכטער און טיפער, טאָמעק שפּאַנט האַלב געבויגן, איינגעגורעט פון קעלט, ער גייט וואָס אַמאָל שנעלער, ער וויל קומען פריער צו דער שטאָט, ווו ער רעכנט נאָך אין די הינטער-געסלעך פון אַרום דער ווייכסל, צו טרעפן אַן אָפענע „שענק״, ווו ער זאָל קאָנען איבערזיצן די נאַכט, ווייל אין אַזאַ קעלט איז אוממעגלעך צו שלאָפן, אונטערן הימל, אויף דער ערד.

*

אַלע איינוווינער פונם שאָסיי קאָנען טאָמעקן, און ווען מ׳זעט אים דורכגיין דורך אַ דערפל, פאַרשליסט מען ביינאַכט בעסער טיר און לאָדן, גאָספּאָדאַזשעס נעמען צו די לייטערלעך, וואָס שטייען קרומאָנגעשפּאַרטע צו די בוידעמער.

טאָמעקן קאָן דאָס דאָרף פּאַר אַ היימישן גנב, און יעדער איז שוין אַזוי צו געוווינט צו אים, אַז די קינדער קאָנען אים,

און ווען זיי זעען אים מאַכן זיי אַ געוואַלט — די באָבעס גייען אַרויס פאַר די פורטקעס פאַרהיטן אַ טעפל וואָס הענגט צום טריקענען אויף דער פירטקע, אָדער אַ שמאַטע, אָפטמאָל טרעפט זיך אַז אַ פויער טרעפנדיק אויף זיין וועג טאָמעקן, האַלט פאַר זיין חוב אָפּצושטעקן אים אַ זייטיקן פּאַטש, זייענדיק זיכער אַז עס קומט אים, ווייל אויף טאָמעקן איז נישטאָ קיין שום משפּט, דער סטראַזשניק האָט אים שוין אַ פּאָר מאָל אַרעסטירט, נאָר אין דער גמינע האָט מען מיט אים גאָרנישט געקאָנט מאַכן, וואָס מ׳האָט אים געפרעגט האָט ער נישט געענטפערט, נאָר זיך געבּרוגזט און געזשמורעט די אויגן, האָט מען אים אין קעלער פאַרשלאָסן, איז ער געלעגן רויק און געשוויגען, נאָר אַז מ׳האָט אים געשלאָגן, איז ער ווילד געוואָרן.

אַזוי קאָן אים דער שאָסיי, וואָס זעט אים שטענדיק שווייגנדיק, באָרוועס און אָפּגעריסן, די הענט אין די הויזנקעשענעס שפּאַנענדיק מיט ברייטע טריט פון איין דאָרף אין אַנדערן.

מיט זיך אַליין אָבער פירט טאָמעק, לאַנגע געשפּרעכן, און קלערט שטענדיק וועגן פאַרשידענע זאַכן, טיילמאָל בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין פאַר דעם קלערן.

— צו וואָס דאַרף איך קלערן? — פרעגט ער זיך אַליין, נאָר ער קאָן זיך פון דעם נישט אָפּגעוויינען, און פאַר דעם נאַרט ער זיך שטענדיק אַליין, פלוצלינג דאַכט זיך אים: אַז ער וועט גיין דאָרט, וועט זיין גוט, פאַרוואָס וועט זיין גוט? ווייסט ער אַליין נישט — נאָר ער באַקלערט: עס מוז זיין גוט, ווייל ס׳איז אַזוי לאַנג שלעכט, און פאַר דעם, קלערט ער, לעבט ער אַנדערש פון אַלע מענטשען, פאַר דעם שלאָפט ער אונטער אַ פאַרקאַן, און האָט קיינמאָל נישט קיין שטיקל ברויט, פאַרדעם שלאָגען אים די פויערים פאַר גנבענען אַ טעפּיל פון אַ פורטקע אַ ראָפּ, טאָמעק קאָן דאָס נישט פאַרשטיין, און ער פרעגט זיך אַליין:

— פאַרוואָס ווייסן זיי נישט, אַז טאָמעק איז אַ מענטש,

אַז ער דאַרף שלאָפן און עסן, קיין ציגיינער איז ער דאָך נישט, קיין פערד גנבט ער דאָך נישט.

טאָמעק קאָן זיך נישט פאַרשטעלן ווי אַזוי מ׳קאָן גנב׳ענען אַ גרויסע זאַך, מייסטן וווּנדערט ער זיך, ווען ער הערט אַז מ׳האָט געגנבעט אַ פערד, ער פילט, אַז ער וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט. ביי דער קלענסטער זאַך, וואָס ער מוז גנבענען ציטערט אים דאָס האַרץ ווי ביי אַ גזלן, ער פילט ווי אַ היץ באַשלאָגט איהם, און אין מוח קלאַפּט אים ווי מיט אַ האַמער. און טאָמעק באַשליסט, אַז עס מוז אַזוי זיין, ער טאָר נישט זיין קיין גנב, און ער איז אַזוי זיכער אַז ער וועט אינגיכן אָנהויבן אַנדערש צו לעבן... און ווייל ער איז שטענדיק אַליין, און האָט נישט קיין שום באָנטע, וואַרט ער יעדער מינוט אויף עפּעס אַזוינס, וואָס וועט קומען צו איהם און זאָגן:

— קום, טאָמעק! גיי דאָ — אָדער דאָרט, וועט דיר ווערן אַזוי גוט, וועט ווערן אַזוי שיין, אַזוי ליכטיק ווי אַלע מענטשן, וואָס דו זעסט אַרום דיר, און וועסט קאָנען רוען, אין וואַרימקייט און ליכטיקייט אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג...

מיינסטן וואַרט ער אויף דעם, ווען ס׳ווערט אים שוין גאָר שלעכט; אָבער ווען ער האָט שוין נישט קיין שום אויס־זיכט, אַז ס׳זאָל אים עפּעס אונטערקומען אונטער דער האַנט, דאַמאָלס גייט טאָמעק צו דער שטאָט, ער שטייט ביי דער זייט פון דער ווייכסל, אונטער דער בריק און קוקט דורך די קיילעכיקע סודותדיקע פעסטונגס־מויערן, ער זעט די שטאָט, ווי איינגעהילט אין אַ ברודיקן נעבל, שניידט זי זיך אָפּ פונם קלאָרן ווייטן הימל, ווייט, ווייט, מיט די הויך פאַרגילדעטע קירכן־שפּיצן, וואָס ציען זיך אינם הימל אַריין, מיט שמאָלע גאָלדענע צלמים, און די אַלע ענג־אָנגעוואָרפענע מויערן, דאַכט זיך אים, איין מוראדיק גרויסער פעלז איז פון דער ער אַרויס־געוואַקסן און דריקט זי אַזוי שווער...

ער קוקט אויף דער שטאָט און ערד דערפילט זיך דאַמאָלס אַזוי שוואַך, אַזוי קליין, אַזוי קראַנק. דאַמאָלס איז אין זיין מוח דאָ נאָר איין געדאַנק: דאַמאָלט קלערט ער: אַז אין

אַזאַ רעש, צווישן אַזוי פיל שיינע, ליכטיקע מענטשן, וועט אים אויך עפּעס אָנקומען. — נאָר באַלד דערמאָנט ער זיך עפּעס און ווי אַ שרעק נעמט אים אַרום. ער דערמאָנט זיך, אַז דאָרט אין שטאָט איז נישטאָ קיין פעלד, קיין וואַלד, קיין ליכטיקע, זון-באַגאָסענע ווייכסל, וואָס זאָל לאָזן רוען ביי איר קלאָר-זאַמדיקן ברעג, וואָס זאָל פאַרוויקן מיט איר וועלן-געפּליסקעריי...

ער דערמאָנט זיך לויפנדיק אין די אונטערגעסלעך פון דער שטאָט, אַמאָל פאַרנאַכט, זעט ער די מידע בלייך-געלבלעכע מענטשן, וואָס ציען זיך איבער די גאַסן ווי מוראַשקעס, וועט פון אַלע זייטן שטאָט הערט זיך דאָס פאַבריקן-פייפעריי. וואָס טוען זיי, די מידע בלייך-געלבלעכע מענטשן, ווען זיי באַפרייען זיך איבערנאַכט פון זייער אַרבעט? — זיי זוכן אויך רו אַזוי ווי טאָמעק, זיי זוכן אויך אַ שטיקל אָרט, ווו זיך אַוועקצולייגן און רוען אַזוי לאַנג...

און ס׳ציט אים, טאָמעקן שטענדיק צום דאָרף, מיינסטן האָט ער ליב די ווייכסל. ווען טאָמעק קוקט אויף איר, דערמאָנט זיך אים: אַזאַברייטער, פרייער יום-טוב, ער האָט אַזוי ליב צו קוקן ווען דאָס וואַסער רוט, אין איר קלאָרן גרונד, און איבערן לייכט-פאַרצויגענעם וואַסער-שפּיגל טראָגן זיך, לויפן אַזעלכע שורות דראָבנע, לייכט-געשלענגלטע פאַליעס ווי אַ ציטער פון תענוג, פון ברייטן יום-טוב און צופרידנהייט, ער ווייסט נישט פאַרוואָס אים ציט אַזוי צום פעלד, צום וואַלד, ווען טאָמעק קומט פון שטאָט, ווו ס׳איז אים ענג, ווו מ׳שטויסט אים פון איינעם צום צווייטן, גייט ער אַוועק אינם פרייען פעלד, ער לייגט זיך דאָרט אַוועק, און פילט זיך דאָרט — אַזוי פריי...

קיינער קוקט נישט אויף אים מיט פאַרקרומטע פון עקל פּנימער, דאָ שמייכלט צו טאָמעקן דער ברייטער, פרייער הימל, וואָס איז באַגאָסן מיט זון, דאָ רוט זיך אים אַזוי גוט — אַזוי גוט...

טאָמעק גייט מיט שנעלע טריט, די נאַכט ווערט וואָס אַמאָל קעלטער און פייכטער, זעט-אויס ס׳וועט באַלד רעגענען. פון דער געדיכטער ווייטער פינסטערניש, זעט ער קוים-קוים אָנזעענדיקע, גרין-ציטערדיקע פייערלעך פון דער שטאָט, דאָס איז די בריק אַזוי שיין באַלויכטן, ווי זי וואָלט אין אַ ים פון ליכטיקייט געשווומען. און די הונדערטער עלעקטרישע קיילעכדיקע לאָמפּן, ווי לבנהס, שלאָגן זיך אָפּ אין דער פינסטערער, ביינאַכטיקער ווייכסל, וואָס ליגט ברייט און ווייט, ווי אַ שוואַרץ גלאָז אויסגעגאָסן, און ס׳דאַכט זיך, אַז דאָרט האָט זיך צוגאָסן אַ וואַרימער ליכטיקער גן-עדן. און טאָמעק גייט שנעלער און שנעלער...

טאָמעק פילט ביסלעכווייז ווי אַ קאַלטער שוויס באַדעקט אים, ער האָלט שוין געוואָלט זיין אין שטאָט, אים האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געשראָקן צו שלאָפן אונטערן הימל, ווי היינטיקע נאַכט, עפּעס פילט ער, אַז גאָר שנעל וועט עפּעס געשען, וועט זיך עפּעס ענדערן, אפשר וועט גאָר קומען דאָס, וואָס וועט אים — טאָמעקן — מאַכן פאַר אַן׳אַנדער מענטש. יאָ, איצט איז די צייט, ס׳וועט מוזן קומען, דער זומער איז שוין אַוועק, און ס׳קומט אַזאַ לאַנגער קאַלטער ווינטער, די ווייכסל וועט זיך אויפן ווינטער אין גראָבע, ווייסע שניי פעלצן קליידן, שווער איז דער ווינטער פאַר טאָמעקן, שווער...

טאָמעק איז שוין נישט ווייט פון דער בריק, און ער הערט פלוצלינג ווי אַן׳אויסגעצויגענער טרויעריקער פייף טראָגט זיך פון דער ווייטער פינסטערניש, ער זעט ווי אַ שוואַרצער שלאַנג, מיט דריי רויט פייעריקע אויגן, ציט זיך אויף דער בריק, און עס ווערט אים אויף אַ מינוט פרייליכער אויפן האַרצן. ער ווייסט, אַז אין די שוואַרצע וואַגאָנעס, מיט די שמאָלע פאַסיקלעך ליכט זענען דאָ לעבעדיקע מענטשן, וואָס פאָרן, פאָרן אין דער ווייטער וועלט אַריין. נאָר באַלד נעמט טאָמעקן אַרום אַן׳אומעט און אַ בענקעניש, די באַן איז שוין

אַדורך ווייטער, און טאָמעק זעט נישט מער ווי די גלייכע, פינסטערע וואַנט פונם לעצטן וואַגאָן...

*

אין אַ שמאָל הינטערגעסל, באַרג אַראָפּ, נעבן דעם פענסטערל פון אַ שענק, וואָס איז אַראָפּצוגיין אין אַ קעלער אונטער אַ נידריג-בלעכענעם דאַך, מיט אַ קרומער גרויסער שילד, האָט זיך טאָמעק אָפּגעשטעלט, און האָט געזען, ווי אינווייניק זיצן, שטייען שיכּורע, טייל שלאָפנדיקע, אָנגעשפּאַרט ביי טישלעך, אָפּגעריסענע, ברודיקע מענער און פרויען, דאַכט זיך טראָגן זיך אונטען אינם אָנגערויכערטן נעבל, אונטער דער ליכטיקייט פון אַ שוואַרץ-פאַרויכערטע לאַמטער, ווי אַלע וואָלטן זיך געוויגט אין אַ שיכּורן, לאַנגזאַמען טאַנץ. טאָמעק איז אַראָפּגעגאַנגען פון די שטיגלעך און איז לאַנג געשטאַנען און געקוקט אין דער קליינער פאַרהויכטער שויב.

פלוצלינג האָט זיך די טיר געעפנט, און פאַר טאָמעקן איז געשטאַנען אַ קליינער אָפּגעריסענער הויקער, מיט געלע, האַרטע האָר אויף דער געמבע ווי פאַרזשאַווערטע דראָט. דער הויקער האָט אַרויסגעשפּאַנט אַ טריט פאַר דער טיר און זיך אָנגערופן צו טאָמעקן:

— קום אַריין, ברודער, ביי אונז איז וואַרים, און אַ שנאַפּס איז דאָ. האָסט נישט קיין געלד? שאַדט נישט, מיר זענען גוטע מענטשן! — און אָננעמענדיק טאָמעקן פאַר אַ האַנט האָט ער אים אַריינגענומען אין שענק. דאָ איז צו טאָמעקן צוגעקומען אַן אַלטער, אַן אָפּגעריסענער, מיט לאַנגע, גרוי-ברודיקע האָר, מיט אַ ברודיק-גרוי בערדל, ער האָט אַ גלעט געטון טאָמעקן, צושפּרייט די הענט און אים פאָרגעשטעלט פאַר אַלע:

— זעט נאָר וואָס פאַר אַ שיינער מענטש ס'איז צו אונז געקומען. אָ, ווי שיין איז דאָס מענטשל! פון וואַנען קומסטו דאָס, גאָלדענער?

— פון אונטערן שטאָט! — האָט טאָמעק שטיל געענטפערט.

— פון אונטערן שטאָט? וואָס ביזטו דאָס, דאָרט, אַ פריץ,

אַ גוט-באַזיצער? — האָט דער אַלטער געפרעגט מיט אַ מאָדנעם שמייכל.

טאָמעק האָט נישט געענטפערט — און ס'האָט זיך אָנגערופן אַ מויד, אַ קליינע, אַ גראָבע, מיט רויטע, ציטעריקע באַקן, וואָס איז געווען געקליידט אין אַ שמאָלער מענער-מאַרינאַרקע, מיט טיף אויסגעשניטענע קלאַפּעס (אַזאַ מין פראַק) פון וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעזען אַ צוריסן, ברודיק העמד.

— כ'זע שוין פון לאַנג, אַז דער אַלטער נאַר האָט נאָר ליב חוזק צו מאַכן. וואָס ווילסטו פון אים? וואָס האָסטו צו דעם מענטשל?...

דער אַלטער האָט זיך זייטיק אַ נויג געטון פאַר דער מויד, און האָט פלוצלינג גערעדט מיט אַ ריינער קלינגענדיקער שפּראַך:

— זיי מיר מוחל, מאַדאַם, כ'וועל שוין נישט מער.

די גאַנצע שענק האָט זיך הייזעריק צולאַכט, און מ'האָט טאָמעקן מכבד געווען מיט בראָנפן. טאָמעק האָט געטרונקען און געפילט ווי אַ וואַרימקייט צעגיסט זיך אין אַלע זיינע גלידער. טאָמעק האָט עפּעס אַ ניי לעבן אריינגעבראַכט אין שענק. דעם עולם האָט אָנגעהויבן צו רעדן, זיך צו שפּאַרן, עפּעס אַלץ איבער טאָמעקן און צוליב טאָמעקן. נאָר טאָמעק איז געווען מיד, בלייך און שווייגנדיק אַזוי ווי אַלע מאָל, מיט אַ בלאָנזשענדיקן, זוכנדיקן בליק האָט ער געקוקט אויף אַלע, ער איז געווען אַביסל צופרידן ווייל ער האָט געוווּסט אויף זיכער, אַז דאָ וועט ער קאָנען בלייבן איבער נאַכט. נאָר דאָך האָט אים עפּעס שווערס אויפן האַרץ געדריקט. צום ערשטן מאָל האָט אים טיף געאַרט, פאַרוואָס ווו ער גייט, ווו ער קומט, זעט ער אַלץ פאַר זיך אַזעלכע ברודיקע, פינסטערע מענטשן? פאַרוואָס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט אויפגעהויבן איינער פון די אַלע און געזאָגט אַזוי:

— כ'ווייס ווו ס'איז גוט, ווו ס'איז ליכטיק און וואַרים, כ'וויל דאָ מער נישט זיין, כ'גיי אַהין און דאָרט וועל איך רוען...

דערווייל גיט מען טאָמעקן נאָך בראָנפן צו טרינקען. ווער ס׳גיט אים, ווייסט ער אַליין נישט, ער פילט נאָר, ווי דער בראָנפן וואַרעמט אים, און דער קאָפּ דרייט זיך וואָס אַמאָל מער. אַ זיסע מידקייט גיסט זיך אין אים, זיין פּנים פאַרקרימט זיך אין אַ שמייכל, ער הערט עפּעס האַלב-אָפּגעריסענע ווערטער.

ווי דורך אַ נעפּל זעט ער עפּעס אַ קליינעם, אַ קיילעכדיקן, ווי ער וואָלט מיט רויגן געווען אָנגעפּולט, ער גייט אַרום, זוכט עפּעס אין די קעשענעס און רעדט, אַז מען האָט אים באַגנבעט...

עפּעס אַן אַלטע, אַ שוואַרצע, מיט אַרויסגעקאָרטשעטע, גלעזערנע אויגן, מיט אַ קרומען שוואַרצן צאָן, שטייט נעבן אים. אָט ציט זי זיך צו אים, זי וויל אים גלעטן מיט אַ דאַרער, לאַנגער האַנט, און מורמלט:

— זון מיינער, זון מיינער !!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האַלב-פינסטער און שטיל איז אין שענק.

די שיכורע שלאָפן האַלב-ליגנדע, האַלב זיצנדע, אויף בענק און טישלעך, מיט אַראָפּגעהאָנגענע, שלאָפנדע הענט און פיס.

די שענק איז האַלב-באַלויכטן פון דער שוואַרץ-פאַררויכערטער לאַמטער, וואָס הענגט אין אַ ווינקל און באַגיסט די שענק מיט אַ ברודיק רויטלעכן שיין, געמישט מיט בלוילעכן רויך-נעפּל. די שלאָפנדיקע שענק דערמאָנט אַ דערווייליקן מלחמה-שפּיטאָל, ווו מ׳האָט אָנגעוואָרפן פאַרוווּנדעטע, האַלב טויטע מענטשן, נישט האָבנדיק קיין צייט זיי צו היילן...

דאָס פאַרשידנטאָניקע כראָפּעריי פון די שלאָפנדע האָט זיך אינאיינעם צוזאַמענגעגאָסן און טראָגט זיך איבער דער שענק, ווי אַ ווייט-פאַרשטיקטער געשריי פון קעץ...

אין אַ זייט, אויף אַ לאַנגער שמאָלער באַנק, אין דער גאַנצער לענג אויסגעצויגן, שלאָפט טאָמעק מיטן פּנים אַרויף. דאָס פּנים זיינס איז איצט בלייכער און אויסגעשפּיצטער, ווי

אַלעמאָל, אַזוי, אַז ס׳דאַכט זיך, אַז ס׳איז באַשלאָגן פון אַ בלוי פּאַרברענטער פאַרב. ער אָטעמט שווער, קורץ און אָפּגעהאַקט, דאָס האַרץ הויבט זיך שווער אַרויף און אַראָפּ. אָט אָטעמט ער לייכט — אָט הערט זיך אין זיין אָטעמען ווי אַ קרעכץ, ווי ער וואָלט זיך עפּעס שטיל געבעטן.

*

אונטער אַ פינסטערן, ווי פון שוואַרצן רויך אָנגעלאָפּענעם, הימל, שפּרייט זיך אַ ברייט ברוין-רויטלעך אָפּגעברענט פעלד, און עפּעס שרעקלעך-שוואַרצע, שפּיציקע פלעקן, עפּעס גרויסע שוואַרצע קראָען מיט לאַנגע, שוואַרצע, שפּיציקע שנאָבלען באַדעקן דאָס פעלד. דאַכט זיך, טייל פון די קראָען טוישן זיך, יעדע מינוט, הויבן זיך, שפּרייטן זיך אויף דינע, שוואַרץ-נעגלדיקע פיסלעך, דאַכט זיך גאָר שוואַרצע, אַלטע פרויען, האַלב-איבערגעבויגענע, מיט שפּיציקע, שמאָלע, שוואַרצע קעפּ, זוכן עפּעס, אינם אָפּגעברענטן פעלד, גראָבן מיט שוואַרצע, לאַנג-נעגלדיקע פינגער, און יעדע מינוט ווערט דאָס פעלד געדיכטער פון די פלעקן באַדעקט, און וואָס די וואָלקן שוואַרצע רויך ווערן נעענטער, זאַמלען זיך די קראָען אַלץ געדיכטער צונויף, ווי געיאָגט פונם רויך-הימל...

און שטיל איז אַזוי אין פעלד, אַז טאָמעק הערט נישט זיין אייגענעם אָטעם, ער שפּאַרט מיט אַלע זיינע קרעפטן אָן די הענט אָן דער קאַלטער ערד, ער וויל זיך אויפהויבן, און ער קאָן נישט. אָט הויבט ער זיך און פאַלט צוריק, און אַזאַ זיסע מידקייט גיסט זיך אין אים... אָט זעט ער ווי אַ שווערער, שוואַרצער וואָלקן-רויך לאָזט זיך אַראָפּ און גיסט זיך צונויף מיט אַ באַרג שוואַרצע קראָען און טראָגט זיך אַזוי שנעל צו אים... אָט פילט ער אויף זיין פּנים אַ קאַלטן, ראַציקן פוס מיט נאָגל פון אַ קראָ, זי צילט איר שוואַרצן, שפּיציקן שנאָבל אין זיינע אויגן. ער פּרוווט זי אָפּטרייסן מיט דער האַנט, נאָר די קראָ האָט שוין טיף אירע נעגל אין זיין פּנים איינגעגראָבן. שרייען קאָן ער נישט, ווייל די זיסע מידקייט גיסט זיך אין

אים, ער פילט, אַז ווען ער וועט דאָס מויל עפענען, וועט ער גאָר לאַכן.

פלוצלינג דערזעט ער: ווייט, ווייט, נאָך די שוואַרצע רויך-הימלען, האָט זיך צעגאָסן אַזאַ ליכטיקער, אין אַ שטילן, ליכטיקן פלאַם שיינט דאָרט די זון, אונטער איר ליכט שפּרייט זיך אַזאַ פלוש-גרינע, זאַפטיקע לאָנקע, און פון דאָרט טראָגן זיך טענער, עפּעס אַ שטיל, זיס געזאַנג, ווי מלאכים וואָלטן זינגען... און אויף יענער זאַפטיק-גרינער לאָנקע טראָגן זיך דורך אַזעלכע שיינע, הויכע, זון באַגאָסענע מענטשן, ליכטיקע זון-באַגאָסענע פּרויען-געשטאַלטן, און פאַרשידנפאַרביקע, לייכטע קליידער געהילטע, ציען זיך דורך, אַזוי שטיל, אַזוי לייכט, ווי זיי וואָלטן געפלויגן... און די קנוילן שוואַרצע רויך שטיקן אים, טאָמעקן, ער פילט, ווי ער איז שוין אינגאַנצן באַדעקט פון די קראָען, און וואָס אַרום אים ווערט פינסטערער, ווערט דאָרט אַלץ שטילער און ליכטיקער, און די שטילע ליכטיקע געשטאַלטן טראָגן זיך אַזוי לייכט איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן...

ווי גוט איז דאָרט, אויף יענער גרינער לאָנקע, ווי גוט — קלערט ער — איז דאָרט זיך אַוועקצולייגן און רוען אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג...

ער שטרעקט אויס זיינע הענט און ציט זיך אַהין, נאָר ער קאָן פונם אָרט זיך נישט הויבן. ער הויבט זיך אָן שרעקן, אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט אים... פלוצלינג דערפילט ער אַ שטעכיקן וועטאָג. ער רירט מיט דער האַנט אָן זיין פּנים, אַ קראָ האָט אים אַ שטיק פלייש פונם פּנים אויסגעריסן, און מיט אַ ווילד פאַרשטיקטן געשריי, און אַ קאַלטן שווייס אויפן שטערן, כאַפּט ער זיך אויף, ער בלייבט זיצן אויף דער באַנק, מיט ברייט-אויפגעריסענע, פון שרעק פאַרגלעזערטע, אויגן און זעט גאָרנישט...

*

טאָמעק ווישט זיך אויס די אויגן, טרייסלט זיך אָפּ

פון שלאָף, ער פילט ווי אַ שאַרפע, פיבערדיקע קעלט גליטשט זיך דורך זיין קערפּער, ווי אַ שווערע זאַך וואָלט אים געפּאָרן אין קאָפּ אַריין, דערמאַנט ער זיך פלוצלינג אָן דעם חלום. אויף אַ מינוט שווימט פאַר זיינע אויגן אויף יענץ אָפּגעברענט פעלד מיט די קראָען, איצט שרעקט דאָס אים נאָך מער, ווי פריער. ער זעט עס איצט נאָך נענטער, נאָך בייזער, דאָס פאַרשווינדט אָבער באַלד, און ער דערזעט פאַר זיך יענע שטילע, ליכטיקע הימלען, איבער דער שטילער, גרינער, זאַפטיקער לאָנקע, נאָך שטילער, נאָך זאַפטיקער, ווי פריער. און וואַכנ־דיק פילט ער, ווי ס׳גיסט זיך אין אים יענע זיסע מידקייט, אָט אָט שלאָפט ער איין, און ער רייסט זיך מיט געוואַלט אויף.

— ס׳א חלום, ס׳א חלום! — מורמלט ער און דערזעט פלוצלינג די שענק...

ס׳איז שוין כמעט אינגאַנצן פינסטער. דאָס קנייטל פון דער לאַמטער רויכערט, צאַנקט, קוים־קוים וואָס עס גיסט אַרום זיך אַ שוואַכן, רויטלעכן אָפּשיין; טאָמעק לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, און זעט אין ווינקל קעגנאיבער זיך אַ שוואַרצע קאַץ, דעם רוקן איבערן קאָפּ איבערגעהויבן, ווי זי וואָלט זיך געצילט אויף עמעצן אַרויפצושפּרינגען, אירע צוויי לעגגלעך־שפּיציקע אַפּלען גליען אין אַ בלייך־גרינעם פלאַם, און גיסן פון זיך אויף דער פינסטערער פּאָדלאָגע צוויי שמאָלע פּאַסן גרין ליכט...

טאָמעקן שרעקט יעצט די קאַץ, זי דערמאָנט אים עפּעס פון יענע שוואַרצע, גרויסע קראָען, און ער נעמט לאַנגזאַם אַראָפּ דאָס היטל, און גיט עס אַ וואָרף אויף איר. די קאַץ שפּרינגט קרום אָפּ, און באַהאַלט זיך אין אַ צווייט ווינקל אונטער אַ באַנק.

פלוצלינג הערט טאָמעק, ווי פון דער צווייטער זייט צע־טראָגט זיך צו אים ווי אַן איינגעהאַלטן שעפּטשען. ער דרייט האַסטיק אויס דעם קאָפּ, און דערזעט דעם געלן הויקער. ער זיצט האַלב־ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע, מיט אויפגעריסענע, שטומע אויגן. ער רופט טאָמעקן מיט אַ פינגער און שעפּטשעט עפּעס שטיל. טאָמעק קוקט גלייך אויפן הויקער, און רירט זיך

נישט פון אָרט. דער הויקער שטעלט זיך שטיל אויף, און שטיל שפּאַנט ער צו צו טאָמעקן, זעצט זיך נעבן אים אויף דער באַנק, און שעפּטשעט שטיל:

— פאַרוואָס שלאָפסטו נישט, ברודער?

— וואָס איז דען?

— זאָג דעם אמת, פאַרוואָס קאָנסטו נישט שלאָפן? — רעדט דער הויקער מיט חשד, און קוקט טאָמעקן גלייך אין די אויגן אַריין. טאָמעקן הויבט אָן שרעקן דער הויקער, ער זעט אין אים אויך עפּעס פונם חלום, און דער הויקער פרעגט:

— נו, זאָג, פאַרוואָס?

טאָמעק פאַרשטעלט זיך מיט דער האַנט דאָס פּנים, און רעדט שטיל און שנעל:

— אַ חלום האָב איך געזען... אַ שרעקלעכן חלום... עפּעס אַ פעלד... אַ שוואַרץ, פאַרברענט פעלד... מיט קראָען... אַזוי פיל שוואַרצע קראָען!...

— קראָען? — פרעגט דער הויקער רויקער.

— יאָ, אַזוי פיל שוואַרצע קראָען!

— קראָען איז שלעכט!

— שלעכט... פון וואַנען ווייסטו דאָס? זאָג מיר!

— כ'וייס! — רעדט שנעל דער הויקער. — אַז ס'חלומט זיך קראָען איז טויט, אָדער הונגער.

— טויט? — לאָזט טאָמעק אַראָפּ דעם קאָפּ, ער האָט נאָך קיינמאָל וועגן דעם נישט געקלערט...

— אודאי! קיין גוטס איז נישטאָ פון אַזעלכע חלומות! — זאָגט שנעל אָפּ דער הויקער, הויבט זיך שנעל אויף פון דער באַנק אַ זיפץ טוענדיק.

— זיץ נאָך אַביסל, איך בעט דיך! — פאַרהאַלט אים פלוצלינג טאָמעק פאַרן אַרבל. — איך וועל דיר נאָך דערציילן וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט, אַז נאָך דעם שוואַרצן פעלד מיט קראָען, האָט געשיינט אַזאַ ליכטיקער הימל, איבער אַזאַ שיינער, גרינער לאָנקע, און געזונגען האָט מען דאָרט אַזוי זיס, ווי מלאכים וואָלטן דאָרטן אַרומגעשוועמען...

— אָ, דאָס איז אַ סימן, אַז באָכן טויט וועסטו רוען אין גן-עדן, און דאָרט וועט דיר זיין גוט!

— רוען אין גן-עדן... פון וואַנען ווייסטו דאָס, האַ? — פרעגט טאָמעק.

— ע, ע! איך האָב געלערנט, ווייס איך! — ענטפערט שנעל אָפּ דער הויקער, און גייט שטיל אָפּ פון דער באַנק. טאָמעק לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פאַרקלערט זיך...

*

דער הויקער שטייט פאַרצווייפלט נעבן דער באַנק, אויף וועלכער עס שלאָפט די מויד, מיטן פנים אַרויף, אין דער גאַנצער לענג אויסגעצויגן, דאָס פנים אין איין רויטן פלעק צעגאָסן, די האָר צעפלאָסן, און איר הויכע, ברייטע ברוסט שטאַרט הויך אַרויס פון דער ענגער מענער-מאַרינאַרקע און הויבט זיך לאַנגזאַם אַרויף און אַראָפּ.

דורך איר לייכט, צעריסן קליידל צייכענען זיך די ליניען פון אירע קורצע, ברייטע פיס-פאָרמען. דער הויקער שטייט דערנעבן, די אויגן מיט אַ מאָדנער היץ פאַרגאָסן, און צום האַרצן שלאָגן אים הייסע, שטורמיקע פאַליעס בלוט, וואָס אַמאָל ווערט אים ענגער אין האַלז, אָט, אָט קאָן ער מער דעם אָטעם נישט כאַפּן און פאַלט אַנידער...

ער גראָבט איין זיינע ברייט-אויפגעריסענע אויגן אין אירע שלאָפנדיקע, ער לייגט לאַנגזאַם צו זיין אויער צו איר ברוסט און הערט, ווי זי אָטעמט טיף.

— זי שלאָפט!... — קלערט ער און בלייבט האַלב-איינגעבויגן איבער איר.

— וואָלט זי נישט געווען אַזאַ ווילדע צעלקאַ... אַ הויקער... זי וועט זיך אויפכאַפּן... זי וועט שרייען! — ער לייגט לייכט אַרויף אַ האַנט אויף איר ברוסט, און מורמלט שטיל:

— צעלקאַ — צעלינאַ!..

זי שלאָפט...

און דעם הויקערס אויגן צעבליצן זיך פלוצלינג מיט

פייער, ער לעגט זיך שווער אַרויף אויף איר ברוסט, וויקלט אַרום אירע שלאָפנדיקע הענט, אַרום זיין האַלז און מורמלט אין אַ שווערן, קורצן אָטעם:

— צעלקאַ... צעלינאַ!...

צעלקאַ האָט פלוצלינג די אויגן געעפנט, און אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם הויקער, גלייך געזעצט זיך אויף דער באַנק, זיך הויך און גרילציק צעלאַכט, אויסשרייענדיק:

— ס׳גייט נישט, הויקער, האַ? נישט אָנגעגאַנגען!...

און דער הויקער האָט נאָך אַלץ געמורמלט:

— צעלקאַ... צעלינאַ!...

*

אין דרויסן האָט זיך שוין געגרויט אויף אַ רעגנדיקן טאָג. אין די הינטערגעסלעך האָט זיך שוין געהערט דאָס אומעטיק-ווילדע פאַבריקן-פייפעריי. פון דער שענק איז טאָמעק דער ערשטער אַרויסגעגאַנגען, ער האָט געקלערט וועגן רוען אין גן-עדן, און די גאַנצע מענטשלעכע ערד איז געלעגן פאַר אים אַ גרויע, פרעמדע און פאַרנעפּלטע.

## צו די שייַנע גאַסן

די ערשטע טעג איז געווען יום טוב אין שטוב. גאָרנישט די רייזל. יוסל האָט זיך אין איר נישט געקענט זאַט אָנקוקן. ביי אים אין האַרץ האָט געריט אַ ליכטיקער שמייכל, ער האָט זי אַלע מאָל אַרומגענומען, זי געקושט, איר אין די אויגן אַריינגע-שמייכלט, „דאָס ביסטו רייזעלע?" און נישט אָפּגעלאָזן זי, ביז וואַנען זי האָט אים מיט דעם זעלבן געענטפערט.

דאָבע, די שוויגער די אַלטע, שווערע יידענע, האָט געשטיפט, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז יינגער געוואָרן און אירע אייביק פאַרטרערטע אויגן זענען קלערער געוואָרן.

יאָסל איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב. אַזוי גרינג און פריי איז זיך געגאַנגען, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די וועלט האָט זיך אויסגעלייטערט, נישטאָ אין ערגעץ קיין שום שלעכטס, אומעטום איז יום-טוב, אומעטום איז גוט. ער האָט אַפילו פאַר-געסן דאָס סטאָלעריי, זעלטן ווען ס'האָט אים פלוצלינג אַ קלאַפּ געטאָן אין די נאָז דער ריח פון ווייסן האָלץ מיט קליי.

דער אַלטער הערש, דער שווער, וואָס קען מען פון אים פאַרלאַנגען? אַ דערשלאָגענער מענטש, אַרבעט שוין העכער דריי-סיק יאָר אין דער לאָמפּן-פאַבריק, אויסגעמאַטערט און הוסטנדיק פונדעסטוועגן איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן, רייזל איז ביי אים דאָס אויג אין קאָפּ.

אין דער שטוב האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעטראָגן דער חתונה-ריח. ס'האָט נאָך געשמעקט מיט פּערפומען פון די געסט, דער ריח פון געקעכטס. די טענער פון כלי-זמר האָבן נאָך באַוועגט. צום טאַנצן און די ליכטיקע טעג פון דעם נייעם פרילינג האָבן פון אינדעפּרי אָן אַ ריינגעשמייכלט דורך די ריין-

געוואַשענע פענסטער, קיין שום שלעכט האָט נישט געדראָט פון ערגעץ.

דעם ייִנגן פּאָר האָט מען אָפּגעגעבן דאָס צווייטע און לעצטע צימער. דאָרט איז נאָך ריין און ציכטיק געווען, אויפן טישל זענען געלעגן די בלאַנקענדיקע דרשה-געשאַנק-זאַכן און נאַשוואַרק.

רייזל איז געלעגן אָנגעלענט אויפן נייעם בעט, יאָסל נעבן איר אינם נייען אַנצוג, ער האָט געהאַלטן זיין קאָפּ אויף איר שויס און איר דערלאַנגט אין מויל אַריין צום נאַשן.

רייזל איז געווען בלייכער ווי אַלע מאָל. אירע אויגן האָבן געבליקט מיד צוזאַמען מיט אַ שטאָלץ פון פאַרמעגן און אייגנטום-געפיל, אין אירע באַוועגונגען האָט זיך געשפּירט אַן איבערפילט-קייט פון צערטלעכקייט צו זיך אַריין. יאָסל האָט מינוטנווייז קוקנדיק אויף איר, נישט געקאָנט אָן איר געפינען די רייזל פון פריער פון יאָרן צוריק אין די ערשטע צייטן פון זייער באַקאַנטשאַפט.

די אַלטע דאָבע איז שוין עטלעכע מאָל מיט פאָרזיכטיקע טריט צו דער טיר צוגעגאַנגען און נישט פאַרגינט זיך זי צו עפענען. זי האָט דערפילט אַ פרעמדקייט און אָבשיי צו דער טאָכטער צוזאַמען מיט אַ קינדישער נייגיריקייט אין יענער זייט טיר פונם צימער. זי האָט זיך נישט פאַרגינט די טיר צו עפענען. „וואָס דאַרף מען זיך דרייען”? האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, און נאָר אין אָוונט ווען דער אַלטער איז פון דער אַרבעט אַהיים-געקומען, האָט זיך די אַלטע דערפילט זיכערער.

דער אָוונט-ברויט האָט נאָך מיט חתונה-טעם געשמעקט. ס'זענען נאָך אַלץ געקומען געסט, רייזלס חברטעס און יוסלס חברים פונם סטאָליאַר-פאַך. אָט די מענטשן האָבן נאָך דערמאָנט אין די וואָכעדיקע טעג. אויף די קליידלעך פון די מיידלעך זענען נאָך געלעגן דרימען פּאָדים, סימנים פונם גאַנצן טאָג נייען, און פון די בחורים האָט זיך געטראָגן דער האָלץ-שטויב פונם סטאָלערײ.

מיט אַ נייער זעלטזאַמער פריינטשאַפט זענען זיי איצט געקומען. יעדער האָט געפילט פאַר זיין חוב אַן עצה צו געבן:

ווי אַזוי די זאַכן אויסצושטעלן. די מיידלעך האָבן געראַטן רייזלען ווי אַזוי זיך צו פאַרקעמען. רייזל האָט דאָס אַלץ מיט אַ לייכטן שמייכל פון זעלבסט-ווירדע צוגענומען. ביים אַוועקגיין האָט מען זיך געקושט און געווונטשן.

אין די לעצטע טעג איז רייזל איבערפולט געווען מיט אַ מילדקייט פון אַ מענטש וואָס איז מיד פון זיין רייכטום.

זי האָט אין די לאַנגע טעג און יאָרן, זיצנדיק אויפן האַרטן בענקל מיט דער נאָדל אין דער האַנט נישט געפילט קיין נאָענט-קייט צו אירע חברטעס. זי איז געווען אָרעם אָבער שטענדיק שיין געקליידט, וואָס האָט אַרויסגערופן קנאה און רכילות ביי די מיידלעך. זי האָט פון שטענדיק אָן ליב געהאַט צו שפּאַצירן אין די שיינע רייכע גאַסן און דער גאַנג אירער איז געווען אַ שיינער און גראַציעזער. און קומענדיק אַהיים אין די וואַרעמע זומער-אָוונטן, איז זי לאַנג אין דעם פינצטערן, ענגן צימערל געזעסן, אויפן בעטל, און געטראַכט. זי איז געווען אַ שטילע און באַהאַלטענע און קיינער האָט נישט געוווּסט, פאַר וואָס אירע אויגן בליקן מיט אַ אומעט פון געדריקטקייט. זי איז געווען שיין, כאָטש איר אויסזעען איז געווען אַ פּשוטער. איר קאָפּ איז געווען אַ קליינער מיט גלאַטע, העלע, גאָלד-האָר. זי האָט געהאַט בלויע אויגן מיט אַ קליין, טונקל פריש-בלוטיק מויל.

זי איז געווען אַן אָרעם מיידל, וואָס האָט נישט ליב געהאַט די אָרעמקייט. זי איז געבוירן און געלעבט אין אַ שיינער און רייכער שטאָט. נאָר אין דעם אָרעמסטן און קלענסטן אונטערגעסל פון דער שטאָט האָט זי געוווינט. און איצט אויפן דריטן טאָג נאָך דער חתונה, נאָך דעם, ווען ווען זי האָט אַזוי פיל געקלערט אין די אַלע טעג זיצנדיק ביי דער ניי-מאַשין, איז קיין שום נייעס נישט געשען. אויף וואָס האָט זי געוואַרט? זי האָט זיך עס געפרעגט איצט, זיצנדיק לעבן יאָסלען, נעבן איר מאַן, וואָס האָט געדאַרפט זיין איצט דער נאָנטסטער פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט, נאָר פאַר וואָס שרעקט זי אַזוי אַלעס אַרום, גלייך ווי זי וואָלט פאַרגעפילט עפּעס שלעכטעס? פאַר וואָס פילט זי מינוטנווייז אַ פאַרדרוס אויף די צערטלעכקייטן מיט וועלכע מען רינגלט זי אַרום? פאַר וואָס בענקט זיך איר

נאָך די אָוונטן ביי די לעצטע שטעך פון פאַרענדיקן די אַר־בעט, פאַר וואָס איז איר האַרץ דעמאָלט איבערפולט געווען פון ווארטן? אויף וואָס האָט זי געוואַרט?

*

פאַרנאַכט. רייזל זיצט ביים שפּיגל. דעם קליינעם, בלאָנדן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף אירע פולע, קרעפּטיקע אָרעמס. אַזוי זיצט זי לאַנג און קוקט אומעטיק אויף זיך אַליין, ווי מען קוקט אויף אַ מענטשן. אין וועלכן מען וויל געפינען עפּעס לעכער־לעכעס. ס'ווילט זיך איר לאַכן. אַ האַסטיק געלעכטער שפּאַרט איר אין האַלז. אין די ווינקלען פון איר מויל דאַכט זיך, אַז ז' וועט באַלד אַרויסלאַכן; נאָר אַ פּלוצלינג שטיל געוויין עפּאַרט זיך אַרויס פון איר ברוסט.

די אַלטע האָט שטיל די טיר געעפנט און שטיין גע־בליבן, מיט אַ מאַמע־פאַרקרומטקייט אויפן פּנים, מיט פאַרלייג־טע הענט, און אירע פאַרטרערטע אויגן האָבן אַפּירגעקוקט, ווי די זון דורך אַ נעפּל.

רייזלען האָט זיך פאַרוואָלט, אַז די מוטער זאָל זיך דער־נענטערן צו איר, זי אַרומנעמען. ערשט דעמאָלט וואָלט זי גע־קאָנט לאַנג, לאַנג וויינען. נאָר ווען די אַלטע איז נאָך אַלץ אַזוי געשטאַנען, האָט זיך רייזל אָפּגעהויבן פון דעם אָרט, און לאַנגזאַם, מיט וויגנדיקע טריט צום בעטל צו, זי האָט זיך האַלב אַוועקגעלייגט און מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק דורך דער מוטער געקוקט, ערשט דעמאָלט האָט די אַלטע געפרעגט:

— רייזל, וואָס איז דיר?

— גאָרנישט.

— נאַרעלע... וואָס איז דאָס געוויין?...

רייזל האָט באַדויערנד אַ שמייכל געטאָן און געשוויגן, די אַלטע האָט זיך מיט פאַרשעמטע טריט אַרויסגעשלייכט פונם צימער, פאַרלירנדיק אויפן וועג אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, אַז יאָסל וועט געוויס גיך קומען...

רייזל איז געבליבן ליגן מיט דעם זעלבן בלאָנדזשענדיקן

בליק פאַר זיך. אין צימער האָט אַלץ מער געטונקלט, זי איז מיד געוואָרן פון אָפּגעריסענע שטיקער בילדער, וואָס זענען פאַר איר דורכגעשווומען.

עפּעס פאַרלירט זי... לאַנגזאַם גייט פון איר אַוועק. איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר בלישטשענדיקע לייכ־טער פון „דרשה־געשאַנק״ און זי האָט מורא געקראָגן פאַר דעם געדאַנק: „וואָס וועט זיין, ווען די לייכטער וועלן די ניי־קייט אָנווערן״?

... אַן אָרימע, גרויע שטוב... אַן אָרימער אויסגעמאַטער־טער מאַן... אָרימע קינדער... דערביי איז איר געוואָרן אַזוי ענג, ערגעץ אַנטלויפן... שיינע, רייכע, בלענדנדע וועלטן... אַזעלכע ווי זי האָט אין קינאָמאַטאָגראַף און טעאַטער געזען... איר האַרץ איז פאַרלאָפן פון טרערן — זי האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט, ווי זי וואָלט געזוכט אַן אָרט צו אַנטלויפן. אירע אויגן האָבן זיך ברייט אויפגעריסן ווי אין פאַרצווייפלונג, אַ לענגערע צייט איז זי אַזוי געזעסן, דערנאָך זיך איינגעגראָבן מיט דעם קאָפּ אין קישן און שטיל איינגעדרימלט.

אסתּר האָט שטיל געעפנט די טיר. דאָס איז געווען רייזלס בעסטע חברטע, אַ פאַרעלטערט מיידל, אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ בלייך־געלע הויט פון איבערגעבערענטקייט. זי איז צוגעגאַנגען צום בעטל:

— רייזעלע...

רייזל איז לאַנגזאַם אַריינגעפאַלן אין אירע אָרעמס. און זיי האָבן זיך צעקושט, דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט, ווי צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך עפּעס צו זאָגן. אסתּר האָט זיך אַרומגע־קוקט מיט אַן אויסדרוק פון סודותדיקייט און געפרעגט:

— ער איז נישטאָ יאָסל?

— ניין.

אסתּר האָט זיך צוגעבויגן צו איר אויער.

זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט.

— כ׳האָב מיך נעכטן בייגאַכט געזען מיט אים.

אסתּר האָט זיך צוריקגעהאַלטן, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן.

ביידע האָבן אַ מינוט געשוויגן. דערנאָך האָט רייזל האַרט אַרויס-געערעדט:

— אסתּר, ער האָט דיר עפּעס געזאָגט?

אסתּר האָט זיך אויפגעהויבן לאַנגזאַם, ווי ס׳וואָלט איר אַ שאָד געווען אַלץ מיטאַמאָל אַרויסצוזאָגן:

— וואָס פרעגסטו, נאַרעלע... דער יונג איז אינגאַנצן ווי משוגע... ער קאָן נישט רוען... כאָטש אַ וואָרט וויל ער מיט דיר אויסרעדן... ער האָט צו דיר גאָרנישט... וואָס־זשע האָב איך אים געקאָנט ענטפערן?... אַדאָלף — זאָג איך — איר זענט משוגע געוואָרן... איר מיינט, אַז ס׳איז פריער?... איצט איז שוין גאָר אַן אַנדער רייזל... אוי, רייזעלע, רייזעלע, ס׳איז גאָר נישטאָ קיין גליקלעכע ליבע אויף דער וועלט...

רייזל האָט געהערט, זי האָט געקוקט רויק פאַר זיך, מיט-אַמאָל האָט אַ שמייכל באַגאָסן איר פּנים. זי האָט זיך פלינק אויפ-געהויבן, אַ טאַנץ טוענדיק איבער דער שטוב.

די אַלטע האָט ווידער די טיר געעפנט און צופרידן אַריינגע-רעדט:

— אָט אַזוי אסתּרשי... טאַקע גוט וואָס ביסט געקומען... אַז אַ מאַן גייט אַוועק אויף אַ פּאָר שעה ווייַנט מען גאָר...

רייזל האָט מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט און געקלערט וועגן עפּעס אַנדערש.

רייזל האָט געוויזן אירע קליידער. מ׳האָט גערעדט וועגן פאַרשידנס, וועגן דער חתונה, וועגן ווירטשאַפט. רייזל האָט אינ-גאַנצן פאַרגעסן אינם פריערדיקן שמועס. אסתּר האָט נישט גע-וואַגט זי צו דערמאָנען, נאָר פלוצלינג האָט זיך רייזל צו איר אַ בויג געטון מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן, ווי זי וואָלט זיך איינ-געהערט אין אַ ווייטער זאַך.

— אסתּרשי... כ׳בעט דיך, כ׳וויל אים זען. און זי האָט זיך פלוצלונג, אַרומכאַפּנדיק אסתּרן, צעוויינט.

*

אין אַ נייעם, טונקל גרינעם, זיידענעם קלייד און אַ

וויסן הוט, האָט זיך רייזל פונם געסל אַרויסגעטראָגן. נאָך האָבן איר ווייבער מזל־טוב אָפּגעגעבן און לאַנג נאָכגעקוקט מיט קנאה און חשק מיט איר שטענדיקן שטאָלצן און גראַציעזן גאַנג האָט זי זיך געטראָגן אַרויף־שטאָט צום צענטער.

זי איז אַריין אין די שיינע, אויסגעצירטע גאַסן פון דער גרויסער און שיינער שטאָט, וואָס האָט איצט, אין דער פאַרנאַכטיקער, האַלבער ליכט, אויסגעזען ווי אַ פאַראַד. אַ געוואַלדיקע מאַסע מענטשן האָבן זיך געטראָגן מידע און זיס־פאַרשיכורטע. באַקוועם איז אַלץ אַרום און אָנגענעם פאַרן אויג. די בלייך לילע פאַרנאַכטיקע פלאַמען פון די עלעקטרישע לאָמפּן. די פאַרשידנאַרטיקע ברייט אויסגעצירטע פענסטער־שויבן פון די געוועלבער. די רייכע געשמאַקפולע קליידונג פון די דאַמען און הערן האָבן לאַנגזאַם אַרויפגעפירט אויף רעגנדע געדאַנקען פון רייכטום און פאַרגעניגן.

רייזל האָט דערפילט א דאַנקבאַרקייט צו דער שטאָט און צו די מענטשן אַרום, וואָס האָבן דאָס אַלעס געשאַפן. זי האָט דערפילט אַ פאַרגעניגן דערפון, וואָס זי האָט דאָס רעכט דאָ איצט צו גיין. זי האָט נישט געקלערט וועגן דער היים, און נישט וועגן יוסלען. זי האָט אַזוי געוואָלט זיין שיין... זי האָט אַזוי געוואָלט זיין רייך.

זי איז שטיין געבליבן פאַר דעם הויכן, פון אייזן־געפלאָכטענעם טויער פונם זאַקסישן גאָרטן. די הויכע, געצ[illegible]טע ברייט־צעבליטע קאַשטאַנען־ביימער, האָבן אויף איר אַן אָטעם געטאָן מיט אַ פרישער שמעקנדיקער לופט. די גלייך־געשניטענע אַלייעס האָבן זיך אויסגעשפרייט אין זאַנפטקייט, ווי זיי וואָלטן פאַרבעטן אַריינצוגיין.

רייזל האָט זיך אַ פאָר מינוט פאַרהאַלטן. דער גאָרטן האָט איצט פאַר איר אינגאַנצן אַנדערש אויסגעזען, ווי מיט יאָרן צוריק, ווען זי פלעגט, מיט נאָך אַ סך אָרימע מיידלעך פון זייער געסל, אַהערגיין, איז פאַר איר אַלעס אַזוי היימיש געווען, איצט דאַכט זיך איר, אַז זי איז דאָ אַ פרעמדע. אָך, ווי זי וואָלט געוואָלט וווינען דאָ ; אויף די מיט בלומען-באַ-

צירטע באַלקאָנען. אין די ברייטע, ליכטיקע פענסטער, פון וואַ־
נען עס טראָגן זיך קלאַנגען פון רייכטום און זיכערקייט.

פאַרוואָס האָט זי שותפות געמאַכט מיט יאָסלען?... וואָס
האָט איצט פאַר איר ווי אַ גרוי, אָרים ווינקל אויסגעזען. אין
וואָס וועט ווייטער זיין? אסתּר האָט געזאָגט, אַז אַדאָלף וועט
אויף איר דאָ וואַרטן...

וואָס קאָן זי אים איצט זאָגן?

ביי דעם קיילעכדיקן, מיט בלומען אַרומגעצירטן וואַסער
זענען די בענק פול מיט מענטשן געווען. דריי ווייסע שוואַ־
נען האָבן אויף דעם פאַרנאַכטיקן, לילען וואַסער־שפּיגל זיך
אַרומגעגליטשט ווי אַ כּישוף. אַרום אויף די אויסגעפּלאַסטער־
טע גלייכע שטעגן האָבן זיך געצויגן פאַרשידנפאַרביק גע־
קליידט שלאַנגען מענטשן. איר האָט זיך געוואָלט זיין שיין,
און זי האָט אַריינגעלייגט אין אירע טריט אַ ריטם פון אַ
אינערלעכער מעלאָדיע. פּליצלונג האָט זי דערפילט עמעצנס
בליק אויף זיך, און פון דער זייט אַן אָנגעשטרענגטן בליק
געוואָרפן, און באַמערקט צוויי מענער־הענט, איינע מיט אַ
ווייס־לעדערנע האַנדשו איבערגעצויגן. זי האָט זיך אומגעקוקט,
ווי עס וואָלטן איר געשטערט די טריט אונטער איר, וואָס
האָבן זיך געהאַלטן אין איין טאַקט מיט אירע.

זי האָט זיך אומגעקוקט מיט אַן אויסדרוק פון פאַר־
דריסלעכקייט, און דערזעען אַ פול־שמייכלענדיק מענער־געזיכט
מיט שמייכלענדיקע, פולע ליפּן אונטער קליינע, ווייך־שווארצע,
האַלב־רונדע וואָנסן. דער שמייכל אויף זיין געזיכט איז ברײ־
טער געוואָרן, ער איז אויף אַ רגע שטיין געבליבן. זי האָט
אויפגעהערט זען דעם גאָרטן. זי האָט פאַרלוירן אויף אַ מי־
נוט דעם ריטם פון אירע טריט, נאָר באַלד שנעלער און אומ־
געדולדיקער זיך געלאָזן גיין ווייטער, ערשט דעמאָלט האָבן זיך
צו איר אויער דערטראָגן, צוזאַמען מיט אַ פיינעם פּאַרפום־ריח,
עטלעכע ווערטער, מיט דעם ווייכן, וויגנדיקן אָפּקלאַנג פון
דער פּוילישער שפּראַך.

— אָך, ווי שיין איר זענט... ערלויבט מיר אייך צו באַגלייטן...

זי האָט דערפילט אַ וואַרעמע רויטקייט אויף איר פּנים. דאָס האַרץ האָט אויפגעבראַזט, זי האָט נישט געענטפערט, נאָר אירע טריט האָבן זיך פּלוצלינג איבערגעריסן.

זי האָט באַלד דערזען אַדאָלפן פון דערווייטנס. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט זייטיק אויפן שטעקן. זיין גאַלאַנטע פי־גור איז געווען טעאַטראַל אויסגעבויגן אין אַ פּאָזע פון אומ־געדולדיקן וואַרטן. באַלד איז ער שטרעבנד איר אנטקעגנגע־גאַנגען, זי האָט אים די האַנט דערלאַנגט און צעשראָקן גע־זאָגט:

— קומט אַוועק פון דאַנען... מען וועט אונז נאָך דאָ זען...

— ווער איז דען דאָ פון אונזערע גאַסן ?...

אַדאָלף האָט איצט נישט געקוקט אויף איר. זי איז גע־קומען — האט ער געקלערט — הייסט עס, אז אסתר האָט אים קיין ליגנט נישט געזאָגט... און דער פאַרלאַנג זי צו זען, וואָס האָט פאַר אים אַזוי אומדערגרייכלעך אויסגעזען, איז איצט אָפּ־געפאַלן. זיי האָבן זיך אַ פּאָר מינוט אַרומגעקוקט, ווי פאַרבלאָנ־דזשעטע, דערנאָך אוועק אין אַ שטילער, זייטיקער אַלייע און זיך געזעצט אויף אַ באַנק.

רייזל האָט גלייך אָנגעהויבן:

— אַדאָלף... כ׳בעט און... וואָס ווילן זי פון מיר ?...

ער האָט געקלאַפּט מיטן שטעקן אין דער ערד:

— רייזל... ס׳האָט געדאַרפט אַנדערש זיין... פאַרפאַלן... קיין טענות האָב איך נישט... כ׳בין נישט דער מענטש... נאָר... ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר, אין די אויגן אַריינגעקוקט, זי פאַר אַ האנט אָנגענומען:

— כ׳קאָן נישט רוען... זאָל איך מיר דעם קאָפּ אָפּ־

שניידן... ווייל שטענדיק האָב איך דיך אין זינען ?... דאָס האַרץ אַרויסרייסן ?...

ער האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און געשוויגן.

זי האָט געוואָלט נאָך און נאָך הערן דערפון. זי האָט מיט די פינגער געקליבן די פאַלדן פון איר קלייד, און איר בליער בליק איז געווען אַן אומבאַוועגלעכער. איר האָט זיך געוואָלט, אַז מיט איר זאָל עפּעס געשען. איר האָט זיך געוואָלט וואָס ווייטער אַוועק פון איר שטוב, פון יאָסלען, וואָס וואַרט דאָרט אויף איר. איר בליק האָט אַרומגענומען דעם רייכן, אויסגעצירטן גאָרטן, און פאַר אירע אויגן איז אויפגעשווומען אַ שיין, רייך לעבן, נאָך וועלכן זי האָט געבענקט, צו וועלכן זי האָט זיך געריסן. איר געדאַנק איז געגאַנגען אין אַ טאַקט פון טאַנץ און מוזיק. מיט יעדער מינוט איז זי נענטער צו אַדאָלפן. זי האָט מיטאַמאָל דערזעען פאַר זיך דאָס אויסגעצירטע געזיכט, מיט דער ווייסער האַנדשו פון דעם הער, וואָס האָט זי געוואָלט באַגלייטן, און זי איז צופרידן געווען דערפון, אַבי נישט אַהין... נישט אַהיים... צום אונטערגעסל... צו אים... צו אים...

*

דער גאָרטן אַרום איז געשטאַנען ברייט צעבליט, ווי אַ גרויסער יום-טוב-פּאַראַד. די קאַשטאַנען-בוימער האָבן זיך אויסגעשניטן אויף דעם ראָזן פאַרנאַכטלעכן הימל מיט זייערע גרויסע, שווערע, ווי פון אייזן געהעמערטע בלעטער, אין וועלכע ס׳האָבן ווייסע בליטן, ווי ווייסע ליכט-געשטעקט.

מענטשן האָבן זיך געטראָגן איבער די אויסגעשניטענע אַלייען, און די טענער פון דער רעסטאָראַן-קאַפּעלע האָבן אַרומגעצאַפּלט אין דער פאַרגילדעטער לופט.

אַדאָלף איז געזעסן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן מיט דער באַזונדערער מענערישער געדולדקייט פון וואַרטן דעם „יאָ” אָדער : „ניין”

ער האָט מינוטנווייז אַ קוק געטון אויף איר פאַרטראַכטן קאָפּ, אין בלאָנדיקער בלויקייט פון בליק און אים האָט זיך געוואָלט, אַז וואָס לענגער זאָל געדויערן דאָס גערודער

אין איר. אָבער לאַנג האָט רייזל נישט געענדערט איר פּאָזע, ביז וואַנען אַדאָלף איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— רייזל... איך האָב געמיינט... דו וועסט מיר עפּעס זאָגן... איך זע... דו האָסט שוין מיט מיר נישט וואָס צו רעדן...

זי האָט אַ שמייכל געטון:

— זעסט דאָך... כ'האָב דאָך געוואָלט זען... בין איך גע-קומען... איצט דאַרף איך שוין גיין אַהיים... יאָסל וואַרט אויף מיר... ער וועט זיין אין כּעס...

זי האָט עס געזאָגט מיט אַ בלייכן, צעשראָקענעם שמייכל. אויסציענדיק לאַנג אויפן קינדערשן אופן יעדעס וואָרט.

אַדאָלף האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן. ער האָט גע-קוקט אויף איר, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען אירע רייד. ביסלעכוויז האָבן זיינע שוואַרצע אויגן אויפגעבליצט, מיט אַ קורצן אָטעם פון כּעס האָט ער געזאָגט:

— נו, אויב אַזוי... גיי איך... איך האָב מיט דיר נישט וואָס צו רעדן. ער האָט איר אויסגעשטרעקט די האַנט. זי האָט שמייכלענדיק ביידע אירע הענט אין זיין איינער אַריינגעלייגט. זיין האַנט האָט זיך אַ טרייסל געטון.

— וואָס־זשע ווילסטו אַוועקגיין?... אַדאָלף? ביסט מיר אַ שונא?...

אירע בלויע אויגן האָבן אַ וואַרעמען הייך געטון אויף אים, און זיין האַרץ האָט זיך אַ ריר געטון „כ'וועל זי נישט אָפּלאָזן“, האָט אים אַ קלאַפּ געטון אַ געדאַנק.

ער האָט זי אויפגעהויבן פון דער באַנק און געמורמלט: „דו וועסט גיין מיט מיר“... — ער האָט מיט אַ ווילדן כּוח געדריקט אירע הענט און געמורמלט:

— מיט מיר וועסטו גיין... מער גייסטו נישט אַהיים... און זי איז טראָג געטון ווי אַ קינד.

ווי אַ פאַרחלומטע איז רייזל אַרויפגעטראָטן אויף די מאַרמאָר־טרעפּ פון דער קאַפּע.

פון די גרויסע, רייכע מאַרמאָר־שטיינער האָט אויף רייז־לען אַ קאַלטע פרעמדקייט געבלאָזן.

מיט יעדן טריט אויף אַ טרעפּ האָט דאָס האַרץ שנעלער געקלאַפּט.

די מוזיק האָט געוויגט. שפּיגלען האָבן אָפּגעגלאַנצט מיט בלומען און ווײַן. און רייזלען האָט זיך געדאַכט: אַז קיינמאָל וועט זי שוין דעם וועג אַהיים צום אונטערגעסל, צו יאָסלען, מער נישט געפינען...

## יאָשקע ווילדמאַן

זיי זענען געזעסן באַם ברעג טייך, זומער פאַרנאַכט. דאָס וואַסער איז געווען טונקל און קלאָר, ווי אַ שפּיגל, ארום זענען געשטאַנען די וועלדער, פאַרנעפּלטע איבער די בלייך-גרינע, שטילע ברעג.

זיי זענען געזעסן אין אַ שיפל, טיף אריינגעשניטן אינם זאמדיקן ברעג, אברהמל „פאַנדערס“ איז געזעסן אויפן ראַנד פון שיפל, אויף דער שויס האָט ער געהאַלטן די האַרמאָניקע. מיט אַן אומעטיקן בליק האָט ער געקוקט אויפן טייך, ווי ייִנג־לעך מיט מיידלעך האָבן זיך געשיפט, געשטיפט און גע־זונגען.

אָט איז גרישקע, זעליק דעם דרוקערס ייִנגל. צוזאַמען מיט אים אין חדר געגאַנגען, איצט איז יענער אַ מענטש מיט אַ קנעפל אין היטל, האַלט זיך גרויס און וועט אפשר זיין אַ דאָק־טאָר. די קלאָרע, באַלעבאַטישע טעכטער פירן זיך מיט אים אַרום, פאַרברענט זאָלן זיי ווערן! אברהמלען האָט זיך פאַרוואָלט עפּעס אָפּטון אַ שטיקל אָט די אַלע פיינע, ערלעכע; נאָר ווען ס'האָט זיך פונדעסטוועגן דערנענטערט צו אים אַ שיפל, האָט ער געקוקט אויף יענע מיט אַ בליק פון אומשולדיקייט, ער האָט גענומען די האַרמאָניקע, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און אויסגעצויגן:

> זיצן זיץ איך מיר באַ מיין פענסטערל —
> און קוק אַרויס דורך די קראַטן —
> אַז דו וועסט דורכגיין, ליבע שוועסטער
> דערציייל עס נישט מיין טאַטן...

אַ חוץ אברהמלען זענען אין שיפל געזעסן נאָך עטלעכע

קלענערע, האַלב־אָפּגעריסענע, וואָס האָבן זיך געזוכט וועגן אַריינצוקריגן אין דער חברה, זיי האָבן צוגעברומט צו דער האַרמאָניקע, געקוקט אויפן טייך, אויף די שפּאַצירער, צוגע־שמייכלט און זיך מיט ווערטער דורכגעוואָרפן.

מאָטל שוסטער איז לכבוד שבת געגאַנגען שפּאַצירן מיטן ווייב, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן ברעג מיט פאַרלייגטע הענט פון הינטן.

— וואָס זאָגסטו צום באַנדיטס זונדל? — האָט מאָטל שוסטער אַ זאָג געטון צום ווייב, שטיל, נאָר אבֿרהמל זאָל דאָך הערן.

— נישט גענוג מען גנבעט אַ גאַנצע וואָך, שפּילט מען נאָך אום שבת אויף דער האַרמאָניקע.

דעם שוסטערס ווייב איז געווען אַ קליינע, אַ קיילעכיקע, מיט איין אויבערשטער ליפּ, אָנשטאָט דער אונטערשטער האָבן זיך באַ איר אַרויסגעזען צוויי געלע ציין, זי האָט זיי אויס־געפייפט:

— אַ חברה גנבים...

די חברה האָבן עס דערהערט, און אַלע מיטאַמאָל אָנגעהויבן נאָכשרייען:

— קודלאַטער הונט!

אויפן ברעג איז געוואָרן אַ געלעכטער. מאָטל שוסטער מיט דער שוואַרצער, גלאַנציקער, קודלאַטער באָרד, האָט טאַקע אויס־געזען ווי אַ הונט...

ס'איז שוין געווען טיפער אָוונט, ווען פונם וועלדל, וואָס פון יענער זייט טייך, האָט זיך באַוויזן יאַשקע ווילדמאַן. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, מיט אַ פרייען, טאַנצנדיקן טריט פון אַ מענטש, וואָס איז זיכער אין זיך. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ גרין אויסגע־פּאַסט רעקל, מיט שמאַלע, אויסגעפּאַסטע שטיוועלעך, זיין גרינ־לעך פּנים האָט געהאַט אַן אָפּשיין פון בראָנז, דאָס קליינע היטעלע איז געלעגן טיף פאַררוקט אויף זיין שוואַרץ געלאָקטן קאָפּ, און דער גרויסער דאַשעק האָט טיפער געמאַכט דעם שאָטן איבער זיינע שוואַרצע, שטאַרק־באַברעמטע אויגן. ער האָט

געשמיסן די לופט מיט א לעדערן ריטל און לייכט צוגעפייפט אַ מאָטיוו, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט שפּילן אויפן בול-וואַר.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון באַרג, אַראָפּ צום טייך און דורכן שיטערן וועלדל געלאָזט זיך גיין צום טייך, וווּ אברהמל מיט די איבעריקע זענען געזעסן.

זיי האָבן אים שוין פון דערווייטנס דערזען און אויפגע-הויבן זיך אים אַנטקעגן. ער איז צוגעקומען, לייכט זיך אַוועק-געזעצט אויפן שיפל-ראַנד, און דערלאַנגנדיק מיטן ריטל איבער דער פּלייצע איינעם פון דער חברה מיט אַ שטאַרק אָנגערוקטן דאַשעק און שוואַרצע, הונגעריקע אויגן, האָט ער זיך געווענדט צו אברהמלען:

— און דו זיצסט דאָ מיט די יאָלדן?

אברהמל האָט נישט אויפגעהערט אונטערצושפּילן און אָפּ-געענטפערט מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם טאָן:

— דו מיינסט, אַז דיר שטייט נישט אָן זיך מיט אונדז צו חברן...

— און אַז ס'שטייט מיר נישט אָן... איז וואָס? — האָט זיך יאָשקע צוגעבויגן צו אברהמלען, אים אַרויפגערוקט דאָס היטל און אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? — האָט אברהמל אויפגעהויבן די שטים און אַוועקגעלעגט די האַרמאָניקע — דו מיינסט, אַז איך האָב מיך דערשראָקן פאַר דיר?

בײַ יאָשקען האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן, ער האָט אויפ-געהויבן די האַנט מיטן ריטל און מיט אַ צאַפּלדיקער שטימע פון כעס געמורמלט:

— דו חזיר דו... דו נאַקעטער ביין... די קישקעס וועל איך דיר...

ביידע זענען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן מיט אָנגע-בויגענע, שפּיציקע קעפּ און אויפגעהויבענע אַקסלען, ווי קען צום אָנפאַלן.

צום געשלעג איז עס אָבער נישט געקומען. ס'האָט זיך

פאַרענדיקט מיט אַ דורכשמועסן זיך, פון וועלכן אברהמל האָט פאַרשטאַנען, אַז אין יאָשקען האָט ער שוין נישט דעם נאָענטן חבר פון פריער, ער האָט פאַרשטאַנען פון יאָשקעס רייד, אַז ער וויל אוועקגיין... ווערן אַ „מענטש" און אָנהויבן אַן אַנדער לעבן...

אברהמלען האָט זיך איצט אויסגעוויזן, אַז נאָר יאָשקע האָט אים געמאַכט פאַר אַ גנב... אים פאַרשריבן אויפן רויטן קוויטל, איצט מאכט ער זיך אַוועק, און לאָזט אים אַליין...

— גיי. — האָט ער אויסגע־יפּצט פון אונטער די ציין.

— גיי, זאָל אַ רוח אין דיין...

אים האָט זיך וואָס מער געוואָלט שעלטן, אויסנוצן די פּלוצלינגע ווייכקייט יאָשקעס...

יאָשקע האָט קעגן אַברהמלס דערוואַרטונג שטיל גע־ענטפערט:

— איך בעט דיך, אברהמל... אין טאַטן אַריין זאָל נישט געשאָלטן ווערן... דו ווייסט דאָך, אז מיין טאַטע איז אַ פיינער ייד. זאָלן מיר אַלע אזוי לעבן, ווי איך וועל דיר נישט שווייגן...

דערביי האָט ער אַ זאָג געטון צו דער איבעריקער חברה אין שיפל:

— יאָלדן אַוועק פון דאַנען!

— מיר ווילן דאָ זיצן... — האָט איינער געפּרווט דעם צווייטן אָפּהאַלטן.

— וואָס איז דאָ געוואָרן! — האָט יאָשקע אויסגעשריען מיט כעס און פאַרצווייפלונג. — ווי די הערינג וועל איך אייך דאָ צערייסן! — איינעם אַ וואָרף געטון, ער איז געפאַלן מיט צעשפּרייטע הענט אויפן פייכטן זאַמד.

— וואָס וואַרפט ער זיך, גיב אים מיט א שטיין! — האָט איינער געמונטערט דעם צווייטן; נאָר יאָשקע האָט שוין מיט דער אויפגעהויבענער רוט געפלאָטערט איבער זיי, ביז זיי זענען פאַרשוווּנדן.

— פאַרשטייסט אברהמל — האָט יאָשקע אָנגעהויבן מיט אַ צוריקגעהאַלטענער שטים... — קענסט דאָך כייקען? ס׳הייסט קענען — קענסט זי נישט... נור די האָסט זי געזען... אמת... אַ ווילע, אַ שיינע און אַן אָרנטלעכע, אמת? ס׳איז דאָך אַ ברילאַנטן קינד, זאָלן מיר אַזוי לעבן, וואָלטן מיר ביידע גע־קענט אַ האַלב, — וואָס זי קען, כ׳האָב שוין לאַנג אַן אויג, כ׳האָב נאָר געמיינט, אַז זי וועט אַנטלויפן פון מיר, ווייל אין אמתן, וואָס בין איך קעגן איר? נאָר פאַרשטייסט? זי איז דאָך געראַכט, זי זאָגט: פריער דאַרף מען ווערן אַ מענטש, מ׳רעדט אויף איר אַזוי אויך... פאַראַכטאָגן שבת האָט אונז זלמן סיבירטשיק געזען אין „גאַרבאַטקע״, האָט זי געהאַט אַ פסק, כ׳וואָלט אים אַ ביין צעבראָכן, ווען נישט די...

אברהמל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיין שטים האָט געקלונגען מיט אַ פאַרדראָסיקן אומעט:

— וואָס־זשע ווילסטו, ווילסט זיין אַ „סטודענט״, ס׳פּאַסט דיר נישט מיט מיר צו גיין? גיי, פיר אַ ליבע...

יאָשקע האָט זיך אָנגעצונדן, נאָר געבליבן שטיל. ער האָט פּלוצלינג דערפילט אַ רחמנות צו דעם חבר זיינעם. אָט די כייקע, די באַלעבאַטישע, די שיינע, ריינע כייקע, פון וועלכער יאָשקע האָט קוים געוואַגט צו חלומען, איז נישט אַנטלאָפן פון אים. האָט זיך שוין דריי מאָל בגניבה מיט אים געזען, און היינט, ווען ער איז דורכן בולוואַר געגאַנגען, האָט ער זי מיט אינטעליגענטן צוזאַמען שפּאַצירן געזען, אָבער ער האָט גע־כאַפּט איר בליק מיט ליבע וואָס זי האָט אים געשיקט, און אַ שטאָלצער און גליקלעכער איז ער אַהער געקומען.

אברהמל, וואָס וועט ווערן פון אים? ער ווייסט, אַז ער האָט אים ליב, אין אים איז גיך געוואַקסן אַ פאַרלאַנג עפּעס צו טון פאַר אים, פאַר אברהמלען, פאַר דעם גוטן חבר זיי־נעם...

איצט זענען זיי ביידע געזעסן און געשוויגן. אברהמל האָט אַרויסגעצויגן עטלעכע דרימלענדיקע טענער פון זיין „האַרמאָניקע״, און יאָשקע האָט צוגעברומט אַ ליד, וואָס די

אינטעליגענטן האָבן אויף אַ שיפּל געזונגען. באַלד האָט ער זיך פאַרטראַכט אָנגערופן: — אברהמל...

אברהמל האָט לאַנגזאַם און ברוגז אויפגעהויבן דעם קאָפּ, נישט אויפהערנדיק ציען די האַרמאָניקע:

— וואָס איז?

— אַברהמל... ווער אַ מענטש...

— אַ סטודענט... אַזוי ווי דו?

— אַברהמל... שוין גענוג, כ׳קאָן נישט מער...

— גיי, איך האַלט דיך נישט...

— ווען דו וואָלסט געוווסט, ווי כ׳האָב זי ליב...

דעמאָלט איז אברהמל אויפגעשטאַנען. זיינע אויגן זענען מיט טרערן פאַרלאָפן. ער האָט געזאָגט:

— וואָס וועל איך זיין? אַ „באָנדער“? גיין צום טאַטן, שטאַרבן פאר אַ ביס?!

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט און אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף די האַרמאָשקע.

יאָשקע האָט זיך אויפגעהויבן, לאַנג געשטאַנען שטיל און אָן באַוועגונג, דערנאָך לאַנגזאַם די האַנט צו אברהמלען אויסגעשטרעקט:

— איך גיי אַוועק, אברהמל... און מער וועל איך נישט צוריקקומען... כ׳קען נישט... — און איז מיט שנעלע טריט אוועק פונם ברעג, איבערגעשפּרונגען אַ פּלויטל און אַריין אין דער טיפעניש פונם וואַלד.

די זון איז פאַרגאַנגען. די הויכע גלייך-געצויגענע סאָסנע-בוימער זענען אָפּגעגילדעטע געשטאַנען, אויף דעם בלייכן וואַלד-גראָז האָבן שטיקער זון געשמייכלט.

יאָשקע איז מיט שנעלע, שווערע טריט געגאַנגען טיפער אין דער שטילקייט אַריין. פּלוצלינג זיך אָפּגעשטעלט און מיטאַמאָל זיך אויף דער ערד געוואָרפן, אין דער טיף פון דעם שטילן וואַלד געקוקט, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוגעקוקט.

פּלוצלינג האָבן זיך פון זיינע אויגן צוויי גרויסע טרערן ארויסגעשפּאַרט; איבער זיינע באַקן זיך אַראָפּגעלאָזן;

ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט געשמייכלט צו אַ ווייטער, זיסער ערינערונג, און טרערן האָבן זיך געקייקלט אַלץ שנעלער און שנעלער איבער זיינע באַקן.

*

דאָס זענען געווען ערינערונגען פון זיסער, גנבהשער שרעק אין פינסטערע נעכט, פון אַ פריי לעבן... און טרערן פון ליבע און — אָפשייד פון אַ גוטן, געטרייען חבר.

# איז דער פרעמד

צו אַ סך זאַכן האָב איך מיך שוין צוגעוועגט. איך בין שוין אין דעם לאַנד כּמעט אַנ׳אייגענער. איך גיי צוזאַמען מיט מיליאָנען מענטשן און איך הער קיין פאָרוווּרף נישט פון קיינעם, צייטנווייז מעגלעך — פון זיך אַליין. יאָ, פיל מאָל בין איך נישט צופרידן מיט זיך אַליין. אָבער דאָס איז נאָר כּיבוּטן-ווייז. מערסטנס בין איך צופרידן און פיל מיך גוט. נאָר קלייניקייטן וואַקסן אָפּט ווי וואָלקנס אויף מיין רויקן הימל. דאָס זענען נאָר קלייניקייטן, קוים אָנזעבאַרע. און ווייל זיי זענען אַזוינע קליינע, אפשר דערפאַר איז זיי אַזוי גרינג אַריינצודרינגען אין די טיפסטע ווינקעלעך פון מיין האַרץ און מיין נשמה. נישט לאַנג בין איך געגאַנגען אין גאַס, אין אָוונט, און פון קיין שום זאַך נישט געטראַכט. נאָר פּלוצלינג הויב איך אויף דעם קאָפּ און בלייב מיטאַמאָל פאַרווונדערט: שטערן אויפן הימל! אמת. אויפן הימל קאָנען זיין שטערן. נאָר אַז דער זעלבער ווינקנדער שטערן מאַרס איז אין דער זעלבער צייט אויך דאָרט; דאָרט... אין אַן אַנדער הימל, און אַנדערע שטערן בלאַנקען אויף פאַר מיר.

פאַרוואָס האָסטו מיר, מאַמע, צווישן דיינע אַלע שיינע און טרויעריקע מעשהלעך נישט דערציילט דאָס מעשהלע פון פרעמדקייט? וויפל טרערן וואָלסטו דאַן אַרויסגערופן פון מיינע קינדישע, פאַרווונדערטע אויגן? פאַרשפּאָרט וואָלסטו עס מיר יעצט. אַ דערוואַקסענער בין איך, און די טרערן זיי שפּאַרן אין האַרץ און עס טוט וויי.

ווען עס קומען די טונקעלע שעהן אין אָוונט, פולט

זיך אָן מיין שטוב מיט שאָטנס. פון מיין פענסטער זע איך ווייט אַרום פרעמדע, פאַרנאַכטיקע דעכער. און מיר דאַכט זיך, אַז איך בין אַליין געבליבן נאָך אַ ערד-ציטערניש. איך ווייס נישט פאַרוואָס? איך האַלט מיין טיר שטענדיק אַ פאַרשלאָסענע. האָב איך נישט קיין צוטרוי צו מיינע שכנים? אָט די שכנים מיינע זענען פשוטע מענטשן, זייערע אויגן זענען אַמייסטנס גרויע, און אַ שמייכל פון פשוטקייט ליגט אויף זייערע ליפּן, נאָר רעדן, רעדן זיי הויך און קלינגנדיק, און ווען איך הער זייערע טריט און שטימען אין קאָרידאָר, פאַלט מיר איין, אַז מיין טיר וועט אויפגעבראָכן ווערן, און אין מיין צימער וועלן אַריין מיינע שכנים מיט דעם שמייכל פון פשוטקייט אויף די ליפּן.

איך עס דאָסזעלבע, וואָס זיי עסן, און לעז די זעלבע ביכער, וואָס זיי לעזן, איך גיי פאַרביי זייערע טירן און פיל דעם ריח פון זייערע שטובן, דאָס איז אַ ריח פון אייביקן לעבן.

עס זענען דאָ טעג, ווען מיינע שכנים לאָזן זיך הערן דורך די ווענט צו מיר. איך הער זיך צו, צו די טענער, וואָס קומען פון דאָרט, דאָס איז געזאַנג פון מענער און פרויען שטימען, באַגלייט פון האַרמאָניקע מוזיק. איך הער קיין ווערטער נישט, נאָר דער מאָטיוו דרינגט ביסלעכווייז אַריין אין מיין האַרץ. עפּעס איז עס דאַכט זיך, אַזוי היימיש און באַקאַנט, איז דאָס געזאַנג נישט ענלעך צו די פילע ביכער, וואָס איך האָב געלעזן? איז דער מאָטיוו נישט ענלעך צו אַ ווייטן וועג און אַ וואַנדערער? איז דער צווייטער מאָטיוו נישט ענלעך צו אַ בליציקער האַק איבער אַ ווילדן שרייאיקן קאָפּ מיט בלויע פשוטע אויגן? און די פרויען-שטים, דער צאַפּלנדער טאָן פון ליידנשאַפטס-אָטעם — איז עס נישט דאָס געזאַנג פון שוואַרצע פרויען-אויגן, מיט מענער-הענט און הערצער פאַרפולטע פון בענקשאַפט? יאָ, דאָס איז דאָס ליד, וואָס עס זינגט שטענדיק מיין חברטע סאַראַ מויסיעוונאַ ראַבינאָוויטש. אונטער איר

לינקן אָרעם האַלט זי שטענדיק אַ שפּאָר פּעקל ביכער, און אין דער רעכטער-האַנט אַ קליין געלט-בייטעלע. אָט די האַנט מיטן געלט-בייטעלע איז ביי איר שטענדיק צונויפגעדריקט, גלייך זי האָט זיך פאַרוועט, צי מען וועט איר די האַנט עפענען. ניין, עטוואָס אַנדערש ליגט אין דעם געזאַנג פון מיינע שכנים, נישט אַזוי זינגט סאַראַ מאָיסיעיעוונאַ ראַבינאָוויטש: סאַראַ, ווען זי זינגט דאָס זעלבע ליד, דאַכט זיך, אַז ביי איהר טוט איר ווייַ די קעל פון אָנשטרענגונג, ווען ביי מיין שכנטע טוט וויי די ברוסט פון בענקשאַפט און ליבע. יאָ, אַזוי זינגט מיין שכנטע, איך דערקען איר שטים, און וועמען רופט עס איר ליד? אפשר ווידער דעם בלאָנדן, אויסגעמאַטערטן מענטשן, מיטן מעשענעם קנעפּל אויפן היטל? אַך, ווי יונג, ווי שטאַרק און ווילד איז די שכנטע מיינע. מיט שטאַרקער יוגנט, שטאָלצע און ווילדע פיס שפּאַנט זי פאַרביי דער טיר פון מיין צימער. איך האָב שוין אַזויפיל מאָל געפּרוּווט בלייבן רויק צו אירע טריט. נאָר עפּעס אַ קראַפּט הויבט מיך אויף פונם אָרט.

אין אירע גרינבלעכע בליקן איז קיין פריינדלעכקייט פאַר מיר נישטאָ. אַ סך מאָל דאַכט זיך מיר, אַז זי קוקט אויף מיר מיט שפּאָט און כּעס. דאַן ווערט זי פאַר מיר ווייט און פרעמד, און איך קלער נישט מער פון איר; נאָר גראָד אין דער ביטער איינזאמקייט, ווען אויף די פרעמדע ווענט פון מיין צימער הויבן זיך אָן וועבן די בילדער פון מיינע חלומות, בליצט אויף אַ גרינלעכער אָפּשיין פון אַ פּאָר אויגן, און מילד איז דער בליק זייערער. און אַ שטימע, די שטימע פון זינד און הרטה רעדט צו מיר די רייד פון מיינע בלויע קינדהייטס-טרוימען. פון וואַנען קומט אָט די פרעמדע, ווילדע פרויען-געשטאַלט אין מיין חלום? ווי אַזוי האָט זי זיך אַריינגעריסן אין דער טיפעניש פון מיין נשמה? און פאַרוואָס שטייט איר געשטאַלט אַזוי לאַנג פאַר מיר, ווי פאַרעקשנט. און אַ טרער שפּאַרט לאַנגזאַם פון גרינבלעכן לויג, ווי פון אַ וווּנד? אַך. גאָט מיינער! איך האָב דערפילט, אַז איך האָב אַ וואָרט פאַר איר צום לעצטן מאָל, עס קאָן זיין,

אַז נאָך איין מאָל וועל איך עס קאָנען פאַרן מויל אַרויסברענגען:
— מאַרי... — מאַרי!...

*

וואָס רוישט עס אין טונקעלן קאָרידאָר? ניין, דאָס זינגט מען נישט, דאָס איז גיכער ענלעך צו אַ געשריי, צו אַ פאַר־צווייפלט געשריי פון זינד און חרטה. מיין טיר איז אָפן, מיינע שכנים שטייען נעבן איר, אַזוי שטייען זיי, און אויף זייערע ליפן ליגט דער שמייכל פון פשוטקייט. נעבן זייערע פיס אויף דער ערד ליגט מאַרי. אירע ליפן, די ליפן די פולע מיט תפילות צו פאַרמאַטערטע געטער, ווענען יעצט בלייך און טרוקן, און די אויגן אירע זענען פאַרמאַכט.
זי איז טויט.

# טשערעזוויטשײַקע

בײַטאָג האָבן די צײַטונגען געבראַכט די באַאומרויִקנדע ידיעה, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האָט דורכגעריסן דעם פראָנט אויף קיעוו, און אויף דער גאַס האָט זיך שוין געפילט די צערודערונג. אין די ווינקעלעך האָט מען שוין גערעדט וועגן „אַוועקגיין"; טייל האָבן שוין דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געזען, ווי דער „רעוווקאָם" פּאַקט זיך, און אויף די ווענט האָבן זיך באַוויזן די סימפּטאָמאַטישע פּלאַקאַטן: „ראַטעווועט די ראַטן-מאַכט!". בײַ די קאַפּעען פון דער אַראָפּגעיאָגטער „בירזשע" האָבן זיך באַוויזן פּאַרשוינען, יום-טובדיק אויסגעפּוצטע מיט אַרויסרופנדיקע בליקן, ווי זיי וואָלטן רעדן: „מיר בלייבן דאָ, אונדז איז דאָ אויך גוט".

צו אָוונט־צו האָבן זיך די גאַסן אָפּגעליידיקט. דער באַלאַגערונגס-צושטאַנד האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער די טונקעלע פאַרנאַכטיקע גאַסן און האָט געשראָקן מיט דער געהיימניספולקייט. די שטאָט איז שוין לאַנג אָן באַלויכטונג געווען.

די געוועינלעכע ביקסן-מוזיק האָט אין דעם אָוונט זיך פאַרשטאַרקט, גלייך ווי דער נישט-געזעענער שונא וואָלט זיך שטיל אונטערגעגנבעט.

אין אַזעלכע אָוונטן אין אָדעס, ווו די זון שײַנט פון האַלבן ווינטער ביז צום אַנדערן, און די נעכט זענען הייסע, ליכטיקע און בלויע, קומט מען אַהיים אינם צימער און מען דרייט זיך אַרום ביז האַלבער נאַכט, אָדער מען זיצט בײַ דעם פענסטער און מען הערט זיך צו מיט קלאַפּיקע הערצער צו די קלאַנגען פון דער שרעקנדיקער גאַס. די קלאַנגען זענען אייביק

די זעלבע, גלייך ווי גרויסע, מעטאַלענע ניס וואָלטן געקנאַקט, קיינער פרעגט נישט, ווו מען שיסט, צוליב וואָס. אַממייסטן לאָזט זיך הערן די „מאָלדאַוואַנקע". די אונטערשטאָט, וואָס האָט זיך אײַנגאַנצן אַ באַזונדער לעבן און אַ באַזונדערע אַרמיי, — דאָס זענען נישט ווינציקער, ווי דרײַסיק טויזנט באַוואָפנטע באַנדיטן, וואָס פירן אַ פאָרמעלע מלחמה מיט יעדער מאַכט, וואָס וויל איר אין עפּעס שטערן.

אין דעם ליכטיקן, וואַרעמען זומער־אָוונט האָט זיך באַזונדערס געבענקט. אינם מוח האָט זיך געבויט פאַרשידענע, פאַנטאַסטישע פּלענער. ס'האָט זיך געוואָלט דורכרייסן ערגעץ אין עק וועלט. כאָטש איין מאָל דורכגיין אַ גאַס אָן פאַרצווייפלטע מענטשן. נישט הערן די טייוולאָנישע מוזיק פון צעשראָקענע קוילנוואַרפער און נישט פילן דאָס קלאַפּנדע האַרץ מיט דער פראַגע: „וואָס וועט זיין שפּעטער?" „וואָס וועט זיין מאָרגן?"

מען פרוווט לעזען, נאָר ס'איז נישטאָ קיין בוך אויף דער וועלט, וואָס זאָל אייך קאָנען אָוועקרייסן פון דעם געדאַנק וועגן טויט און רציחה.

אין אזעלכע נעכט קאָן נאָר אפשר דער שלאָף איינשטילן אייער געמיט, און שווער האָב איך אין יענער נאַכט איינגעדרימלט. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אינדרויסן איז עפּעס באַזונדערס געשען. אַזוי האָט עס געריסן און געקנאַלט. עפּעס האָט זיך געטראָגן אַ בייזער אָטעם, און אַ געהיימניספולעס וואַרטן האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך דעם שווער־פאַרשלאָסענעם מויער און אַריינגעדרונגען אין האַרץ.

*

צי דאַכט זיך מיר, אַז מען קלאַפּט אין דער טיר? צי? איז שוין טאָג? צי איז נאַכט? כ'שפּרינג אויף פון בעטל, צינד אָן אַ ליכט. דאָס קלאַפּן אין דער טיר ווערט שטאַרקער. איך פרעג: ווער איז? און אין קאָפּ טוט אַ קלאַפּ: „טשערעזוויטשאַיקע". מיין טיר איז אָפן און פאַר אַלעמען שטעלן זיך אַריין צוויי ביקסן. „דאָ וווינט אַזעלכער און אַזע־

כער?" אַ יונג בחורל מיט אַ מאָדנע באַקאַנט פּנים לייגט מיר פאַר איבערצולעזן דעם „אָרדער" אויף מיין אַרעסט. איך לעז, און די בוכשטאַבן שפּרינגען פאַר מיינע אויגן אַזוי ווילד און פרעמד פאַר מיר. די ווערטער זענען אויסגעשריבן דורך אַ פּרעמדער, בייזער האַנט, און דאָס בחורל מיטן רעוואָלווער מורמלט: „מיר איז זייער לייד". ער ערקלערט מיר, אַז איך מוז זיך אָנטון, נאָר איך כאַפּ זיך, אַז איך בין אין אָנטון געשלאָפן. אויף מיין טיש ליגן אַ סך פּאַפּירן, איך העלף אים אליין זוכן, און יעדעס שטיקל פּאַפּיר, און יעדעס בוך, וואָס ליגט אויף מיין טיש, איז מיר אַזוי אומבאַקאַנט, גלייך ווי איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געזען.

די אונטערזוכונג איז געענדיקט. אַלץ ווערט איינגעפּאַקט און פאַרשריבן; איצט דאַרף איך אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל. מיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויפן נומער 163. איך באַשטיי אויף אַלעם, דער נומער איז מיין נומער. איך כאַפּ זיך, אַז אויף מיין פּנים איז אויסגעגאָסן אַ מאָדנער שמייכל. פּלוצלינג באַמערק איך די מענטשן מיט די ביקסן, זיי שטעלן זיך אַוועק נעבן מיינע זייטן, און פון זיי טראָגט זיך די טונקלקייט פון די לעדיקע גאַסן.

— מיר גייען! — זאָגט דער יונגערמאַן מיטן רעוואָלווער, און אין מיר הויבט זיך פּלוצלינג אויף אַ שרעק. מיר ווילט זיך נישט גיין אויף די פינסטערע גאַסן.

— פאַרוואָס אַרעסטירט מען מיך? — פרעג איך.

— לויט דער פאַראָרדנונג פון דער „אויסעראָרדענטלעכער קאָמיסיע".

— אין וואָס באַשולדיקט מען מיך?

— דאָס וועט איר זיך דערוויסן אויפן אָרט.

— ווי שפּעט איז איצט?

— 3 אַזייגער.

— אין דרויסן שיסט מען אַזוי...

— אָ אָ... דאָס איז קלייניקייטן... — זאָגט איינער פון די זעלנער.

— פאַרוואָס... פאַרוואָס ? — קלער איך אַרויסגייענדיק פון דער טיר. דער גאַנצער הויף שלאָפט, אָדער מאַכט זיך שלאָפן, נאָר דער סטרוזש זאָגט, עפענענדיק דעם טויער :

— האָט איר פאַרשלאָסן אייער טיר ?

— ניין, — זאָג איך — ס'איז דאָרט גאָרנישט געבליבן... איך בין אַרעסטירט...

— גאָט וועט העלפן... ס'איז מסתמא אַ טעות... מען וועט אייך אָפּלאָזן...

— מען וועט מיך געוויס באַפרייען באַלד... — זאָג איך נאָך, און מיר לאָזן זיך אין דער בייזער, קנאַלנדיקער נאַכט.

*

װאָס נענטער צום צענטער, צו דער „טשערעזוויטשאַיקע", אַלץ אָפטער הערן זיך שווערע טריט פון „אייגענע", און אין דער פינסטער צייכענען זיך די לאַנגע סילועטן פון ביקסן. מען גיט זיך איבער די „פּאַראָלן" מיט פרעמדע, ווילד-קלינ-גענדע, ביינאַכטיקע שטימען. אָט זענען מיר שוין נישט ווייט פון דעם הויז, וואָס איז אַרומגעצויגן מיט שטעכיקן דראָט. דאָ איז ליכטיק אין אַלע פענסטער. נעבן טויער שטייט און זעצט אַ שוואַרצער אויטאָמאָביל. אינמיטן דעם פּלאַץ איז שטיין געבליבן דער הויכער, שוואַרצער, בראָנזענער „פּאָדיום" פון דער אַראָפּגעוואָרפענער סטאַטוע פון יעקאַטערינאַ דער גרויסער. נישט ווייט ליגט דער שוואַרצער ים. ער איז פינ-סטער און פאַרדרימלט, דאָך בלייכט ער זיך העלער פון דער נישט באַלויכטענער גאַס.

מיר גייען גיך און זאַכלעך צו דעם טויער. צוויי שוואַר-צע קוילנוואַרפער ליגן ביים טויער, ווי שטילע, בייזע הינט. קיינער פרעגט אונז גאָרנישט און מען לאָזט אונז דורך. מיר קומען אַריין אין אַ גרויסן צימער, וואָס איז באַלויכטן פון ליכט און לאָמפּן. עס דרייען זיך אַרום מענטשן. טייל זיצן ביים טיש און שרייבן. צוויי מיידלעך זיצן ביי א זייט. איינע קעמט זיך די האָר, די צווייטע טרינקט טיי פון אַ זעלנעריש

בלעכל. צו מיר גייט צו איינער אין רויטע הויזן מיט אַ סך לעדערנע רומעטן אַרום דער ברוסט: פון אים טראָגט זיך דער ריח פון לעדער. די, וואָס האָבן מיך געבראַכט, דערלאַנגען אים דאָס פּעקל מיט מײַנע זאַכן און אַ פּאַפּיר. דאָס מיידל שטעלט אַוועק די טיי און פאַרשרייבט מיך. איך שטיי אינמיטן צימער און לאָז פּלוצלינג פאַלן אַ וואָרט: „פאַרוואָס?" קיינער ענטפערט מיר נישט. דאָס מיידל קוקט נישט אויף מיר און פרעגט מיך איבער מיין פאַמיליע. איך זאָג איבער מיין פאַמיליע מיט אַ פרעמד־קלינגענדיקער שטימע און פרעג נאָכאַמאָל: „פאַרוואָס?" עמעצער רירט מיך אָן ביי דער פּלייצע. איך קוק זיך אום, איך דערזע אַ הויכן, געזונטן מענטש. ער איז אָנגעטון אין שוואַרצן און ביי דער זייט שטעקט אַ גרויסער רעוואָלווער. איך וויל אים פרעגן „פאַרוואָס?", נאָר ער זאָגט מיר:

— קומט נאָך מיר... — און איך גיי נאָך אים.

— מען פירט נאָך... — זאָגט איינער אויף די טרעפּ, און דער גרויסער און שוואַרצער זאָגט נאָכאַמאָל:

— גייט נאָך מיר...

מיר גייען אַראָפּ פון טונקעלע טרעפּ אין אַ קעלער.

איך זאָג פּלוצלינג:

— חבר...

דער הויכער שוואַרצער ענטפערט:

— איר וועט דאָרט זיין נישט אַליין...

— איך ווייס...—זאָג איך—נאָר פאַרוואָס?... איך ווייס נישט...

— איך ווייס אויך נישט... גייט לינקס...

פון אַ טיפן, טונקעלן קאָרידאָר שפּרינגט אויף עפּעס אַ פּלעק פון אַ מענטשן, ער גייט מיט ווייכע טריט, איך באַמערק, אַז ער איז באָרפוס.

— דער חבר גייט אין דער 6־טער קאַמער. — זאָגט דער שוואַרצער און באַטאַפּט מײַנע קעשענעס, ער נעמט ביי מיר צו אַ קליין טאַשן־מעסערל:

— די פּאַפּיראָסן גיב איך אייך אָפּ... — זאָגט ער, און

ער גיט מיר אָפּ די פּאַפּיראָסן. איך פּאַררויכער באַלד, און דער באָרפּיסער שליסט אויף אַ גרויסן ריגל פון א שוואַר־צער טיר.

— גייט אַריין, חבר... איר וועט עפּעס דאַרפן, קאָנט איר פּאָדערן...

איך זאָג „אַ דאַנק". טרעט איבער די שוועל, און די טיר פאַרקלאַפּט זיך הינטער מיר.

*

זוענדיק אַ שפּאַן בין איך געפאַלן איבער אַ פּאָר אויסגעצויגענע פיס. ערשט דעמאָלט האָב איך ביי דער שיין פון א קליין, שמעלצנדיק ליכטל דערזען, אז איך בין נישט אליין; די פיס, איבער וועלכע איך בין געפאַלן, האָבן גע־הערט צו אַ הויכן מענטש, וואָס איז געזעסן אויף דער ערד מיט לאַנג אויסגעצויגענע פיס. ביי די ווענט האָבן אויך גע־קלעפּט עטלעכע טונקעלע שאָטנס פון מענטשן. איך האָב זיך אויך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און נישט געוווסט, וואָס צו טון.

ערשט יעצט האב איך דערזען, אַז מיר זענען אַ פינף פּערזאָן. דער מענטש, וואָס איז געזעסן אויף דער ערד, האָט, נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ, זיך אָנגערופן:

— איר קומט אַריין צווישן מענטשן און זאָגט אַפילו נישט קיין „גוטן אָוונט"?...

מיר איז פּלוצלינג געוואָרן פרייליכער און איך האָב הויך געזאָגט א „גוטן אָוונט"...

— אָט אזוי זענט איר אַ פיינער חבר...

אין דער מינוט האָט דער ריגל אַ גרילץ געטון, די טיר האָט זיך געעפנט, און אַ נייער פּאַרשוין האָט אַריינגע־שפּאַנט. דער, זעט אויס, איז שוין געווען אַ פיינער חבר; ער האָט אַליין געזאָגט אַ „גוטן אָוונט" און צוגעגעבן:

— אפשר קאָנט איר מיר וער, חברים, זאָגן, נאָך וואָס האָט מען מיך אהער געבראַכט?

— האַ, האַ, מיר ווייסן אויך נישט... — האָט עמעצער פון דער וואַנט געענטפערט:

— אפשר זענט איר אַ בורזשוי?

— וואס בין איך? אַ בורזשוי? איך בין דערווייל נאָר אַ סטרוזש פון אַ הויז... אפשר דערפאַר?

— זאָגט בעסער, ווו זענט איר געבוירן געוואָרן. אפשר זענט איר אַ פּאָליאַק, אַ פראַנצויז, אָדער אַ ענגלענדער?

— וואָס הייסט אַ פּאָליאַק... נו, אז איך בין אַ פּאָליאַק? קומט מיך איינצוזעצן?

— אָ האָ... — האָבן שוין עטלעכע אויסגערופן — ליגט טאַקע דאָ דער הונט באַגראָבן. הייסט עס טאַקע, אַז מען נעמט אונז פאַר „זאַקלאַדניקעס".

ערשט דעמאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן, אז איך בין אַרעסטירט אַלס רעגיסטרירטער, פּוילישער אונטערטאַן, און ביי אונז אין קאַמער № 6 איז די שטימונג געוואָרן אַן אַנדערע.

דערווייל האָט זיך די טיר ווידער געעפנט, און אַ נייער פּאַרשוין איז לאַנגזאַם אַריינגעגאַנגען. דער האָט גאָרנישט געזאָגט, זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן ברוגז און געדרויכערט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס. אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט האָט ביי אונז אין קאַמער אָנגעהויבן ענג ווערן. ס'איז געוואָרן אַלע מאָל ענגער און ראַשיקער.

*

איינער פון די אַרעסטירטע, אַן ענגלענדער און אַ פּראָפעסאָר פונם פּאָליטעכניקום האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ ליכט, דערפאַר איז ביי אונז געווען ליכטיק. די קאַמער איז שוין איצט געווען איבערפולט, נישט נאָר ס'איז נישט געווען ווו צו זיצן, נאָר אויף צו שטיין האָט מען אויך נישט געפונען קיין אָרט, דערפאַר האָט מען זיך אָנגעהאַלטן איינער אינם אַנדערן, ווי אין אַ פיל-אָנגעפּאַקטן וואַגאָן. אונזער קאַמער איז געוואָרן אַ פאַרקערפּערטער אינטערנאַציאָנאַל, ס'זענען געווען פּאָליאַקן, פראַנצויזן, ענגלענדער, דייטשן, יידן

און איטאַליענער. דער פּראָפעסאָר ב., אַן אַלטער גראָער מאַן, איז אַרייַנגעקומען רויק מיט אַ קישעלע אין דער האַנט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט, אַרויסגענומען די וואַטע פון די אויערן, און זיך אַ נויג געטון פאַר אַלע. ער האָט גערעדט אַ שלעכטן, האַרטן רוסיש, און דערצעלט, אַז מ׳האָט ביי אים בעתן אַרעסט צוגענומען אַ ווערק וועגן זאַמד און שטיינער, וואָס קאָסט אים דאָס גאַנצע לעבן אַרבעט. ער האָט פאַרמאָגט אַ קאָלעקציע זאַמד פון די ווייטסטע ערטער, און ער ווייסט נישט, צי מען וועט אים דאָס זאַמד צוריקקערן. ווען מ׳האָט אים געענטפערט, האָט ער אַרויסגענומען די וואַטע פון די אויערן; ער האָט געוואָלט, אַז מ׳זאָל אים שוין פאַרזיכערן, אַז מ׳וועט אים דאָס זאַמד צוריקגעבן.

אַ קליין, שוואַרץ פראַנצויזל האָט זיך אַרייַנגעלאָזן מיט אַן איינגעבויגענער פּלייצע, ער האָט זיך געריבן די הענט מיט אַ צאַפּלדיק — גיך שמייכעלע, און מיט זיינע שוואַרצע קלוגע, פראַנצויזישע אויגן האָט ער אויסגעשריגן:

— אַ, דאָ איז דאָך גאָר פריילעך ביי אייך... אַזוי בין איך דאָך נישט אַליין.

אַן ענגלענדער. אַ הויכער. אַ פּירקאַנטיקער מיט אַ גלייכער, לאַנגער נאָז איז געשטאַנען נעבן דער טיר, גערויכערט און אויף אַלעם געענטפערט: „יעס". דאָ איז נישט קיין געזונטע לופט... „יעס", ער האָט געשפּיגן און אַ טיכל און געקוקט אויפן זייגער.

ס׳איז אויך געווען אַ דייטש מיט אַ קורצן שווערן נידעריקן קאָפּ. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ רייזע-טעשל, מיט ברויט און געקאָכט פלייש. גלייך ער וואָלט געפאָרן אויף אַ רייזע.

עטלעכע שווערע פּאָליאַקן זענען געזעסן אויף דער ערד, צווישן זיי איינער אַ מוזיקער, וואָס האָט לאַנג געוווינט אין אַמעריקע, ער האָט דערציילט, און די פּאָליאַקן האָבן אַלע מאָל אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. שרייענדיק: „אַ פּשאַקרעוו, כאָלעראַ!" מ׳האָט גערעדט וועגן דער מלחמה.

מיט אַמאָל זענען צוגעקומען נאָך צוויי יידן. איינער אַ יונגער בחור, מיט וועלכן מ'האָט זיך געאַמפּערט אונטער דער טיר. ער האָט געהאַט אַ פולע קעשענע פּאַפּירן, לויט וועלכע מ'האָט אים נישט געטאָרט אַרעסטירן. דער סוף איז געווען, אַז אים האָט מען אין קאַמער אַריינגעשטופּט מיט געוואַלט.

נאָך אים איז נאָכגעקומען אַן עלטערער ייד. ביידע זענען געווען זייער דערשראָקן. זיי האָבן זיך באַלד צוגעבויגן צו מיר מיט טויזנט פראַגעס אויף אַמאָל. וויאַזוי מ'האָט מיך אַרעסטירט, וואָס מ'האָט ביי מיר צוגענומען, זיי זענען אויך פּוילישע. דערפאַר האָט מען זיי אַרעסטירט. דער בחור האָט געטענהט, אַז ער האָט קיין מורא נישט, אַז ער קאָן אַלע קאָמיסאַרן, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער דערוויייל מורא, איידער וואָס, ווען, קאָן מען אים דערשיסן. און פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ געשפּאָלטן קול, אין עטלעכע טרערן האָבן זיך אַ לאָז געטון איבער זיינע באַקן. דער עלטערער ייד, מיט אַ פיין געשוירן בערדל, מיט אַ ריין העמד, האָט אָנגעהויבן צאַפּלען מיט דער אונטערשטער ליפּ. און איך האָב זיי געדאַרפט טרייסטן, אַז מען וועט זיי נישט דערשיסן.

זיי האָבן זיך אַביסל באַרויקט. דער בחור האָט ווידער באַקומען האָפענונגען. ס'איז נאָר שלעכט, וואָס מ'האָט ביי אים געפונען אַ ביסל „צאַרסקע” געלט. און זיין קויל האָט זיך ווידער צעשפּאָלטן. זיי האָבן זיך ביידע פאַררוקט אין אַ ווינקעלע און צוזאַמען מורא געהאַט.

אין קאַמער איז שוין איצט געגאַנגען אַ גרויסער שמועס. גערעדט האָט מען אויף רוסיש מיט פאַרשידענע לעכערלעכע אַקצענטן, דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט אַלץ געטענהט, אַז זיין קאָלעקציע זאַמד מיט שטיינער האָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער וויסנשאַפט, און אַז ער איז נאָך קיינמאָל נישט געזעסן אין קיין טורמע. דער דייטש האָט אַלעמאָל צו וויסן געטון, אַז מ'קאָן נישט וויסן, וואָס מיט אונז וועט זיין. און דער ענגלענדער האָט געזאָגט: „יעס”.

צוויי איטאַליענער, פּרוכטן-הענדלער, שותפים האָבן זיך

שטיל געסודעט מיט שרעקלעך שוואַרצע, דערשראָקענע אויגן. אין קאַמער זענען געווען אַ סך, וועלכע האָבן געהאַט פרויען אין שכנותדיקן קאַמער. ט'איז נאָך דאָ געווען אַ ייד, אַ צוּשטעלער פון פערד, וואָס האָט געהאַט דאָס ווייב אין צווייטן קאַמער. ער האָט אַלעמאָל געקלאַפּט אָן דער טיר און פאַרלאַנגט, מען זאָל אים זאָגן, וואָס ס'איז מיט זיין ווייב, צי זי וויל נישט אַמאָל טרינקען.

צופעליק האָבן זיך דאָ באַגעגנט עטלעכע פּאָלאַקן, מוזיקאַנטן פון עפּעס אַ קאַפּעלע. איינער איז געווען אַ דאַרער און אַ הויכער, מיט אַ ווייסער וועסט, וואָס האָט געשפּילט אויף אַ פידל. דער צווייטער איז געווען גאָר אַ קלייניקער, אַ קיילעכדיקער, ער האָט געבלאָזן אין אַ רער. די צוויי האָבן זיך כסדר געאַמפּערט וועגן מאַרשן, וועגן רעיעלן שפּילן און וועגן אַזעלכע, וואָס פאַלשעווען. זיי האָבן זיך דערמאָנט די אַלטע, גוטע צייטן, ווען זיי האָבן געשפּילט פאַר גרויסע פּריצים. ווען ס'האָט נישט געפעלט קיין טרונק, צום סוף האָבן זיי ביידע אויסגעזונגען עפּעס אַ לאַנג, טרויעריק ליד, נאָך וועלכן אַלע האָבן אַפּלאָדירט.

דער קליינער פראַנצויז האָט אויפגעזוכט אַ צווייטן פראַנצויז. יענער איז געווען אויך אַ קליינער, נאָר אַ דיקער מיט שרעקלעך שוואַרצע וואָנסעס, זיי האָבן ביידע גיך גערעדט און זיך געהאַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער.

דער ענגלענדער איז געשטאַנען אַלץ אויף דעם זעלבן אָרט און געראויכערט.

ביסלעכווייז איז געוואָרן שטילער. דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן צאַנקען. טייל זענען שוין געשלאָפן אָנגעשפּאַרטע אָן די ווענט אָדער אויף דער ערד, אַנדערע האָבן נאָך שטיל מיט פאַרשלאָפענע בייקעלער געטענהט, און אַלע מאָל האָט זיך געהערט אַ טיפער קרעכץ, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גענעץ.

דאָס ליכט האָט זיך געענדיקט, אַ בלוי־גרינלעכער נעפּל האָט זיך אַריינגעגאָסן דורך די קראַטעס, און די קאַמער האָט געשוויגן. ס'האָט איצט אויסגעוויזן, ווי דערטרונקענע פון אַ

אונטערגעגאַנגענער שיף וואָלטן געלעגן אויף אַ פאַרנעפּלטן ברעג, זעט אויס, אַז יעדער איז געלעגן טיף פאַרטראָגן אין זיינע געדאַנקען. די אַלע ווילד-פרעמדע מענטשן, וואָס זענען אַהער פאַרטראָגן געוואָרן, האָבן נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן פאַרוואָס, די שטילע, שרעקיקע גאַס, מיט דעם פאַר-דוכפּענעם, בייזן שיסן, האָט געוואַכט אונטער דעם קליינעם, פאַר-קראַטעטן פענצטערל, אַלע מאָל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קרעכץ אָדער אַ פלוצלינגע פראַגע, צי וועט מען אונז טאַקע נישט אָפּלאָזן? וואָס וועט מען טון מיט אונז? און אַזוי שטיל, מיט פאַרלוירענע, אָנפּאַרביקע שטימען האָט מען זיך דערציילט שרעקלעכע מעשיות פון דערשיסן, פון הרגענען.

איך האָב מיך פאַמעלעך, מיט גרויסע שוועריקייטן צוגע-שטופּט צום בחור מיטן ייד, וועלכע האָבן אין אַ ווינקעלע שטיל און גיך געשעפּטשעט צווישן זיך. איך האָב מיך צוגעבויגן און דערהערט דעם בחורס שטימע: „הייסט עס, די סחורה איז מיין... וויפל איר האָט, נעם איך צו...” און דער ייד מיטן בערדל האָט שטיל מיט אַ ברכה-שטימע געענטפערט: „מיין וואָרט איז אַ וואָרט... די סחורה איז אייערע...”

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ווייך גומי-גרעגערײַ פון אַ אויטאָמאָביל נאָענט נעבן טויער, פון דער גאַס האָבן זיך דערהערט שטימען, אַלע האָבן אויסגעצויגן די העלדזער צו דעם פענסטערל און צו דער טיר. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך די טיר מיט רעש געעפנט, און דער באַרפיסער האָט אַ געשריי געטון:

— חברים בורזשויעס... מאַכט אייך גרייט... אַהער גייט נאַטשאַלסטוואָ... איר וועט באַלד וויסן, וואָס מיט אייך וועט ווערן...

די גאַנצע קאַמער איז מיטאַמאָל וואַך געוואָרן.

*

דער נאַטשאַלניק פון דער אָפּעראַטיווער אָפּטיילונג, אַ הויכער, בלייכער יונגערמאַן, מיט אַן אויסגעמאַטערט געזיכט

און בלויע, קרענקלעכע אויגן, זעט אויס ווי אַ נישט געענ־דיקטער סטודענט, איז אַריין אין קאַמער מיט אומגעדולדיקע, נערוועזע טריט, נאָך אים די מיליציע־באַאַמטן. זיי זענען געשטאַנען אַרום אים ווי אַן ערן־וואַך. דאָס זענען געווען יונגעלייט פון פאַרשידענעם שטאַנד: סטודענטן, ערנסטע, באַיאָרנטע אַדוואָקאַטן, סיבירער סאָלדאַטן, געוועזענע געהיים־אַגענטן און גנבים פון דער אַלטער צייט, אַלע באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס. זיי זענען געשטאַנען גלייך אויסגעצויגענע, ווי סטרונעס, און ערנסט געהערט דעם נאַטשאַלניק.

דער נאַטשאַלניק האָט נערוועז אַ שפּאַן געטון איבער דער קאַמער, אַ קוק געטון אויף אונז ביי דער שיין פון די ליכט, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט, און צוגעגאַנגען צום ענגלענדער.

— אייער פאַמיליע?

דער ענגלענדער האָט זיך קיין ריר נישט געטון און אָנגערופן זיין פאַמיליע.

— איר זענט אַן ענגלענדער?

— „יעס". — האָט ער געענטפערט.

— מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך? — האָט דער נאַ־טשאַלניק זיך פלוצלינג אַ וואָרף געטון צום ייד מיטן בערדל דער ייד האָט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— איך פאַרדין מיר... איך פאַרדין מיר מיין ברויט...

— אָבער וואָס טוט איר... איר באַקט ברויט... איר מאַכט שיך... אפשר זענט איר אַ מאַלער?..

— צו וואָס, צו וואָס זאָל איך זיין אַ מאַלער... גאָט צו דאַנקען, מיין ברויט פאַרדין איך מיר...

— צום טייוול!... — האָט דער נאַטשאַלניק אַ געשריי געטון. — זאָגט, ענטפערט... מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך... איר האַנדלט?.. איר שפּעקולירט? איר ראַבעוועט...

דער ייד איז געבליבן אַ טויטער און האָט שוין גאָר־נישט געענטפערט.

דאָס בחורל איז שוין געשטאַנען, אין ביידע הענט פאַ־

פּירן, וועלכע ער האָט געשטופּט דעם נאַטשאַלניק אין דער האַנט אַריין. יענער האָט אַ נעם געטון די פּאַפּירן, אַ קוק געטון און געפרעגט:

— ווו זענט איר געבוירן?

— אין לאָדז.

— איר רעכנט אייך פאַר אַ פּוילישן בירגער?

— כ'בין פון פּוילן.

ער האָט אים צוריקגעגעבן די פּאַפּירן און ג׳ אַפּט דעם דייטש:

— איר זענט אַן ענגלענדער?

— ניין.

— נאָר וואָס דען?

— נישט קיין ענגלענדער...

— וואָסזשע דען זענט איר?

— אַ דייטש.

— איר זענט רעגיסטרירט אַלס דייטשער בירגער?

— יאָ.

— און אַלס רוסישער בירגער?

— אויך.

— האָט איר צוויי בירגערשאַפטן?

— יאָ.

— האָט איר דאָס רעכט צו האָבן צוויי בירגערשאַפטן?

— יאָ.

— איר האָט נישט קיין רעכט.

— ניין.

— איר זענט דאָך אַ דייטש?

— יאָ.

— און געבוירן אין רוסלאַנד?

— יאָ.

— זענט איר דאָך אַ רוסישער.

— יאָ.
— וואָסזשע האָט איר אייך רעגיסטרירט אַלס דייטש ?
— כ'בין אַ דייטש.
דער נאַטשאַלניק האָט נערוועז אַ געשריי געטון :
— כ'קאָן מיט אייך נישט רעדן !
דער דייטש איז געשטאַנען רויק און איבערגעחזרט :
— איך בין אַ דייטש...
עטלעכע פּאָליאַקן האָבן גערעדט צוזאַמען. די צוויי פּלי־זמרים האָבן דערציילט, אַז אויפן פּראַד פונם ערשטן מאַי האָבן זיי געשפּילט אין די גאַסן, דערפאַר זאָל מען זיי אָפּ-לאָזן. דער צושטעלער פון פערד האָט געטענהט, אַז אָן אים וועט די אַרמיי בלייבן אָן פערד.
אויף דעם אַלעם האָט דער נאַטשאַלניק גאָרנישט געענ-טפערט, ער האָט נאָר געקוקט יעדן אין די אויגן און פּלוצ-לינג זיך געווענדט צו דער סוויטע:
— דאָ איז זייער ענג... איך באַפעל צו צעלאָזן אין די איבעריקע קאַמערן. עפענען די טירן און לאָזן אין קאָרידאָר !
דער אַלטער פּראָפעסאָר איז צוגעגאַנגען צו אים און העפלעך אָנגעהויבן:
— יונגערמאַן...
— איך בין נישט קיין יונגערמאַן !...
— חבר... — האָט דער פּראָפעסאָר פאַרריכט : — איך האָב זאַמד און שטיינער... אַ זעלטענע קאָלעקציע...
— איך פאַרשטיי נישט וואָס פאַר אַ זאַמד — האָט דער נאַטשאַלניק געשריגן; און דער פּראָפעסאָר האָט שטיל און העפלעך אים ערקלערט וועגן זיין זאַמד-קאָלעקציע, וואָס מ'האָט ביי אים צוגענומען.
דערווייל האָט זיך שוין אַ האַלבע קאַמער איבערגע-טראָגן אין קאָרידאָר אַריין. אין קאַמער איז גרוימער געוואָרן.
דער נאַטשאַלניק מיט דער סוויטע האָבן די קאַמער פאַר-לאָזן, און אויף אַלע פראַגעס און ביטעס האָבן זיי געענטפערט :
— מיר ווייסן נאָך גאָרנישט... עס הענגט אָפּ פון „צענטר". אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך ווידער דערהערט

דאָס זידן פונם אויטאָמאָביל. און די נאַטשאַלסטוואָ איז אַוועק־געפאָרן.

*

אין קאָרידאָר איז שוין גוט ליכטיק געווען. דורך אַלע טירן און פענסטער האָט שוין אַריינגעשיינט די זון. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מ'האָט נאָך נישט געוווּסט, וואָס מען וועט מיט אונז טון, האָט מען זיך געפרייט דערמיט, וואָס מ'האָט אונז געלאָזט אָטעמען מיט דער פרייער לופט פונם לאַנגן קאָרידאָר. מ'האָט אויך געעפנט די קאַמער פון די פרויען, און אַן ערך פון אַ צענדליק פרויען האָבן זיך מיט איבעראַשטע בליקן אַרויסגעלאָזן אין קאָרידאָר. דאָרט זענען געווען ווייבער אין טיכלעך, אַלטע פּראָווינציזינס, „גווערנאַנטקעס", דייטשע שאַנסאָנעטקעס, אַלטע ניאַנעס. אַן עלטערע דאַמע, אַ פּוילישע, האָט די גאַנצע צייט זיך באַמיט אויפצווייזן, אַז די וועלט איז פאַרדאָרבן, אַז מ'האָט שוין אַפילו נישט קיין אַכטונג פאַר קיין עלטערע פרוי. זי האָט געוואָלט זיך וואַשן און געזוכט אַ קעמל.

אין קאָרידאָר איז געגאַנגען אַ שמועס. ווער עס האָט געהאַט, האָט זיך געטיילט מיטן עסן, און די געזעלשאַפט איז אַריין אין אַ העפלעכער קעגנזייטיקייט.

מיט אַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר פון קאַמער נומער 4. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע. שווערע, אייזערנע טיר מיט אַ קליין קראַטע־פענסטערל. דאָרט האָבן זיך געפונען די קרימינעלע. צוויי באַוואָפנטע האָבן די טיר געעפנט און אַ געשריי געטון:

— גייט אַרויס!

דעמאָלט האָט דער ערשטער אַרויסגעשפּאַנט אַ יונג פון אַ יאָר 25, אַ מיטל־וווּקסיקער מיט אַ ברוין פנים און ווייסע, ווי מילך, ציין און שוואַרצע האָר, ווי סמאָלע, ער האָט לאַנגזאַם, אַרויסגעשפּאַנט, אַ בליק געטון אויף אונז אַלע מיט די אויגן. מיר האָבן זיך אַלע אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

נאָך אים איז אַרויס אַ מאַטראָס, אַ קליינער, אַ ברייטער מיט גרויסע אַרויסגעשטופּטע ליפּן. ווי ער וואָלט געפּייפּט, ער האָט געהאַט אַ קורצן, גראָבלעכן האַלז, ווי פון בראָנז, מיט אָנגעצויגענע אָדערן און קורצע, ברייטע הענט. דערנאָך איז אַרויס אַ הויכער, אַ בלאָנדער מיט אַ באָרד און העלע, פלאַקסענע האָר. ער איז געווען מיליטעריש געקליידט, נאָר באָרוועס און געהינקען אויף איין פוס. אַלע דריי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און דער ערשטער מיטן ברוינעם פּנים האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווי האָט מען עס צונויפגעקליבן אַזאַ ביסל „בורזשויעס", אפשר וואָלט מען זיי אַריינגעלאָזט צו אונז אין קאַמער?...

די אַנדערע צוויי האָבן זיך צעלאַכט, האַלטנדיק זיך פאַר די בייכער.

— בראַוואָ, „אַנגעל"... — האָבן זיי געשריגן.

„אַנגעל" האָט געלאַכט מיט די ווייסע, קרעפטיקע ציין:

— אָט וועט מען אייך ווייזן, ווי אַזוי מען שטייט ביים „יוענטל"... — האָט ער זיך געווענדט צו אונז — אָט, ווי זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט... זיי מיינען, אַז מען וועט זיי דאָ דערלאַנגען קאַווע מיט „פּיראָזשקעס", וואַרט קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן...

— מען וועט אייך „צעבייטן". — האָט דער מאַטראָס געשריגן.

און דער בלאָנדער האָט צוגעגעבן:

— פאַר זיי איז עס אַ „טורמע", פאַר אונז — אַ האָטעל. קומט, ברידער, זיך וואַשן.

מען האָט אונז ערלויבט צו שטיין ביי דער טיר. וואָס פירט אינם גרויסן, ליידיקן הויף אריין. אינמיטן איז געשטאַנען אַן אייזערנער פּלומפּ, אונטער וועלכן עס האָבן זיך געוואַשן די דריי קרימינעלע.

איינער פון די וואַך־סאָלדאַטן האָט אונז דערציילט, ווער זיי זענען.

דער שוואַרצער, וועלכער איז באַוווּסט מיטן צונאָמען „אַנגעל", איז אַ ייד פון דער אָדעסער „מאָלדאַוואַנקע", אַ באַנדיט, וואָס איז באַגאַנגען פיל רויבערייען און אָנפאַלן. דער מאַטראָס

מיט דעם צווייטן האָבן געדינט אין דער רויטער אַרמיי, דערביי געמאַכט אָנפאַלן אויף רייכע הייזער און געהרגעט עטלעכע מענטשן, זיי געפינען זיך שוין דאָ פיר וואָכן, זיי ערוואַרט טויטשטראָף. און וואָס אַ טאָג זענען זיי זיך מודה אין מער פאַרברעכנס. פון דעם רעזשים דאָ לאַכן זיי און זאָגן, אַז דאָ איז אַ האָטעל.

— נישט אַזוי האָט מען געהיט אַמאָליקע ציטן אונזערן אַ ברודער די ווענט האָבן געקוקט אויף אונז. איר „טאָוואַרישטשעס" קאָנט אפילו קיין באַנדיט נישט אָפּהיטן...

— אַזוי פאַרשפּילן זיי זייער לעבן... — האָט דער וואַך־סאָלדאַט צוגעגעבן מיט באַדויערונג און דערביי באַמערקט:

— אָט אַ פריילעכער יונג דער „אַנגעל".

אַנגעל איז איצט געווען ביים פּלומפּ, ער האָט זיך אויסגעטון ביז אין דער האַלב, און אַ צווייטער האָט געפּלומפּט אויף אים קאַלט וואַסער, זיין שוואַרץ־ריזיק לייב האָט אויפגעבליט אונטערן קאַלטן שטראָם, דערביי האָט ער געמאַכט פאַרשידענע קלאָונישע פירועטן, און דער גאַנצער הויף, מיט דער וואַך, האָבן געלאַכט, מיטאַמאָל האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, די אויגן און די ציין האָבן אַראָפּגעבליצט, פון זיין ברוין־טונקל פּנים. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט אין דער ווייט און אַ געשריי געטון:

— חברים, ערגעץ ברענט, איר הערט, ווי עס פאָרן די פייערלעשער? וואָס לויפן זיי? זאָל ברענען. זאָל אַלץ פאַרברענט ווערן, די גאַנצע וועלט זאָל פאַרברענט ווערן... ס'איז נישטאָ קיין פרייהייט, ס'וועט נישט זיין קיין פרייהייט... אָהאָ, וואָס איז פרייהייט, און דאָ האַלט מען מענטשן פאַרשפּאַרט אין אַ שטייג, „אַנגעלן" האַלט מען פאַרשפּאַרט. אַך, ווי ס'וויל זיך איצט אַוועקלייגן ביים ים אויפן זאַמד!...

ער האָט גערעדט, און דער גאַנצער הויף האָט געשוויגן, אין זיין שטימע איז געווען אַ מאָדנער, שאַרפער קלאַנג, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ טונקעל אומעט, די וואַך־סאָלדאַטן האָבן

זיך צוגערוקט נענטער און אויסגעשטעלט די ביקסן פאַר זיך.
דער עלטסטער האָט געזאָגט:

— נו, „אַנגעל״, וועסט שוין ווייסער נישט ווערן, געגוג זיך געוואַשן.

אַנגעל האָט זיך געקעמט זיינע שוואַרצע, גלאַנציקע האָר:

— כ׳וועל ווערן ווייס... גיך... חברימלעך, ווען דערשיסט איר מיך..?

די אַנדערע צוויי זענען טרויעריק געוואָרן און שטיל זיך געבעטן ביי אַנגעלן:

— קום, „אַנגעל״... קום אין קאַמער אַריין.

— קומט, — האָט „אַנגעל״ אַ געשריי געטון און טאַנצנדיק זיך געלאָזט צו אונז. מיר האָבן זיך אַלע אָפּגערוקט טיף אין קאָרידאָר און ריין געמאַכט פאַר זיי דעם דורכגאַנג צום קאַמער נומער פיר.

מ׳האָט זיי אין קאַמער אַריינגעלאָזט, נאָך זיי די שווערע טיר פאַרהאַקט, ס׳איז שטיל און שווער געוואָרן. אייניקע פון אונזערע דאַמען האָבן שטיל אונטערגעוויינט.

דערווייל האָט זיך באַוויזן איינער מיט אַ בוך און אָנגעהויבן אויסרופן יעדן פון אונז ביים נאָמען. מיר האָבן נישט געוווסט, צי זאָל מען זיך פרייען אָדער נישט. ער האָט אונז נישט געקאָנט זאָגן, צו וואָס ער טוט דאָס. אַזוי איז ער אַוועקגעגאַנגען, און מיר זענען אַלע געבליבן אין אַ גרויסן, טונקעלן קאָרידאָר. דורך דעם פענסטערל אין דער טיר האָט מען געקאָנט זען די דריי קרימינעלע. זיי זענען געזעסן אויף דער ערד און געשפּילט אין קאָרטן. זיי זענען שטיל געווען. זיי האָבן געוואָרפן די קאָרטן מיט איבערגעטריבענע באַוועגונגען, פּלוצלינג האָט זיך „אַנגעל״ אויפגעהויבן און צו צו די קראַטן, ער האָט זיך אַרויפגעצויגן אויף די קראַטן ווי אַ קאַץ און אָנגעהויבן שרייען מיט אַ שרעקלעך רייסנדיק געשריי:

— לאָזט אַרויס... לאָזט אַרויס...

אַזוי האָט ער געשריגן לאַנג, לאַנג, און די איבעריקע

צוויי האָבן, האַלטנדיק די קאָרטן אין די הענט, פּאַרטראַכט און שטיל געזונגען אַ באַקאַנט רוסיש גאַסן-לידל.

דער הייסער זומער-טאָג האָט זיך געשטעלט, די היץ האָט זיך שווער געלייגט, און אין דעם פולן קאַמער האָט געשטיקט די שטויביקע לופט. מ'האָט אַרומגעשפּאַנט מיט פרעגנדיקע אויגן. און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אויף אונז רוקט זיך ערשט אָן אַ וואָלקן, פון וועלכן מיר ווייסן נישט. פון דער גאַס האָט זיך דערטראָגן אַ ווייטע פאַרדומפּענע באַוועגונג, און אַזוי ווי „אַנגעלן" האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אַז אַרום אונז ברענט די גאַנצע וועלט, גלייך ווי מיר וואָלטן יאָרן שוין געווען פאַרשפּאַרט אין דעם קעלער-קאָרידאָר.

אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען עטלעכע שעה, ביז מ'האָט זיך פון אַ סאָלדאַט דערוווּסט, אַז ס'איז שוין צוועלף אַזייגער.

מ'האָט זיך גרופּירט אין קופּקעלעך, אין דעם געשפּרעך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, האָט זיך געריעשט דער פראַנצויז. ער האָט דערציילט און געלאַכט. דער ענגלענדער איז געשטאַנען לעבן אַ וואַנט און נישט געקוקט אויף קיינעם, און די פּאָליאַקן זענען געזעסן אויף דער ערד אין אַ רעדל און גערעדט פון דער מלחמה.

מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן דריי, זיי זענען אַלע געגאַנגען אין רויטע היטלען מיט רויטע הויזן, זיי זענען געווען באַהאָנגען מיט רימעטן, רעוואָלווערן און קנעפּלעך. אין די הענט האָבן זיי געטראָגן לעדערנע ריטלעך, און זייערע שטיוול האָבן געגלאַנצט ווי שפּיגלען. מ'האָט אונז אַלע אויסגעשטעלט צו פיר, און דער מיטלסטער פון די דריי האָט זיך געווענדט צו אונז:

— איר אַלע זענט אַרעסטירט פאַר זאַקלאַדניקעס פון אונזערע שכנים, מיט וועלכע מיר פירן מלחמה, באַזונדערס זענען דאָ צווישן אייך, בורזשויעס, קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן און שפּעקולאַנטן, מיט אַזעלכע וועלן מיר זיך נישט צערעמאָניען... היינט צוויי אַזייגער בייטאָג וועט איר פונדאַנען אַוועקגיין אין טורמע אריין...

און צו די וואך-סאָלדאטן האָט ער זיך געווענדט:

— צעשיקט זיי אין די קאמערן... דאָ איז נישט קיין שפּאציר-גאָרטן.

און אַלע דריי זענען, ברייט-וויגנדיק זיך מיט די רויטע הויזן, אוועק...

*

ביז צוויי אַזייגער בייטאָג האָט מען אונז אַלע אַרויס-געפירט אויפן הויף. די זון האָט געברענט, און מיר האָבן זיך אַלע געלאָזט צום פּלומפּ טרינקען. אַרום איז געשטאַנען א גע-העריקע וואַך פון סאָלדאַטן אונטער דער אָנפירונג פון קאָמי-סאַרן. זיי האָבן זיך געפּאָרעט אַרום אונז. אַלעמאָל איז גע-קומען אַן אנדער פּאפּיר, אַלעמאָל האָט מען אונז אויסגע-שטעלט, דאָ צו פיר אין א רייע, דאָ צו — פינף.

אין הויף אריין האָט מען געבראכט נייע אַרעסטירטע, איין פּארטיע האָט זיך איבערגעשריגן מיט דער אנדערער:

— וווהין גייט איר?

— מיר, אין טורמע.

— אַי, שלעכט!...

— און איר?

— אונז האָט מען נאָר וואָס געכאַפּט.

— איר זענט אויך אויסלענדער?

— יאָ.

— ווי זאָגט איר, מען קאָן נישט אַמאָל דערשיסן? — האָט זיך צו מיר צוגערוקט דער ייד מיטן בערדל — מען זאָגט, אַז די נאכט האָט מען שוין א סך דערשאָסן...

מיטאַמאָל איז אריינגעקומען א קאָמיסאַר. נאָך אים האָבן סאָלדאטן געטראָגן פּעקלעך. ער האָט אויסגערופן נעמען פון די אַרעסטירטע, און איבערגעגעבן פּעקלעך עסן און קליידער-טייל האָבן פונדערווייטנס דורך דעם טויער דערזען זייערע נאָענטע. און עס האָט זיך אָנגעהויבן א יללה מיט אַן איבער-

שרייען זיך, ביזוואַנען די קאָמיסאַרן האָבן זיך צעבייזערט און געהייסן פאַרמאַכן דעם טויער.

ווידער האָט מען באַפוילן זיך אויסצושטעלן צו פיר מענטשן אין אַ רייע. די וואָך האָט זיך ארומגעשטעלט, די ביקסן פאַר זיך אויסגעשטעלט, און ס'איז פלוצלינג געוואָרן שטיל און שווער.

— באָזשע מאָי, באָזשע מאָי... — האָבן די קריסטן געמרמלט.

נעבן מיר איז געשטאַנען דער קליינער פראַנצויז, ער האָט זיך פלינק ארומגעקוקט. די אויגן זענען ביי אים געווען אַרויסגעזעצט, ער איז פלוצלינג אַרויסגעטראָטן פאָרויס, און ס'האָט זיך דערהערט זיין ציטערדיקע אויפגעוועגטע שטים:

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט שפּילט איר זיך מיט אונז... טוט מיט אונז וואָס איר דאַרפט... אפשר דאַרפט איר אונז דערשיסן, איך בין גרייט!...

דאָס קליינע מענטשל האָט אינגאַנצן געציטערט. זיין העלדישקייט האָט אַזוי קאָמיש אויסגעזען קעגן די גרויסע סאָלדאַטן.

איינער איז באַלד צוגעגאַנגען צו אים און, אָננעמענדיק אים פאַר די לאַצן, אַריינגעשטעלט אים אין דער רייע.

— שווייג!

פלוצלינג האָט זיך פון דעם קראַטע־פענסטער באַוויזן דער שוואַרצער קאָפּ מיט די ווייסע ציין פון „אַנגעל".

— בראַוואָ, — האָט ער אַ געשריי געטון — דו ביסט מיין ברודער, קליין מענטשל... לאָז זיך נישט! איך „אַנגעל", זאָג דיר: לאָז זיך נישט! — און אַ שניידנדיקער פייף האָט דורכגעשניטן די לופט.

אין דער מינוט זענען מיר אַלע ווי מיט אַ רייף אַרומגענומען געוואָרן, נעבן יעדן פון אונז האָט אַ בליק געטון אַ שוואַרצער רעוואָלווער.

— בונט! — האָט ווי אַ ווינט אַ הוזשע געטון. „אַנגעל" האָט נאָך עפּעס געשריגן, און באַלד האָבן עטלעכע פייערדיקע

קנאַלן איבער אונזערע קעפּ אַ זעץ געטון, די פרויען האָבן אויפגעהויבן אַ וואָיענדיק געשריי, און דער גאַנצער הויף האָט זיך אָנגעפּולט מיט אַ בייז רייסנדיק קנאַלן.

*

אַ קליין, דאַר קאָמיסאַרל מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט איז געשטאַנען פאַר אונז און גערעדט. די וואַך איז געשטאַנען ארום און געהערט:

— איר גייט אַוועק פון דאַנען אינם אָדעסער טורמע־שלאָס. אויפן גאַנצן וועג פון דאַנען ביז אַהין מוזט איר גיין אין אַ געהעריקער אָרדנונג, צו פיר מענטשן אין אַ רייע, נישט אָפּשלאָגן זיך אין אַ זייט, נישט קעגנשטעלן זיך דער וואַך, פאַר דעם מינדסטן פּרווו צו אַנטלויפן ווערט איר דערשאָסן אויפן אָרט אָן אַ וואָרנינג. איך, רויטע סאָלדאַטן, זאָג איך אָן, האַלטן אויפן אויג די אַרעסטירטע, נישט צערעמאָניען זיך מיט זיי, נישט פירן קיין שמועסן, ווייל איר זענט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי, און יעצט איינס, צוויי, דריי — מאַרש!

מיר זענען אַרויס פון טויער. די גאַסן זענען פאַרגאָסן געווען מיט אַ הייסער ליכט פון דער זון, די טראָטואַרן זענען פול געווען פון גרופּעס סאָלדאַטן, קאָמיסאַרן און גלאַט מענטשן אין גרויע מיליטער־קליידער. דאָס קנאַקעריי פון הילצערנע סאַנדאַלן האָט אָנגעפּולט די לופט. פרויען אָן הוטן, אָן זאָקן, מיט טעקעס אונטערן אָרעם, אָדער שטיקער שוואַרץ ברויט, האָבן געצאַפּלט אין די סאָוויעטן־„סטאָלאָוועס”. דריי מאַטראָסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטון אויף אונז און גענומען אַפּלאָדירן:

— אָט אַזוי, בורזשויטשיקלעך... גייט, גייט... צום ווידערזען זיך אויף יענער וועלט... איר האָט שוין אָפּגעלעבט אייערע גוטע צייט...

אונזער נאַטשאַלניק פון דער וואַך האָט זיי געענטפערט מיט מיליטערישן „טשעסט” און געגאַנגען פאָרויס, אָפּשטעלנדיק די דראָזשקעס, און מאַכנדיק ריין דעם וועג פאַר אונז.

אַזוי אונטער דער ברענענדיקער היץ האָבן מיר געהאַט

דורכצוגיין נישט ווינציקער ווי 12-10 וויאָרסט ביז צו דער טורמע, וואָס איז געלעגן אין א טיף ווינקל אונטער דער שטאָט. מיר זענען געגאנגען אָן אַן אָפּרו אונטער דער קאָמאַנדע פונם וואַך־נאַטשאַלניק, וועלכער האָט דאָך אויפן וועג גענומען אַ דראָזשקע.

מיר זענען אַרויסגעקומען הינטערן שטאָט, אויף דער „מאָלדאוואנקע”. דאָס איז אַ זעלטענע שטאָט מיט גאָר אַנדערע מענטשן. דאָס איז אַ געדיכט־באַזעצטע נעסט פון אָרעמקייט, גראָקייט און פאַרברעכן. אַלטע, קרומע הייפלעך מיט הייזער קליינע און געדיכט־באַוווינטע. פרויען און מענער מיט שוואַרצע, נעגרישע פּנימער און בליציקע שוואַרצע אויגן טרעפן זיך. יעדער הויז איז אַ שטאַב פון באַנדיטן און פאַרדעכטיקע געשטאַלטן. די ווענט זענען באַקלעפּט מיט פּלאַקאַטן און אויפרופן. קינעמאַטאָגראַפן מיט גרויסע פּלאַקאַטן, פון וועלכע עס רייסן זיך פייערדיקע אויגן און ווילדע קראַמפּהאַפטע באוועגונגען. קליינע מיידלעך מיט שוואַרצע פעכיקע האָר און אויגן, שאַפראַן־געלע, נאַקעטע הענט און פיס, דערמאָנען אין שפּאַנישן פּעבל. ביי יעדן קרומען טויערל האָבן זיך אויסגעשטעלט גרופּן מענער און פרויען און נאָכגעקוקט אונז מיט שפּאָט אָדער גלייכגילטיקייט. גאַנץ אָפט האָט זיך געהערט אַ שאָס, אבער קיינער רעאַגירט נישט דערויף, ווייל אפילו אין די רויקסטע טעג שווייגט נישט די מאָלדאַוואַנקע און דאָרט גייט אַ שטענדיקע מלחמה פון פינצטערע, באַהאַלטענע כוחות.

דערנאָך זענען מיר אַרויף אויף דער באַן־ליניע דורך דער „טשומקע”. עטלעכע צעבראָכענע וואַגאָנעס און קראַנקע דאַמף־מאַשינען שטייען אויף די פאַרשטויבטע רעלסן. עס פילט זיך, אַז דאָ האָט זיך לאַנג גאָרנישט באַוועגט.

*

מידע, פאַרמאַטערטע, איינגעגאַנצן מיט שטויב פאַרדעקטע, האָבן מיר זיך לאַנגזאַם געשלעפּט אויף אַ זאַמדיקן וועג. פונדערווייטנס זעט מען שוין די רויטע, פיר־קאַנטיקע פליגלען

פון דעם באוווסטן אָדעסער טורמע-שלאָס. שטיל און אומעטיק איז דאָ. ביי דער זייט וועג ציט זיך דער נידעריקער פלויט פונם יידישן בית-עלמין. די וואך-סאָלדאטן זענען פארשוויצט און בייז פונם ווייטן וועג. און די עטלעכע פרויען שלעפן זיך אין דרייען געבויגענע.

מיטאמאָל קריכט דער וואך-נאטשאלניק אראָפּ פון דער דראָזשקע, ער גלייכט זיך אויס, און נעמט אָן א מיליטערישן טריט: איינס, צוויי, דריי, פיר...

מיר דערנענטערן זיך צום גרויסן, שווארצן, שטומען טורמע-טויער. ביי דער זייט דרייען זיך ארום כינעזער אויף זייערע דינע פיסעלעך מיט די קליינע נעז אויפן שטערן, זיי זעען אויס ווילד און פרעמד אונטער דער זון. זיי דערזעען אונז און קוקן אויף אונז טעמפּ מיט זייערע גרויסע ציין.

אונזער וואך-נאטשאלניק שטעלט זיי אויס, און באפעלט:

— חברים, נעמט צו ארעסטירטע, דריי און פערציק פערזאָן...

דער טויער עפנט זיך, און די כינעזער רינגלען אונז ארום.

*

דער טויער האָט זיך נאָך אונז פאַרקלאַפּט. מיר זענען אריין אין אַ גרויסן, ליידיקן הויף, ערטערווייז פאַרוואַקסן מיט ווילד גראָז און קליינע, קראַנקעביימלעך. די גלייכע, שטומע, רויטע קאַסטנס פון דער טורמע האָבן געקוקט אויף אונז מיט בלינדע, פאַרקראַטעטע אויגן, און מיר זענען אַלע ווי איינגעפאַלן.

דער אַלטער, גרויער פּראָפעסאָר איז געוואָרן איינגעהויקערט. ער האָט שוין נישט גערעדט וועגן זיין זאַמד-קאָלעקציע, ער האָט נאָר איבערגעחזרט: „צו וואָס", „צו וואָס אין טורמע?" דאָס קליינע פראַנצויזל איז אינגאַנצן שווארץ געוואָרן. ער האָט געקוקט ווי אַ מייזל מיט זיינע קליינע, שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן, און די הענט פאַרדוקט טיף אין די

קעשענעס. די פרויען האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, און אַרום זענען געשטאַנען די כינעזער אויף זייערע דינע, פרעמדע פיס מיט די קליינע נעזער אויף די שטערנס.

אַזוי זענען מיר געשטאַנען אויפן הויף עטלעכע שעה. ס'האָט זיך שוין פאַרנומען אויף פאַרנאַכט, ס'איז טונקל געוואָרן, און דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויף אונז, די נאכט האָט דערמאָנט אָן שרעקלעכע מעשיות. וואָס האָבן זיך אַרום דעם טורמע־שלאָס אַרומגעטראָגן.

מען האָט שטום געקוקט איינער אויף דעם צווייטן. פון די פאַרקראַטעטע פענסטערלעך האָבן אַרויסגעפינטלט פנימער. פרעמדע, ווילדע פנימער האָבן געמאַכט צו אונז מיט די הענט. און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען אויסגעוואקסן צוזאַמען מיט די טורמע־ווענט.

אינם הויף האָט מען אויך אַלץ אַרויפגעברענגט נייע אַרעסטירטע, צו איין מענטש, צו — צוויי. אויף אַלע פראַגן וועגן אונז האָט מען געענטפערט, אַז באַלד וועט אַהער קומען די קאָלעגיע פון דער „טשערעזוויטשאַיקע“ אויסצופרעגן די אַרעסטירטע.

*

ס'איז שוין געווען טיפער אָוונט, ווען הינטערן טויער האָט זיך דערהערט דער רעש פון אַן אויטאָמאָביל. באַלד זענען אין הויף אַריין עטלעכע מיליטער־געקליידעטע מענער מיט צוויי מיידלעך, בלאָנדע, שיינע, געניג אָנשטענדיק געקליידעט. מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ טישל אין מיטן הויף, די מענער מיט די פרויען האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש, און אַ לאַנגע צייט איבערגעקוקט פאַפּירן. נאָך אַ צוויי שעה האָט מען דערלאַנגט אַ סאַמאָוואר מיט ברויט און פוטער. און זיי האָבן זיך גענומען עסן. מיר זענען געשטאַנען אין דער צווייטער זייט הויף, אַ סך האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און אַנטשלאָפן געוואָרן, אַנדערע זענען געשטאַנען מיט אַ טעמפן בליק פאַר זיך.

דערווייל האָט מען אַרייַנגעבראַכט אונטער אַ שטאַרקער וואַך דריי אַרעסטירטע.

דאָס איז געווען „אַנגעל״ מיט זיינע צוויי חברים, זיי האָבן זיך אויך אפּגעשטעלט אויפן הויף. „אַנגעל״ האָט דער־זען דאָס טישל, ווו די קאָלעגיע איז געזעסן, און האָט באַלד זיך געלאָזט הערן:

— אַ גוטן אַפּעטיט, חברים און חברטעס... האָט ער אויס־געשריען — אָט אַזוי זיצט איר זיך און טרינקט טיי... איך האָב די ערע מיך פאָרצושטעלן... איך בין „אנגעל״, אַ באַוווסטער קאָמוניסט... דאָס גאַנצע לעבן געקעמפט מיט דער בורזשואזיע און איצט, זעט אויס... מוז איך מיט זיי שלום מאַכן...

די קאָלעגיע האָט געשמייכלט, און „אַנגעל״ האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן:

— ווו זענען דאָרט מיינע פּאַפּירלעך ?... אַ, „באַריש־ניעס״, „באַרישניעס״. איר האָט דאך ווייכע הערצעלעך, זעט דאָרט, אַז אזא בחור, ווי „אַנגעל״, זאָל נאָך אביסל ארומגוי־לאַיען אויף דער וועלט.

דערביי האָט ער אָנגעהויבן זינגען צוטאַנצנדיק. באַלד האָט זיך אָבער באַוויזן א ספּעציעלער טורמע־וועכטער מיט אַ פּאַפּיר און איבערגעגומען די דריי אַרעסטאַנטן. „אנגעל״ איז מיט א מאָל טרויעריק געוואָרן, זיין שוואַרץ פּנים האָט זיך אָנ־געברוגזט.

— וואָס, איר ווילט מיך דאָ נישט האָבן ?... איך מאַך אייך דאָ נישט גוט ? אָ—אָ—אָ... ער האָט אַ ריטש געטון, און דער גאַנצער הויף איז מיטאַמאָל שרעקלעך שטיל און אומעטיק געוואָרן, אַזוי איז צר מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ פארשוווּנדן געוואָרן אין אַ קליין, שוואַרץ, אייזערן טירל.

דערנאָך האָט זיך די קאָלעגיע אויפגעהויבן, ס'איז שוין געווען אָוונט. אַרום איז געווען שטיל, עפּעס אַ זעלטזאַמער טרוי־ער האָט געווייט פונם טורמע־הויף. די שטערן האָבן אויפגעגע־בליצט אויפן קלאָרן, ליליען הימל, און די פענסטערלעך האָבן

זיך אָנגעפּוּלט מיט שוואַרצקייט און שטומקייט, מיר האָבן מיד און אַפּאַטיש צוהינגעקוקט צום טישל, וואָס האָט געהאַלטן דעם גורל פון אונז אין די הענט, פון שטאָט האָט זיך כסדר דער־טראָגן דאָס געוועלנעכע שיסעריי, וואָס איז אין אָוונט שטאַר־קער געוואָרן. די קריסטן האָבן זיך געצלמט, און די כינעזער האָבן טריב און פרעמד געקוקט אויף אונז.

מיטאַמאָל האָט דער מיטלסטער ביי דעם טישל אויסגע־רופן:

— אַרעסטירטע אין דער רייע!

מיר האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט. דער ערשטער איז צוגעגאַנגען אַ פּאָליאַק. מיר האָבן געזען, ווי מען פרעגט אים עפּעס, און ער ענטפערט. באַלד האָט מען אים געהייסן אַוועק־גיין אין דער רעכטער זייט פון הויף. דערנאָך איז צוגעגאַנגען איינער פון די כלי־זמר, נאָך אַ פּאָר מינוט האָט מען אים אויך געהייסן אַוועקגיין אין דער רעכטער זייט. דערנאָך איז צוגע־גאַנגען דער דייטש. מיט אים האָט מען לאַנג גערעדט. צום סוף האָט דער מיטלסטער אַ קלאַפּ געטון אין טיש אַריין און אויס־געשריגן:

— מיט אייך איז אוממעגלעך דורכצוקומען, איר זענט אַ דייטש?!

— איך בין אַ דייטש.

— געבוירן אין רוסלאַנד?

— אין רוסלאַנד.

— און רעגיסטרירט אַלס דייטש?!

— יאָ.

— איר זענט אַ רייכער?

— יאָ.

— איר האָט אַ גוט?

— יאָ.

— געוועזער איז דאָ ביי אייך?

— יאָ.

— וואַלוטע און צאַריש געלט פאַרמאָגט איר?

— יאָ.

— ווייסט איר, אַז מ'טאָר עס נישט האַלטן?

— ס'איז מיינס...

— מ'האָט ביי אייך געפֿונען פֿינף ביקסן; ווייסט איר, וואָס עס קומט אייך דערפֿאַר?

— ס'איז מיין געווער. כ'האָב עס געהאַלטן צו באַשיצן זיך קעגן אָנפֿאַלן.

— ווען מיר וואָלטן געקומען צו אייך, צום ביישפּיל, רע־קוויזירן עפּעס, וואָלט איר געשאָסן אויף אונז?...

— מען טאָר נישט נעמען קיין פֿרעמדס...

— גייט.

ער איז געווען דער ערשטער, וועלכן מען האָט אַוועקגע־שיקט אין דער לינקער זייט הויף.

— פֿון דער לינקער זייט ווערט מען דערשיסן! — האָט זיך געטראָגן צווישן אונז אַ געמורמל, און פּלוצלינג האָט דער פֿראַנצויז אָנגעהויבן שטיל צו פֿליסטערן:

— גאָט... מען ווערט מיך זיכער... זיכער... אין דער לינ־קער זייט אַוועקפֿירן...

מיט וואַקלענדיקע טריט איז צוגעגאַנגען אייבער נאָכן צווייטן, האַלטנדיק די טריט וואָס מער רעכטס. מען האָט פּלוצלינג אין דער רעכטער זייט הויף דערזען דאָס גוטע.

דער אַלטער פּראָפֿעסאָר איז צוגעגאַנגען. ער האָט אַראָפּ־גענומען דאָס היטל און זיך איינגעבויגן. ס'האָט געדויערט אַ מינוט און ער האָט פּלוצלינג פֿלינק און גלייך אַ לויף געטון אין דער רעכטער זייט אַריין.

אַזוי זענען מיר אַלע איינער נאָכן אַנדערן דורכגעגאַנגען. מיר פֿון דער רעכטער זייט זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דער האָפֿנונג, וואָס האָט דערמאָנט אָן יענער זייט טויער. צווישן אונז איז אויך געווען דער פּראָפֿעסאָר, וועלכער האָט אַלעמאָל איבערגעפֿרעגט: „וואָס זאָגט איר, ס'קאָן זיין, אַז מ'וועט אונז נאָך היינט אַרויסלאָזן", נאָר קיינער האָט אים דערויף נישט גע־קאָנט ענטפֿערן.

אין דער לינקער זייט זענען געבליבן ניין פערזאָן. איצט איז דער לעצטער צוגעגאַנגען דער ייד מיטן בערדל, ער האָט געענטפערט שטיל און צאַפּלדיק. נאָך אַ פּאָר מינוט האָט דער מיטלסטער פון דער קאָלעגיע אַ געשריי געטון:

— איר זענט אַ שפּעקולאַנט.

און דער ייד איז מיט אונטערגעבראָכענע טריט אַוועק אין דער לינקער זייט.

פינסטער איז געווען אין אומעטיק-ווילדן טורמע-הויף, אַ טויט־שרעק האָט געאָטעמט פון גרויסן, שוואַרצן טורם. די קאָלעגיע איז אַוועק, און אַ גרופּע טורמע־וועכטער מיט לאַמטערן האָבן זיך אין הויף באַוויזן. צום טויער זענען געקומען אויטאָ־מאָבילן. אין הויף האָבן זיך באַוויזן נייע קאָמיסאַרן, מיליטער־לייט, אויך ציווילע.

ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג, גלייך מען וואָלט עפּעס פאָרגעברייט. פון דער גאַס איז דאָס שיסן אַלע מאָל שטאַרקער געוואָרן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועלן די קוילן אין טורמע-הויף זיך אַריינרייסן. ערשט אַרום צען אַ זייגער ביינאַכט איז די קאָלעגיע צוריק אַרויס, און דער מיטלסטער האָט זיך געווענדט צו אונז:

— נו, שטעלט זיך אויס אין דער רייע צו פיר.

דאָס איז געווען פאַר אונז אַזוי אומגעריכט, און מיר האָבן זיך שווער און לאַנגזאַם אויסגעשטעלט.

נעבן יעדן פירטן איז געשטאַנען אַ כינעזער. דער קאָמיסאַר האָט געהאַלטן אַ לאַמטערן און געלעזן פון אַ צעטל, ער האָט אויסגערופן אונזערע נעמען.

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו די צען פון דער לינקער זייט און אַ זאָג געטון:

— איר קאָנט זיך דאָ אַרומשפּאַצירן.

— הייסט עס, אַז מיר גייען אין קאַמער אַריין ... — האָט זיך איינער פון אונז אָנגערופן, און ס'איז שטיל און שווער געוואָרן.

— נו, גלייך. — האָט אויסגעשריגן דער קאָמיסאַר. — מיט׳ן פנים צום טויער!

דאָס האַרץ הויבט אָן קלאַפּן: „מען וועט באַפרייען״.

— שטיי! — קאָמאַנדעוועט דער קאָמיסאַר. — וווהין וועט איר גיין... מען וועט דאָך אייך דערשיסן אויף דער גאַס! ווילט איר גיין אָדער בלייבן בלויז ביז אינדערפרי?

— גיין! גיין!...

— מאַרש צום טויער...

מיר גייען, איינער שטופּט דעם צווייטן. אין דרויסן שיט זיך דאָס קנאַקעריי פון ביקסן, נאָר מיר גייען.

איך קוק זיך אום צו די צען פון דער לינקער זייט. איך זע נאָר זייערע סילועטן, ווי זיי שפּאַנען צום קליינעס, שוואַרצן, אייזערנעם טירל, אהין, וווּ „אנגעל״ איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

נאָר אָט איז דער טויער אָפן. מיר שפּאַנען אַרויס. אַ פרישער שטראָם לופט טרייבט אַרויס די בלייערנע שווערקייט פון האַרצן.

# סטאַווקי געסל

דאָס סטאַווקי־געסל, וואָס ליגט אַראָפּ מיט דזשיקע צו
דער פּאָוואָנזקאָווסקע האָט זיך געהאַט אירע בעלי־הבתים; אַביסל
גנבים, אַביסל „פּאַסערס", צומיינסטנס פורמאַנעס און גלאַט
סטאַווקער בעלי־הבתים, וואָס מ'האָט נישט געקאָנט וויסן, מיט
וואָס זיי פאַרנעמען זיך. פון צווישן די לעצטע זענען געווען
אַביסל „ווילע־יינגען", וואָס זענען אַמיינסטן אָפּגעזעסן אין
דער „באַוואַריע", געגעסן אַרבעס, פּאַרקילטע פּיס און געטרונקען ביר.
די אַלע לייט האָבן געפירט אַ גאַנץ בעל־הבתיש לעבן,
מיט ווייבער און קינדער. די יינגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט
הערן אין געסל מיט אַוואַנטורעס און געאַרבעט מיט מעסערס,
האָט מען גערופן „לאַטקעס" און נישט געהאַלטן פון זיי.
— אַזא יינג — האָט מען געזאָגט — זאָל אריינקומען
אין גוטע הענט, וואָלט ער געוואָרן אַ לייט. גוטע הענט דאָס
הייסט: ער זאָל ווערן אַ חתן פאַר אַ לייטישער מויד. די ליי־
טישע מיידן פון סטאַווקי גאַס האָבן אַמיינסטן געהאַלטן „טוי־
ערן", דאָס הייסט, זי האָט אין אַ טויער זיך געמאַכט אַ גע־
וועלבל פון אַביסל נאַשוואַרג און פרוכטן אָדער פאַרקויפט איי־
ער־בייגל, „פּאָנטשקעס" און פאַרדינט אויף אַ „וויפּראַווע". אַז
דער יינג איז געוואָרן חתן, איז אונטערגעלאָפן דאָס איינאונ־
צוואַנציקסטע יאָר, האָט אים די כּלה געמאַכט אַ פּעלצל מיט
אַ פּאָר שטיוועלעך, און דער יינג איז אַוועק צו „פּאָניען".
דאָס ערשטע יאָר איז אים געווען ביטער. דערנאָך איז
ער געקומען אויף דעם צווייטן סוכּות אין אַ מונדיר מיט אַ
מעדאַל: „זאַ אָטליטשנאָיו סטריעלבו". אויפן צווייטן יאָר האָט

ער געשפּאָלטן דעם קאָפּ דעם „ראַטנעם" און אוועקגעגאַנגען אין „צרעסטאַנטסקע ראַטעס". די מויד איז געשטאַנען אינם „טויער", געקריגן אַלץ רויטערע הענט און גרעבערע פיס און געגאַנגען צום „זשאַנדצע", ער זאָל איר שרייבן אַ בריוו צום יינג, ווייל זי האָט זיך אָפּגעפרוירן אַ פינגער און קאָן דערפאַר אַליין נישט שרייבן.

## שבת אינדערפרי אין סטאַווקי-געסל

שבת, באַלד אינדערפרי. ס'איז הייס. אין געסל איז נאָך שטיל, אין די אָפענע פענסטער ליגן קישנס מיט צעשויבערטע קעפּ. מען שלאָגט אויף די באַלקאָנען, פון וועלכע מען רעדט זיך איבער וועגן די וואַנצן. אַ שוואַרצע יידענע, ווי אַ ציגיינערין, מיט אַ ראָזן קופּקעלע רעדט אַריבער צו אַ שכנטע מיט גרינע, נאַקעטע הענט:

— זי הערן, דאָבעלע, זאָלן מיר אַזוי ביידע לעבן, ווי כ'האָב ערשט אייערנעכטן אַ קוואָרט נאַפט אַריינגעלאָזט אין די בעטן, אויסגעשאָרעוועט יעדעס קריש.

— ביי מיר פאַלן זיי פונם סופיט, אַ ברעכעניש אינם ווערטס ביינער אַריין, האָט צוגעזאָגט אויף פסח צו ווייסן.

אַ גראָבער בעל־הבית אין גאַטקעס שרייט:

— לאה, גיב אַהער אַ באַרשט מיט אַ שיסל וואַסער, זיי זענען דאָ אויך דאָ.

אין די הויפן אויף אויסגעשפּאַנטע פּלאַטפאָרמעס, בריטשקעלך און דראָזשקעס ליגן יינגען, אַלטע מיט בערד, מיידן, ווייבער און קינדער, אַנטלאָפענע פון די וואַנצן, און מען שלאָפט. די זון דעקט זיי אויף אין אַלע ווינקעלעך, ווי אַ פאַרלאָזן מלחמה־פעלד נאָך אַ באַנאַכטיקער שלאַכט.

אויפן פענסטערל פון דער בעקעריי זיצן צוויי בעקערייינגן אין ווייסן און שפּאַרן זיך, וועך ס'איז שטאַרקער „משה בויך" אָדער „מאָטל קובעל".

פון דעם נישט ווייטן הינטערן־שטאָט טראָגט זיך פּלוצלינג אָן אַ לינד ווינטל און באַוועגט די ראַמען פון די טונקע=

לע, לאַנג=פֿאַרלאָזענע פֿענסטער. איינס שטילן, שנאָרכנדיקן הויף דערהערט זיך אַ פֿלאַצנדיקער זעץ. די שלאָפֿנדיקע כאַפּן זיך אויף מיט די געל=בלוילעכע העמדער, האַלב־נאַקעטע, און באַטראַכטן די ערדענע שיסל מיט פֿיש, וואָס ליגט צעזעצט אויף דער ערד, אַראָפּפֿאַלנדיק פֿון דער פֿענסטער=בלעך. איינס פֿענסטער באַווייזט זיך אַ צעפּאַטלטע, געלע יידענע מיט שפּיציקע, פֿאַרבראָכענע הענט און אַ פֿאַרשלאָפֿן, כרופֿעדיק בייקול:

— אַ בראָך האָט מיך געטראָפֿן, כ'האָב איר געזאָגט, די מויד, זי זאָל אַראָפּנעמען די פֿיש!

פֿון אונטן שרייט אַרויף אַ מויד:

— אפֿשר קאָן מען נאָך צוזאַמענקלייבן?

— צוי וויי מיר, ס'רייסט אַזש ביים האַרץ, אַזעלכע מלכותדיקע פֿיש...

— איידער מ'קריגט אַריין דעם שבת אין שטוב אַריין... אַזוי באַדויערט מען, און דער הויף וואַכט אויף.

*

צום ערשטן באַווייזט זיך פֿאַרן טויער אַ מויד מיט אויפֿגעשנאָרוועטע שיך, מיט אַ טערקישער קאָלדרע אויף די פּלייצעס. זי שטייט אַ ביסל פֿאַרן טויער, קלאַפּט צו מיט אַ פּיסל פֿאַר זיך און פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר יעדן „פּאַצעט", וואָס זאָגט איר איידל: „אַ גוט שבת".

— כ'בין אַזוי אַראָפּגעלאָפֿן... קאָלאָ דאָמו אַפֿילו נישט פֿאַרקעמט...

די „פּאַצעטן" גייען פֿון דער „רעזורע" אָפּגעגאָלט אויף בלוי און ווייס, פֿאַרפּודערט אויף דער גאָמבע. מיט איין האַנט האַלט ער צו דעם אויפֿגעשטעלטן קאָלנער פֿון דער מאַרינאַרקע, אין דער אַנדערער האַלט ער אַ פֿאַרהעמדל מיט אַ קאָלנער איינגעפּאַקט אין אַ געל פּאַפּיר פֿון דער „פּראַלניע". פֿון אַ טויער לויפֿט אַרויס אַן אַלטער ייד מיט אַ קלאַטשעוואַטער באָרד, אין אַ פּאָר גרויסע שטיוול, אַרומגעבונדן מיט אַ גאַרטל מיט אַ געשריי:

— יידעלעך דאַוונען... יידעלעך...

דאָס איז „זייוועלע פּייאָק", דער שמש פון דער שול. זעקס יאָר איז ער געוועזן אויף קאַטאָרגיע פאַר מאַכן פאַלש געלט און פון זינט ער איז צוריקגעקומען, האָט מען אים גע־מאַכט פאַר אַ שמש אין דער סטאַווקער שול, דערביי האַנדלט ער מיט לייכטער, וואָס מיקומט ביי אים אויסקויפן...

פון די באַלקאָנען שרייט מען אים אַראָפּ:

— זאַוועלע „פּייאָק", ס׳איז נאָך פרי!

אינם געסל ווערט וואָס אַמאָל אַלץ רעשיקער. ס׳טראָגן זיך הילכיק לײדיקע פירן, אויף וועלכע עס זיצן געדונגענע גויים. די בעלי־הבתּים פון די וועגן גייען בנעימות מיט די טלית־זעקלעך אין שול אַריין, און שרייען פון דער זייט אַראָפּ צו די גויים:

— יאַנעק, פּשאַ טוואָיאַ מאַטש, טרייב נישט אַזוי, אָן די בייטש, שלאָג נישט די שקאַפּע! קליינע יינגלעך מיט פינסטע־רע דאַשקעס שלעפּן אַן אויסגעצופּט פערד אויפן „ווינע־פּלאַץ" אַרויס, און די אַלטע שרייען אַראָפּ פון די פענסטער:

— בענקאַטעס, שלעפּצן נישט!

מיידן מיט יינגען שטייען ביי די טויערן, באַקוקן זיך די נייע שיך, קנאַקן „באַניעקערן" און רעדן איידל:

— וואָס מאַכן זי פּראַגיעלע? ווען דאַרף איהנס מאַן צהיימקומען?

— כ׳ווייס אַליין נישט. ס׳אי מאָ שוין נמאס צו וואַרטן...

— ריקל, ווען גייט דיין חתן לוויז?

— אין צוויי וואָכן אַרום סקאָנטשעט זיך דער „וויראָק"...

האַלב־נאַקעטע ווייבער גייען מיט טשייניקעס נאָך הייס וואַסער אויף טיי.

אין טיי־הייזל ביי „קיילציען" זיצן שוין יינגען מיט מיידן און לייענען דאָס ביכל פון טעאַטער.

די שפּיל שטעלט פאָר אַ טראַגעדיע פון אַ שטיפמוטער און אַ שלעכטן „פאַטער".

די יינגען הערן ווי דער שלעכטער „פאַטער" באַשטייט

נישט אויפן שידוך און טרייבט ארויס די יתומה באָרפיס און נאַקעט אויפן פראָסט. די ייִנגעך קומען אין כּעס אַריין, די העלזער גיסן זיך אָן מיט בלוט, און דעמאָלט ווען די שטיפ־מוטער שלאָגט זי מיטן שאַר־אייזן, הייבן די ייִנגעך אָזש אָן צו מריקען:

— הע־נאָ דאָ, זאָסט מאָ אַזוי לעבן...

— וואַ־וואַ, זע נאָ דאָ, אַ רוח אין איר מאַמען אריין!...

זיי ווילן אַליין שפּילן דאָס שטיק, טאַקע דאָרט אין טיי־הייזל אינם לערצטן צימער. הערשל טענצער האָט אַ באַסן־שטימע, ווען ער שפּילן דעם שלעכטן „פאטער". ער רעדט זיי־ער גראָב און טיף־דייטש, נאָר ווען ער הויבט אָן רעדן די רייד פונם שלעכטן „פאטער", קומען אים די טרערן אין די אויגן און ער הויבט אָן וויינען.

דער בעסטער ארטיסט איז שלומהלע „וואַטשאַזש", „קייל־ציעס" חתן. ער שפּילט פאַר דעם „באַליבטן". ער האָט שיי־טערע ציין, און רעדט דין און איידל. ער שטעלט ארויס אַ פּיסל פאַר זיך, וואַרפט אַרויף אַ העטל אויפן בויך און זאָגט אויף דייטש:

— דאַ ברענט מיינע ליבע צו דיר, פייגעלע...

„קיילציע" ווערט דערביי זייער צעטראָגן, שטופּט אַרויס אַ ייִדענע מיט אַ טשײַניק, וואָס וויל פאַר אַ צווייער אַ פולן טשײַניק וואַסער, און זאָגט צו שלומהלע „וואַטשאַזש":

— שלומהלע, האָסט זיך שוין אָנגעריסן ג'האַלז, טרינק אויס אַ גלעזל וואַסער מיט סאָק.

*

שפּעטער אויפן טאָג רויעט זיך דאָס געסל אונטער דער זון. בעל־הבתים קומען פון שול. געזונטע פּורמאַנעס, ווילדע ייִנגעך און פאַסערס, מיט די טלית־זעקלעך אונטער די הענט, מאַכן זיך ייִדישלעך צעבראָכן און שמעקן טאַבאַק.

מ'טוט זיך אָן שבתדיקע בלויע כאַלאַטלעך, און קליינע מיידן מיט פּעטע, גלאַנציקע צעפּ פון נאַפט און נייע, געלע שיך גייען מיט שמאַטעס נאָך די טשאָלנטער.

*

אין די ברודיקע הייפלעך טראָגן זיך פאַרשידענע ריחות פון נישט פרישע פיש, פון קעץ, באַזונדער שטאַרק זענען די ריחות פון איין ווינקל הויף, פון אַ קליין גרוי מויערל, וואס זעט אויס ווי אַ טויבן-שלאק און אַרום אַ באַרג מיט מיסט. דער איינציקער גוי אינם הייפל, דער סטרוזש האָט זיך שוין לאַנג מיאש געווען פון רייניקן דאָרט, און שמירט פון צייט צו צייט אויס מיט סמאָלע די פעדערשטע וואַנט.

דאָ, ביי די צעבראָכענע טרעפלעך שטייען אַ צענדליק איינוווינער, ווייבער, יידן און קינדער אין דער רייע און מען רעדט וועגן דעם, אַז ס'איז נישט ריין און ווער עס טוט עס.

אַ דאַר ביין יידל, אַ האַנדלאַוש, טענהט:

— די קליינע יאַטן... נאָר די קליינע יאַטן... פּאַק איך איינעם, דריי איך אים אַ פוס אויס...

אַ יינג גייט אַרויס מיט נייע שיך, ער רייבט די שיך אָן דער ערד און שעלט:

אַ פייער זאָל זיי קומען אין די קישקעס אַריין...

אַ יידענע באַקלאָגט זיך:

— האָט זיך דאָרטן אַריינגעזעצט עפּעס אַ „לאַטעק” און וויל נישט אַרויסגיין... כ'שטיי שוין אפשר אַ שעה צייט...

זי לאָזט זיך צו דער טיר מיט אַ קלאַפּעריי!

— נו שוין...

פון אינעווייניק הערט זיך א מריטש:

— אימהע...

די יידענע שטייט-צו:

— נו שוין, זיצט ווי אַ שררה...

אין דער רייע הויבט מען זיך אָן וויצלען:

— אפשר אַריינגעבן אַ בלאַט-צייטונג.

— אפשר אַריינגעבן אַ קישן?

אַזוי רעדט מען זיך איבער, מען שעלט, און אינעווייניק בלייבט מעז אויף להכעיס...

*

האלבער טאָג.

דער עולם שלאָפט. יינגען גייען צו די כלות און לייגן זיך צו שלאָפן. מען באַשטעלט זיך צו גיין אין מוראַנאָווער טעאַטער אַריין.

מיט אַמאָל ווערט א רעש אין געסל. א חברה גנבים און פּאַסערס זענען צוריקגעקומען פון סאָנד. פון אַלע טויערן און דורך די פענסטער פרעגט מען זיך, אויף וויפל מ׳האָט גע-קראָגן צו זיצן.

מיידן מיט ווייבער גייען שוין אין דער צייט מיט „וואַ-לאָווקעס" אין „פּאַוויאַק" אַריין.

אין מיטן דער גאַס ווערט אַ רעדל. מען היצט זיך און מען דערציילט פון דער „ספּראַווע", וואָס ווער האָט געטענהט, וואָס ס׳האָט געזאָגט דער „יאָלד", וואָס ס׳האָט געזאָגט דער „קאָלנער". „קליינע יאַטן", וואָס זענען נאָך נישט געזעסן, שטייען ארום און הערן זיך צו. און זייער געדאַנק בלאָנ-דזעט אַרום איבער די פאַרקראַטעוועטע פענסטערלעך פונם „פּאַוויאַק".

דאָס האַרץ קלאַפּט, און שטיל, אַזוי ווי קעץ שלייכט מען זיך אוועק אין „יענע גאַסן" אַריין אויפן פאַרדינסט.

## ליבעס

אין די זומערדיקע, שפּעטע אָוונטן, ווען דאָס סטאַווקי-געסל איז שוין האַלב-געשלאָפן, האָבן זיך די פּאָרלעך אַרויס-געלאָזן שפּאַצירן, „כאַפּן לופט" אַראָפּ מיט דער דזשיקע „צום קריסטלעכן צמענטאַזש" אונטער די בוימער, וואָס ציען זיך שוי-רותוויין ביז צו „פּאָוואָנזעק".

מ׳איז געגאַנגען הין און צוריק. טייל האָבן זיך אויסגע-זעצט אויף די שטאַכעטן ביי די מצבה-קריצערס. אָדער אויף די שווערע שטיינער, וואָס שפּארן אונטער די טויערן. איז מען געזעסן און שטיל גערעדט, געזונגען לידלעך און זיך געליבט.

דאָרט פלעגן גיין אממיינסטן די יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן „געהערט צו זיך" נישט לאַנג.

די געשפּרעכן פון די יינגלעך מיט די מיידלעך האָבן דערמאָנט אָן אַ שטיל ווורקען פון טויבן. פון אַ זייט, פון דער שאָטנדיקער טונקלקייט פון אַ טויער האָט זיך געהערט אַ שטיל ליבע-לידל, וואָס אַ מיידל האָט געזונגען גיך און ערנסט, ווי זי וואָלט עפּעס געוואָלט דערציילן אין איין אָטעם:

„אַזוי ווי הערמאַן האָט דוס דאַ׳העיאָט
האָט עס עים שטאַרק פאַרדראָסן —
אַראָסגענימען האָט ע דעם רעוואָלוואָ —
דעוווירען האָט ע דאַ׳שאָסן..."

דאָס לידל ווי אַזוי „דאַ שיינאָ הערמאַן" האָט „דאַ׳שאָסן" דבורהן האָט זיך איבערגעטראָגן פון איין פּאָרל צום אַנדערן, און הערנדיק דאָס, האָט מען זיך שטאַרקער געטוליעט איינס צום אַנדערן און מ׳האָט זיך איבערגערעדט:

— וואָס מיינען זי... ס׳גיבט נישט אַ מאָל?...

— אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן...

אַזוי האָט מען גערעדט וועגן ליבע, וועגן שרעקלעכע געשיכטן, פון כּלות, וואָס זענען געשטאָרבן אין די חופּה-נעכט, פון שרעקלעכע טראַגעדיעס.

פרימעטל די „פּריזיאָרקע" האָט זיך שטענדיק געהאַלטן ביי איינס: אַז די „חברטאָרינס בּרענגען צו אַלע צרות". פּרימעטל האָט געהאַט גאָלדענע צעפּ מיט בּלויע אויגן, זי האָט אויסגעזען ווי אַ ליאַלקע און האָט געפירט אַ ליבע שוין זעקס יאָר. „פון דראַצן יאָר אָען". זי האָט געהאַט אַ חתן „שילעם", וואָס האָט צוויי אייגענע פלאַטפאָרמעס, דאָס יאָר איז ער אַהיים־געקומען פון „פאָניען" און די חתונה אָפּגעלייגט אויף שבת נחמו.

פרימעטל איז געווען אַ קלוגע, זי האָט שטענדיק געזאָגט, אַז ליבע איז אַ „האַרץ-זאַך" און דער עיקר איז: צי „מ׳מ״ינט זיך". אין אַזעלכע אָוונטן פלעגן טיילמאָל אויסבּרעכן קריגע-

רייען צווישן די פּאַרלעך אָדער געשלעגן צווישן חתנים, דע-מאָלט איז זיך צונויפגעלאָפן אַ רעדל און מ'האָט אויסגעגלייכט די זאַך.

שיינדל פון דער „ניזקע", וואָס האָט געאַרבעט אין „פּאַ-ליאַקעוויטשעס פאַבריק", איז אַרומגעגאַנגען מיטן "ליטוואַק". דער ליטוואַק איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פּלוצלינג אַראָפּגעקומען אויף דער סטאַווקי גאַס, געווען איז ער אַ מעכאַניק, האָט פאַ-רעכט זינגערס מאַשינען און איז געוואָרן אַ גוטער ברודער מיטן גאַנצן געסל. צום ערשטן האָט ער געהאַט געבערענטע צרות, מ'האָט אים נישט געלאָזן די גאַס דורכגיין. די קליינע „יאַטן" פלעגן אים אַ גאַנצן טאָג אַריינשרייען דורך די פענסטער: „חזיר", „אָפּל", „געבראָטענער חזיר", אָדער „טשו-טשו". ער פלעגט אַמאָל כאַפּן אַ רוק אונטער דער זייט פון „אַ לאַטעק", דער ליטוואַק אָבער האָט ליב געהאַט זיך אויסצוטענהן:

— רעדן — רעדט אייך וויפל איר ווילט זשיך... אָבער מיט די? הענט זאָלט איר ניט טסעפּענען...

די יינגען האָבן דערהערט „טסעפּענען", האָבן זיי אויפגע-הויבן אַ געשריי, אַ פייפעריי, מיט אַ געלעכטער און אים אָנ-געהויבן רייסן און פליקן פון אַלע זייטן, איינער האָט אים אַראָפּגעכאַפּט דעם קאַפּעליוש און אים געוואָרפן אין דער הויך. דער ליטוואַק איז אָבער געשטאַנען רויק און זיך גערעדט זיינס:

— איר זייט ווילדע מענטשן, דערפאַר פאַלט איר אָנעט אויף מיר... איר זייט אַ סך און איך בין זשיך עינער...

די לאַטקעס פלעגן זיך האַלטן ביי די בייכער פאַר גע-לעכטער און ביסלעכווייז זיך צוגעוווינט צו אים. די מיידן האָבן אין אָנהויב מיטגעלאַכט, דערנאָך האָבן זיי אים אָנגעהויבן באַשיצן:

— „לאַטקעס", „שמיעטשאַזשעס", וואָס האָט עטך צוב'עם?.. און אַ ס'איז אַ ליטוואַק איז עס נישט קאַ מענטש!?...

ביסלעכווייז איז מען צוגעוווינט געוואָרן צום ליטוואַק, די מיידן האָבן געטראָגן צו אים די מאַשינען צו פאַרריכטן, האָבן

זיך אָנגעהויבן מיט אים חכמהנען, זיי האָבן קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט, דער ליטוואַק האָט זיך אָבער שנעל אויסגע־לערנט פאַרשטיין זייער לשון.

— אַנו, ווייז אָקוּרסט אייער מאַסינקע. — פלעגט ער זאָגן צו אַ מויד, ווען די מאַשין איז ביי איר קאַליע געוואָרן, דערביי האָט ער איר אַ קוועטש געטון ביי אַ פוס, פאַר וועלכן זי האָט אים געגעבן אַ רוק אָפּ פון זיך, אַז ער האָט זיך שיר נישט איבערגעקערט:

— שטייען זי אָפּ, ליטוואָק... מיט די הענט זאָלן זי נישט רידרן... די הענט באַהאַלטן זי אויף שבת...

— געזשונט זאָלט איר זשיך זיין... פאַרוואָס זייט איר אַזאַ בעיזע.

דער ליטוואַק האָט זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און צע־רעכט געמאַכט זיין מאַשינדל.

אַזוי איז דער ליטוואַק געוואָרן אַן אייגענער מענטש, דאָס גאַנצע געסל האָט אים שוין געקענט. די „יאטן" האָבן אָנגעהויבן אַריינברענגען צו אים עפּעס פאַרקויפן.

אזוי האָט אויך דער ליטוואַק זיך באַקענט מיט שיינדלען פון דער ניזקע גאַס, זי איז געווען שוין אַ מויד אין די יאָרן. אַ גרויסע, אַ געלע, מיט ברוינע, גלאַנציקע אויגן מיט אַ בריי־טער נאָז, זי האָט געהאַט אַ מאַמע, אַ קליינע, געלע יידענע, וואָס האָט געקאָכט „אכיסל עסן" אין מאַרק אַרויס. זי האָט געוווינט אויף ניזקע גאַס אין אַ קעלער־שטוב, און דאָרטן איז מען געקומען צינ'איר עסן.

דער ליטוואַק האָט אַזוי לאַנג געזוכט אַנ'אָרט ווו ביליק אָפּצועסן, ביז וואַנען ער האָט פאַרבלאָנדזעט אַראָפּ אין קעלער־שטוב אריין צו „דאַבעלע פון געקעכץ".

ער איז אַראָפּ אין קעלער אין אַ הייסן טאָג, ווען דאָ־בעלע האָט געהאַלטן אין לאַדעווען די הייסע פאַרעדיקע סאָ־גאַנעס מיט לינג און לעבער, ווען דער גאַנצער קעלער האָט זיך געוויגט פון אַ פעטער, קריכענדיקער פּאַרע.

דער ליטוואק האָט זיך דערפילט אין אַ גן־עדן, ווען איוף אים האָבן פון אַלע זייטן געגלאָצט די מוטנע, רויטלעכע שטיקער פלייש, דער קאָפּ האָט זיך אים פארדרייט.

— אַ מחיה ווי גוט דאָ איז... — האָט ער אַ קרעכץ געטון און מיטאַמאָל האָט ער דערזען די געלע שיינדל. זי האָט אים אין דער געדיכטער, פעטער פּאַרע אויסגעוויזן׳ ווי אַ ליכטיקער מלאך אויפן הימל. פון דעמאָלט אָן האָט שוין דער ליטוואַק נישט אָפּגעטראָטן פון קעלער, ווייבער האָבן זיך אַריינגעפלייגט, און ס׳איז געוואָרן אַ שידוך, און דאָס געסל האָט גע־רוישט.

# גאָדל בעקער ווערט אַ יתום

ווען גאָדל איז אַלט געווען פופצן יאָר, איז זיין פאָטער געשטאָרבן אין שפּיטאָל. פון וואָס פאַר אַ קרענק, ווייסט נישט גאָדל, ער געדענקט נישט. ער געדענקט נאָר, אַז ער האָט געהוסט און געשפּיגן. גאָדל איז געווען אין בעקעריי, ס'איז געווען פאַרנאַכט, אין קעלער איז געווען האַלב פינסטער. דער אויוון האָט שטיל און עקשנותדיק געגליט. גאָדל איז געזעסן, די פיס אַראָפּגעהאָנגען פונם פּיעקעליק און אויסגעקלאַפּט ליד־לעך אויף די ציין, אַלע פאַרנאַכט פלעגט ער שפּילן אויף די ציין, דאָס האָבן אים די עלטערע געזעלן געהייסן, שטייענדיק די הענט פאַרלייגט, נאָכן פאַררוקן דאָס געבעקס.

פּלוצלינג האָבן זיך דערהערט טריט, און אין קעלער איז אַראָפּגעקומען אַן אַלטער ייד מיט אַ לאַנגער, גראָער באָרד. ער איז צוגעקומען צו גאָדלען, שטיל אים אָנגענומען פאַר אַן אַקסל און אים פונם פּיעקעליק אַראָפּגעשלעפּט מורמלענדיק:

— קום שייגעץ... קום, ס'טעך כאָטש געזעגענען מיטן טאַטן...

גאָדל האָט געשוויגן, ער האָט זיינע ווייסע, געזונטע ציין אַרויסגעוויזן, זיינע קליינע אייגעלעך אויפן ייד פאַרמרו־ זשעט און פאַרקרומט צוגעשמייכלט.

גאָדל האָט עפּעס פאַרשטאַנען. ער האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ האָט זיך אין אים פאַרקורטשעט. ער האָט געוווסט, אַז ער דאַרף עפּעס איבערקומען, עפּעס שווערס... פרעמדס...

— קום שייגעץ.. וואָס שטייסטו!... האָט זיך דער ייד

געבייזערט. און גאָדלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דעם ייד אַליין וויל זיך אויך נישט גיין. און ער איז געגאַנגען.

אין דעם גרויסן, ליידיקן שפּיטאָל־צימער איז געווען האַלב ליכטיק פון אַ גרינלעך גאַז־פלעמל. גאָדל איז אַריינ־געקומען, די קאַלטע, ליידיקע ריינקייט פונם שפּיטאָל האָט זיך אויף אים שווער אַ לייג געטון. אים האָט עפּעס געשראָקן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין איינע פון די קאַלטע, ליידיקע סאַלעס וועט ער מוזן עפּעס איבערקומען. האָט ער, צופנדיק דעם ייד פאַר אַן אַרבל, געמורמלט:

— ני שוין, ני שוין... כ'מוז גיין צום אויוון...

דאָ האָט דער ייד אַן אָפּגעריסענעם קוק געטון אויף אים, אַ שאָקל געטון מיט דער באָרד און האָט אַרויסגערעדט:

— שייגעץ, קענסט כאָטש קדיש זאָגן?

גאָדלען האָט אַ מיש געטון פאַר די אויגן.

אויף אַ פלאַך, נידעריק בעטל איז זיין טאַטע געלעגן, דאָס פּנים בלייך־געלב דורכגעפלאָכטן מיט בלויע, פאַרברענטע אָדערן. די אַפּלען אונטערן שטערן אַרונטערגערוקט, און זיין שוואַרצע, פאַרפלאָנטערטע באָרד איז האַרט ווי אַ קלין אַרויפ־געשטאַנען. נעבן אים זענען צוויי יידן געזעסן און געשוויגן. ווען גאָדל איז צוגעגאַנגען, האָט זיך דער טאַטע אַ האַרטן ריר געטון, זיינע אַפּלען האָבן אַ שווים געטון, און ער האָט אָן אָטעם אַרויסגעשטופּט די ווערטער:

— קים... די... זיהן...

אַ ייד האָט זיך פון דער שטול אויפגעהויבן, גאָדלען צו־צולאָזן. גאָדלס ווייסע, בעזונטע ציין האָבן זיך אין אַ משונהדיקן שמייכל אַרויסגעשטעלט, זיינע קליינע אויגן האָט ער שטאַרק פאַרמרוזשעט, און איבער זיין פּנים האָט זיך איבערגעגליטשט עפּעס אַ האַרטע, ווייכע, קאַלטע, וואַרעמע זאַך. דאָס איז בע־ווען אַ גלעט פונם שטאַרבנדיקן טאַטן. דער גוסס האָט אַרויס־געשטאַמלט:

— ק—די—ש...

דעמאָלט האָט זיך גאָדל אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד

נעבן בעט, אין, אָננעמענדיק אַ סך אָטעם, האָט ער אַ לאָז גע־
טון איבער דעם שטילן, ביינאַכטיקן שפּיטאָל אַ ווילדן ריטש,
וועלכער האָט זיך איבערגעקאָליערט איבער אַלע הויכע ווילד־
אומעטיקע קאָרידאָרן.

— טאַטע! טאַטע!...

נאָר באַלד האָט ער זיך איבערגעריסן און שטיל גע־
בליבן.

די יידן זענען פון די ערטער אויפגעשטאַנען, און פלוצ־
לינג זיך איילק אַ לאָז געטון איבערן זאַל הין און צוריק, הין
און צוריק.

דעם אָוונט איז גאָדל געבליבן אָן אַ טאַטן.

*

ער איז אָוועק צוריק צום אויוון, אין בעקעריי איז גע־
ווען רעשיק, די געזעלן האָבן פאַרקנעטן, געהייצט, נאָר אים
האָט מען גאָרנישט געהייסן טון.

ער איז צוגעגאַנגען צו יעדן באַזונדער און געזאָגט מיט
טרערן:

— ס'האָט מאָך געטראָפן אַ מילעיאָ... מיין פאָוטאָ איז
מאָ געשטאָרבן...

די געזעלן האָבן געשוויגן. געקרומט זיך און זיך גע־
קראַצט אין די פאַרמעלטע האָר אונטער די פאַפירענע ביי־
טעלעך.

ער האָט זיך געפּרוווט אַוועקלייגן אויפן פּיעקעליק, אָבער
גאָדל האָט נישט געקאָנט ליגן. ער האָט אַלץ געפּילט אויפן
פּנים דעם טאַטנס גלעט, און אין קאָפּ האָבן זיך אים אַלץ גע־
דרייט די ווערטער:

ברוך אתה... ברוך אתה...

ער האָט אַלץ געוואָלט זיך דערמאָנען די ווערטער פון
קדיש.

מיט אמאָל איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער בע־
קעריי. עפּעס אַ בלינדער כּוח האָט אים געפירט. ער איז גיך

אַדורכגעלאָפן דאָס סטאַווקי-געכל ביז צו די „אָקאָפּעס" און דערזעען פאַר זיך דעם פּלויט פון דעם יידישן בית-עולם. דער פינסטערער, שרעקיקער בית-עולם מיט די שטילע, פינ־סטערע בוימער איז אים איצט געווען נאָנט און היימיש, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז זיין טאַטע וועט ערשט מאָרגן אהער־קומען.

דערנאָך איז ער צוריק אַריין אין געסל. ער איז אַריין אין יעדן הויפל, און אומעטום, ווו יינגען מיט מיידן זענען גע־שטאַנען פאַר די טויערן, האָט ער אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט.

— פּיין פוטאָ איז מאָ געשטאָרבן...

פרעמדע ווייבער האָבן עס געהערט און געזאָגט:

— קום אַריין גאָדל... ס'טקריגן אַביסל עסן...

גאָדל האָט נישט געוואָלט עסן.

מיטאמאָל האָט ער דערזעען פאַר זיך דאָס נידריקע, צע־בראָכענע טויערל פונם הייפל, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. ער איז אַריין אהין.

ער האָט דערזעען דאָס פענסטערל אויפן בוידעם, ווו זיי האָבן געוווינט, און ס'איז אים עפּעס אַריין אין דער נאָז אַ ריח פון געקעכץ, וואָס זיין טאַטע פלעגט שטענדיק עסן, זיצנדיק ביי דעם קליינעם פענסטערל. עפּעס אַ ריח פון אַ גריץ מיט קאַרטאָפל, מיט ציבעלע.

אָט דאָ פלעגט ער זיצן ביי דעם קליינעם פענסטערל, אונטערן דאַך, מיט די ברייטע שטריק אַרום דעם בויך אַרומ־געוויקלט און עסן פונם שוואַרצן טעפּל מיט אַ בלעכערנעם לעפל.

גאָדל איז געווען אַ קליינער יינג, און ס'האָט אים געדאַכט, אַז דאָס וואָס דער טאַטע עסט איז זייער געשמאַק.

איז ער געשטאַנען אַ לענגערע צייט און אַרויפגעקוקט אינם פענסטערל, וואָס האָט איצט געבלינצט מיט אַ שוואַכן שיין פון אַ פרעמד לעמפּעלע, און מיטאמאָל האָט אים עפּעס אַרויפ־געפירט אויף די טרעפּ.

ער איז אַרויף אויף די טונקעלע, צעבראָכענע טרעפּ ביז

אויבן. ער האָט זיך פאַרהאַלטן הינטער דער טיר פון דער שטוב, ווו ער איז געבוירן, ער האָט זיך קוים אָפּגעהאַלטן פון די טיר צו עפענען, און ער איז געשטאַנען און געהערט. פון אינעווייניק האָט מען גערעדט. עפּעס א ייד האָט זיך געקריגט מיטן ווייב. דער ייד האָט גערעדט גאָר פאַמעלעך און האָט אַלע מאָל איבערגעחזרט:

— אַן אינטעגאַנג זאָל אָף דאָ קימען...

די יידענע האָט געשריגן דין און שפּיציק:

— „סיבערניק", „קאַטאַזשאַן"...

און גאָדלען האָט זיך פּלוצלינג געדאַכט, אז דאָס איז זיין היים, און אַז דאָס רעדט זיין טאַטע.

*

ס'איז שוין געווען שפּעטע נאַכט. ארום איז שוין געווען שטיל, און גאָדל איז געוואָרן מיד. ער האָט זיך געוואָלט אוועקזעצן אויף די טרעפּ, נאָר ער האט זיך דערמאָנט, אז אויבן, העכער, אויף די לעצטע טרעפּלעך, אויפן בוידעם, איז דאָ אַ קיילעכיק לאָך אינם מויער, פון וואַנען מ'זעט דעם „וואָינע-פּלאַץ" מיט דער בריק. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער פּלעגט דאָרט שטענדיק ליגן, נאָך דעם ווי דער טאַטע האָט אים געשלאָגן מיטן שטריק. ער האָט אַ שפּאַן געטון ארויף און ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דעם קיילעכיקן לאָך, ער האָט דערזען פינסטערע דעכער, פענסטער און אַ טונקעלן פּלאַץ מיט ביימער און פייערלעך.

ס'האט אים ארומגענומען א טרויער און אַ בענקשאַפט, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף צוויי ציגל פון אַן אַלטן אויוון, וואָס זענען דאָרט געלעגן און איז אָפּגעזעסן ביז פאַרטאָג.

# גאָדל בעקער

די „שוואַרצע לאה" האָט זיך אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט אונטער די באַקעס, נעבן איר איז געשטאַנען „גאָדל בעקער".

גאָדל האָט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעשיט דעם קויש גע־בעקס אינעם ברייטן געוועלב אַריין אויף דער „דזשיקע גאַס" און האָט זיך געטראָפן מיט דער שוואַרצער לאהן, וועלכע איז געגאַנגען אין פאַבריק אַריין אַרבעטן. ס'איז געווען אויפן ראָג „סטאַווקע", באַלד אין דער פרי. ווייבער זענען געגאַנ־גען איינקויפן, און לערן־ייִנגלעך האָבן געקויפט פאַר די גע־זעלן בייגל מיט געווענדעלטן הערינג.

גאָדל איז געשטאַנען אין די גאַטקעס מיט אַ פאַרמעל־טער מאַרינאַרקע, פון אויבן מיטן קויש איבערגעקערט אויפן קאָפּ. ער האָט זיך געשעמט פאַר לאהן, ווייל זי האָט אים אַ זאָג געטון:

— אַ בראָך צי דיאָ וואָס'אַרע הוילעך דו גייסט... אברומעלע בעקער וואָלט אָך אַזוי אַראָסגעגאַנגען אין גאַס אַריין ?..

גאָדל האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קויש, כדי צו פאַרשטעלן די גאַטקעס און האָט זיך פאַרענטפערט:

— זאָ מאָ אַזוי אַלע לעבן, ווי כ'בין אַ גאַנצע נאַכט געווען ביים אויוון... כ'בין אַראָפּגעלאָפן אָפּוואַרפן סביסל געבעקס...

דערנאָך, זעענדיק אַז לאה וויל אַוועקגיין, האָט ער איר שטיל צוגעגעבן:

— לאה... האָסט זעך נישט וואָס צו שעמען... מ'זאָל עס דאַלעבן שבת... געבעך אַ טי אוען ס'נייע גראַניטיער אין מיאָ גייען זיך אַראָס אין יענע גאַסן...

— ני, גיי שוין, לאַטעק! — האָט זי אים געענטפערט און אַ שפּאַן געטון.

גאָדל האָט איר נאָכגעקוקט, ער האָט געזען אירע ברייטע, געזונטע פיס, ווי זי דרייט מיט די באָקעס, און ער האָט אַ מורמל געטון:

— א סאָלדאַט... א רוח אין איר...

גאָדל איז אָפּגעגאַנגען א פּאָר טריט. ער האָט געפּייפט מיטן קויש אויפן קאָפּ, און געקלערט וועגן דער שוואַרצער לאה. אין אָוונט וועט ער זי פּאַקן און איר זאָגן:

— לאה... זאָל מאָ אַזוי ביידע לעבן... קום אַרויף צו דאַ מאַמן... עמער איר זאָגן: יאַך בין חתן און אָפּרעדן תּנאים...

אזוי קלערנדיק האָט ער דער:וויל מיטן קויש פּאַרטשעפּעט און אַראָפּגעריסן ביי אַ יידענע דאָס שייטל, די יידענע איזן נאָכגעלאָפן מיט אַ יאָמערלעך געשריי:

— גאָדל פּאַרעך, אַ קלאָג זאָל די מאַמע נאָך דאָ האָבן... געב אהער דאָס שייטל... ווייל די וועיאָסט געהרגעט די בעקאָטשיסקע... די!

גאָדל האָט נישט געוווּסט, אַז אויף די אַרויסגעשטאַרטע שפּיצן פונם קויש הענגט אַ שייטל. ער האָט אַ וואָרף געטון דאָס שייטל און געמורמלט:

— משוגענער פּשעקופּ... כ'האָב נישט געזעען!

— די אויגן זאָלן דאָ אַראָס! — האָט די יידענע געשאָלטן.

אָבער גאָדל האָט נישט געענטפערט, ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין לאָבוס, אַז מ'זאָל נישט האָבן וואָס צו זאָגן, ווען ער וועט שבת דורכגיין מיט לאהן אינם נייעם גראַניטור...

ער האָט געוואָלט אָפּטון עפּעס אַ גוטע זאַך, איז ער צוגעלאָפן צו דער שוואַרצער לאהס קלענערער שוועסטער,

וואָס איז קעגנאיבער געשטאַנען, אַ קליינע, שוואַרצע מויד פון אַ יאָר דרייצן, מיט אַ גראָבן צאָפּ און גראָבע פיס.

— רייזל... — האָט ער געזאָגט — כ׳האָב געטראָפן לאהן... אָפן ראָג...

— אַזוי... — האָט די קליינע געזאָגט און איז רויט געוואָרן. גאָדלען איז פּלוצלינג וואַרעם געוואָרן אויפן האַרץ, און ער האָט שטיל אַ זאָג געטון:

— וואָס העיאָט זעך אין דאַ היים... כ׳וועל אויבן זיין...

די קליינע האָט אַרויסגעשטעלט פאַר זיך איין גראָב פיסל און איז נאָך רויטער געוואָרן.

גאָדל האָט פּלוצלינג אַ זאָג געטון:

— רייזל, גרייטן זי זיך צי ציני־אַטנאָים... זי וועלן זיין מיין שוועגערין... די קליינע האָט זיך אַזש אַ וואַקל געטון אין אַלע זייטן, זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף איר גענוג אַרויסגעשטאַרטן ביוסט און מיט לייכטנדיקע אויגן געזאָגט:

— אוי... גאָדל... זי הערן... זאָ מאָ אַזוי אַלע לעבן... יאָך האָב עס געוויסט... ס׳האַרץ האָט מאָ אַזוי געטשאַסקעט... כ׳זאָג אין... דועס וועס יאָך נעם מאָ אין זינען אַריין... מוז שטענדיק אַזוי זיין...

גאָדלען איז געוואָרן אַזוי גוט, אַז ער האָט נישט גע־וווסט וואָס צו טון.

— קומען זי, רייזל... עסן זי אַ שטיקל קעז־קוכן... — האָט ער זי ביי דער האַנט אָנגערירט. די קליינע האָט אים אַזש אַ גלעט געטון איבערן אַרבל:

— כ׳האַלט נישט דאַביי... אַ שיינעם דאַנק...

אָבער גאָדל האָט זי נישט אָפּגעלאָזט, ביז וואַנען זי האָט ביי גיטל די אַלמנה אין טיי־הייזל נישט אויפגעגעסן צוויי שטיקלעך קעז־קוכן:

— עסן זי... — האָט ער געזאָגט — זי זענען נישט קאַ פרעמדע...

די קליינע האָט, אין גאַנצן אַ רויטע, געגעסן דעם ווייסן קעז־קוכן, איידל, מיט אַן אויפגעהויבן קליין פינגערל,

און די יונגען, וואָס זענען געזעסן אין טיי־הייזל און שוין גאַנץ פרי געשפּילט אין „דאָמינע", האָבן זיך געטשעפּעט צו גאָדלען:

— גאָדל, ווי האָסטי געפּאַקט די טשאַסטע אַזוי פרי?...

גאָדל האָט געענטפערט:

— לאָזטס אָפּ, ס'אי מיין כּלהס אַ שוועסטערל...

איין יונג האָט נאָכגעשריגן:

— גאָדל פאַרעך...

די קליינע האָט שוין נישט געקאָנט שווייגן און זיך אָנגערופן:

— הערן זי שוין אָף, געמיינאָ לאָטעק!...

און אַוועקגעריסן גאָדלען, ער זאָל זיך נישט גיין שלאָגן מיט די יונגען. אַז גאָדל איז אַראָפּ צום אויוון, איז ער געווען שטיל און פאַרטראַכט.

ער וועט אַוועקגיין צו דער מאַמען, אין שפּיטאָל אַריין, און וועט איר זאָגן, אַז ר'איז געוואָרן חתן. וואָסי? שוין צייט צו ווערן אַ שטיקל מענטש. פון פּאָניען איז ער פריי, אַ פּאַך אין דער האַנט האָט־אַ! לאה האָט אפשר אויך עפּעס אָוועקגעלייגט. אפשר וועט ער נעמען אַ ביסל זיס געבעקס און זיך מאַכן אַ לעקעך־געוועלב? ביי זיין שוועסטער אויף דער אָסטראָווסקע גאַס האָט ער אַ קייבערל מיט אַ ביסל וועש. דריי קאָלירטע העמדער מיט צוויי פאַרהעמדלעך, דאָס נייע גראַניטור און אַ פּאָר ציטרינאָווע שך.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן פּיעקעליק און זיך געקלערט:

— לאה... אַ רוח אין איער... אַ סאָלדאַט... זי וואָלט געווען אַ בעקערין... פרייטאָג... אַ ביסל לעקעכער... קען מען פאַרצוקערן...

און ער זעט פאַר זיך אַ געוועלב מיט פּאָליצעס פול מיט לעקעכער...

ווייבער און מיידן און יידן שטייען פול... קויפן לעקעכער... ער שטייט ביים שופעדל און נעמט געלט... לאה אין

אַ פאַרמעלטן שפּענצער, ווי אַ רייכע בעקערין, שניידט גיך די פּעקעכער און וועגט, און גאָדל טוט זיך אַזוי אַ זאָג:

— ווייסט, לאהשי... ס׳איז שוין שפּעט... געגוג... לאָמאָ שוין פאַרמאַכן... און ס׳ווערט אַ „גראַטשקע". אַלע, אַלע ווילן לעקעך און גאָדל וויל נישט פאַרקויפן:

— נישטאָ... ביי מיאָ איז אָך שאַבעס! — שרייט גאָדל און כאַפּט זיך אויף.

ער קוקט אַרויס פונם קעלער אין הויף אַריין, ס׳איז ליכטיק און ליידיק אינם קליינעם אומרייניעם הויפל, אַ דין יידל מיט אַ רויטער באָרד, אַזוינוי מיירן-צימעס, שרייט: „האַנ-די", „האַנדי". אויף דער האַנט האַלט ער צווי וועסטלעך, דאָס קליינע היטעלע איז ביי אים פאַררוקט אויפן שפּיץ קאָפּ. ס׳איז אים הייס, מיט מוטנע, פוילע אויגן קוקט ער אַרויף אין די פענסטער אַריין און שרייט: „האַ-אַ-נדי", „האַ-אַנדי".

די מיידן, וואָס זיצן ביים פענסטער אויף די מאַשינען, לאַכן, קוויטשען און שרייען אַראָפּ צום שאַכער:

— פּעטאָ... מיעך וועט-אָ קויפן?...

דאָס יידל פאַררייסט די צימעס-באָרד, רוקט אַראָפּ דאָס היטעלע ביז צו די אויגן, און ווינקט אַרויף:

— אַזאַ יאָע זאָך מאָ האָבן, ס׳אַראַ שטיקל סחורה...

די מיידן קוויטשען, און גאָדעלע טוט פּלוצלינג אַ הירזש אַרויס מיט אַ געלעכטער:

—אַיי, אַ רוח אין זייער ...

און ער לאַכט גאָדל. זיין גרויסער צעשויבערטער קאָפּ איז געל פון דער זון. זיינע מיט מעל-פאַרפּרושעטע אויגעלעך פאַרגייען זיך. עס געפעלט אים:

— איי, אַ רוח אין זייער...

# איזידאָר שטשופּאַק

איזידאָר שטשופּאַק, וואָס רופט־אַריין קונים אויף דער וואָלאָווע גאַס, איז אַמאָל, מיט אַ 15—16 יאָר צוריק, געווען אַ באַוווסטער פּאַצעט אין וואַרשע. ווען ער פלעגט ארויסגיין שבת נאָכמיטאָג אויף דער ביעלאַנסקע, האָט מען אים נאָכגע־קוקט. אויב עמעצער האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס איז די לעצטער מאָדע, האָט ער געדאַרפט א קוק טון אויף איזידאָר שטשופּאַק.

מילא, שיין איז ער דאָך געווען! וועגן זיינע ראָזע באַקן און שוואַרצע וואָנסעלעך האָבן געזונגען לידער אַלע נייטאָ־רינס. און אַ טענצער! מ׳האָט דאָך אים צוגעצאָלט, ער זאָל קומען אין די טאַנץ־קלאַסן.

און אפילו אינמיטן אַ פּראָסטן טאָג אויף דער וואָלאָווע גאַס, אַז ער האָט געגעבן אַ שוים צו צו אַ פּריצטע און אַ קנאַק מיט זיין פּיסק אויף פּויליש, האָט זי שוין געמוזט זיין די כפּרה.

האָט זיך אָבער איזידאָר שטשופּאַק געסטאַטקעוועט און האָט חתונה געהאַט דווקא מיט אַ קליין, מיאוס און שלעכט ווייבל, וואָס האָט אים גענומען אין די הענט אריין.

אַזוי איז אַוועק א יאָר נאָך אַ יאָר. דערנאָך איז גע־וואָרן די מלחמה, עס האָבן זיך באַוויזן נ״ע פּאַצעטן. איזידאָר האָט געדאַרפט פּרנסה פאַרן ווייב, פאַר די קינדער. ער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן — די מאָדע האָט אים איבערגעיאָגט און איזידאָר איז שוין געלאָפן גלייך מיט אַלע „לאטקעס״, געשלעפּט פאַרן אַרבל:

— קומען זי, פאניע... אפשר אַן אַנצוג... אַ פּאַלטאָ, ביי־ליק...

ער האָט שוין מער נישט געזאָגט אַזוי ווי אַלעמאָל:

— יאָך, איזידאָר, וועל נישט צוגיין צו יעדן „שמיע־טשאַזש“...

מ׳האָט אים אָנגעהויבן באַגעגענען מיטן קראַוואַט פאַר־דרייט אין אַ זייט, אַראָפּגערוקט דעם צעקנייטשטן קאַפּעלוש איבער די וואָנסעס. די וואָנסעס, וואָס זענען באַזונגען געוואָרן אין די לידער פון די נייטאָרינס, האָבן אָנגעוווירן זייער גלאַנץ און באַקומען א פּאָפּעלאַטן קאָליר...

די נייע, גלאַנציקע יונגען, וואָס האָבן אַריינגערופן קונים, האָבן געזאָגט.

— איזידאָר, דו ביסט געוואָרן אַ יאַכטשימיטשייטשאָס...

און זיי האָבן צוגעקוועטשט מיט זייערע גנבהשע אויגן.

דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז איזידאָר שטשופּאַק איז שוין אַן אָפּגעפּאָרענער, און ער אַליין האָט, נעבעך, אַראָפּגע־לאָזן דעם קאָפּ און צוגעשאָקלט.

— אַזוי איז עס, ברודער... וואָס זאָל מען טון?

דאָך זעלטן, אין הייסע, שבתדיקע טעג, פלעגן זיך אין פּאַלעניצע אויף דער זומער-וווינונג אויסזעצן א חברה פון דעם „וואָלוויקע“-פּאַך, פון די עלטערע, מיט די גראָבע ווייבער, און אויסדערציילן די אַמאָליקע „שטיקלעך“ פון איזידאָר שטשופּאַק. ער אליין פלעגט אויך זיצן צווישן זיי, און נאָך יעדער מעשה, וואָס מ׳האָט פון אים דערציילט, האָט אים זיין ווייב פראַניעלע אין גוטן מוט אַ פּאַטש געטון איבערן קאָפּ און אַ זאָג געטון:

— אַ פייער זוכט דיך... דו טריפהנער ביין...

דעמאָלט איז איזידאָר געוואָרן לעבעדיק. ער האָט אָנגעהויבן שיטן מיט ווערטלעך, אַליין דערציילן אַ געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט אָנגעטון אַ פּויער אַ לאַנגע קאַפּאָטע פון אַ חסיד, אָדער ווי ער האָט אַן אַלטע פּריצה אָנגעטון אַ סוטאַנע פון אַ גלח. אַלע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די בייכער פון געלעכ־טער, און די ווייבער האָבן געזאָגט:

— ער איז נאָך היינט אויך אייזן־שטאַרק, דער לאָבוס־יונג...

איזידאָר שטשופּאַק האָט זיך צעברענט, די באַקן זענען ביי אים אין אַזעלכע מינוטן צוריק ראָז געוואָרן, די אויגן האָבן אָנגעהויבן ווינקען, און ער האָט אָנגעהויבן אָפּלאַכן פון די היינטיקע פּאַצעטן:

— יאָך פייף נאָך היינט אויף זיי... אויף די היינטיקע יאָלדן... פּראַניעלע, נעם נאָר צו דאָס קינד, יאָך טאַנץ נאָך אַ פּאָלקע־מאַזורקע בעסער פון די היינטיקע „יאָלעקעס”... אַ בראַנד־פייער זאָל אויף זיי קומען...

און ער האָט זיך גענומען מיט אַלע כּוחות טאַנצן אַ „פּאָלקע”. ער האָט אָבער באַלד אָנגעהויבן סאַפּען. דאָס ווייַבע, צעגאָסענע בייכל האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען און דאָס ווייב האָט געשאָלטן:

— אַזאַ'ן אַלטער ביין... אַזאַ פּראָמייער... זאָל זיך מאַכן נאַריש...

און איזידאָר שטשופּאַק האָט זיך אויסגעלאַשן און דער־שלאָגן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי איז עס ברודער... וואָס זאָל מען טון?...

אַזוי זענען אַדורכגעשוווּמען נאָך עטלעכע יאָר און איזי־דאָר שטשופּאַק האָט אַלץ געפילט, אַז די וועלט איז שוין נישט זיינע. עפּעס האָט געקאָכט ביי אים אין האַרץ אַ שטיק פאַר־בליבענע יוגנט, און אַ בריענדיקע אַמביציע צוליב אַן אָנגעוווי־רענעם טראָן צווישן די כיטרע, ברענענדיקע יונגען פון דער „וואָלוווקע” האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן דורך די נעכט. נאָכלויפנדיק נאָך קונים אין גאַס און הערנדיק די קללות פון זיין ווייב פּראַניעלע, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן איינ־געשרומפּענער און שלעכטער, מיט אַלץ בלאָערע און דינערע ליפּעלעך, — האָט ער אַלץ געקלערט און געפּלאַנט וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אַלע ארום מאַכן רעדן פון אים.

ער פלעגט ליגן און קלערן פון זיינע שבת־שפּאַצירן אין די הינטערגעסלעך אַרום דער דזיקע גאַס, וועגן די פייערדיקע

ליבעס, וואָס ער האָט געפירט. פאַר אים זענען דורכגעשוווּמען געשלעגן מיט ווילע יונגען צוליב כּלות, און גאַנצע סטאַדעס שוואַרצע, פאַרליבטע מיידן האָבן געקוויטשעט אין זיין מוח...

אין אַזעלכע מינוטן האָט זיך איזידאָרן געוואָלט אַרויס אין די גאַסן און איין מאָל כאָטש באַקומען צוריק דעם פייכטן, גנבהשן גלאַנץ פון זיינע אַמאָליקע אויגן. אים האָט זיך געוואָלט שלאָגן אויף דער גאַס מיט גאַסן־יונגען און הערן דאָס רייסנדיקע פייפעריי פון פאָליציייאישע פייפלעך.

*

צו דעם מאַסקן־באַל, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט דער וואַרשעווער פריזירער־פאַריין, האָט זיך געגרייט די גאַנצע וואָ־לווקע־יוגנט. די יונגען האָבן געפּרעסט זייערע פּרעק און גע־פוצט די גלאַנציקע לאַקערקעס. די ווייבער און די מיידן, אַלץ. סוחרטעס מיט הייזעריקע קולות האָבן צוגעטראָגן קאָסטיומען און מאַסקעס. און די צוויי פאַרוואַנדטע פאַכן — פריזירער און די „וואָלווקע” — האָבן נישט געוואָלט איינער דעם צווייטן פאַרשעמען.

דעם גאַנצן אָוונט איז פאָרגעקומען קריגערייען צווישן די מענער מיט די ווייבער צוליב ספינקעס, וואָס די ווייבער האָבן נישט צוגעגרייט, אָדער פאַר נישט אויסגעפּרעסטע הויזן.

איזידאָר שטשופּאַק האָט זיין גרויסן חשק צו גיין אויף דעם מאַסקן־באַל קיינעם נישט פאַרטרויט. פאַר אים האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך, כאָטש נאָך איין מאָל, מיט אַלטע גוטע ברידער. אין אַ ליכטיקן זאַל מיט מוזיק, מיט אַ גליטשיקער פאָדלאָגע צום טאַנצן.

ער האָט פאַר זיין ווייב פראַניעלע נישט געוואָלט פאַר־טרויען דעם סוד און שטילערהייט זיך געגרייט.

ער האָט זיך געקויפט אַ מאַסקע מיט אַ לאַנגער, גראָער באָרד, געמאַכט אַ שווערד פון גאָלד־פּאַפּיר און זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קייסער. אָנגעטון האָט ער זיך אינם לעצטן צימער פון

דער „באוואַריע", ווו די „וואָלוווקע"=לייט טרינקען ביר, און ער
איז שטילערהייט אַוועק אויפן באַל.
ווי נאָר איזידאָר שטשופּאַק איז אַריין אין דער ענגשאַפּט
פונם ליכטיקן זאַל, און עס האָט אים אַ שלאָג געטון דער היי-
סער, עסיקער ריח פון שווייס; ווי עס האָט זיך נאָר אַ וויג=
געטון די מוזיק, מיט דער באַזונדערער חיהשער, אומזיניקער
צערייצטקייט, וואָס הערשט שטענדיק, ווען ס'נעמען זיך צונויף
אַ סך מענטשן אויף איין אָרט, האָט איזידאָר דערפילט די אַמאָ=
ליקע גאַסיקע הפקרדיקייט. אים איז געוואָרן הייס, און דורכשטופּנ-
דיק זיך דורך די אָנגעוואַרעמטע קליידער פון די פרויען, איז
ער געשווומען, וואַרפנדיק מיט די הענט אויף רעכטס און אויף
לינקס, איבערחזרנדיק אויף דעם הייזעריקן וואָלוווקע־פּויליש:
„פּשעפּראַשאַם", „פּשעפּראַשאַם"...
פרעמדע און באַקאַנטע אויגן האָבן אים נייגעריק באַ=
טראַכט. מען האָט זיך געחכמהט אויפן חשבון פון זיין אומגע=
לומפּערטן קאָסטיום, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ווייס=בלוילעך,
שלעכט-אויסגעוואַשן העמד, אַראָפּגעלאָזן איבער די הויזן, און
אַ רויטע, ווילדע מאַסקע, מיט אַ האַרטער, ברודיקער, גרויער
באָרד און אַ רימעט מיט אַ פּאַפּירענער שווערד ביי די לענדן.
איזידאָר האָט געענטפערט מיט די ווערטלעך פון דער
„וואָלוווקע", און דער עולם האָט געלאַכט.
אַזוי איז ער אַרומגעשווומען אין דער מוטנער, שווייסי־
קער לופט אַ היפשע צייט אין אַ ים פון בונטע פאַרבן, ריחות
און אומגעלומפּערטע קלאַנגען. דער שווייס האָט גערונען פון
אים. ער איז געווען שיכּור פון דעם ווילדן רעש, איז געלאָפן
פון איין מענטשן-געזעמל צום צווייטן, געמאַכט העוויות און גע־
רעדט, וואָס עס איז אים נאָר געקומען אין מויל אריין.
און מיטאַמאָל האָט זיך אים פאַרוואָלט טאַנצן.
אינמיטן זאַל, אין אַ גרויסן ראָד, איז געגאַנגען דער
פאָקסטראָט־טאַנץ מיטן טשאַרלסטאָן.
פאַר אים האָבן זיך מיט אַ פוילער, בערישער גראַציע
געוויגט די פּאָרן, אַנדערע האָבן אויסגעקלאַפּט מיט אויסגעקרומ=

טע פיס צום טאַקט פון די ווילדע, ראַציקע גרילצן פונם דזשאַז-באַנד.

און דאָ איז איזידאָר שטשופּאַק שטיין געבליבן.

ער האָט געקוקט אויף די אויסגעגאָלטע און אויסגעפּלייצעטע יונגען, ווי פלינק זיי האָבן געוואָרפן מיט די פיס.

„דאָס הייסט געטאַנצט? — האָט ער צו זיך אַליין געמורמלט. — דאָס הייסט געטאַנצט?"

און ער איז מיטאַמאָל צוגעשוווּמען צו אַ פרוי, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר פולער דעקאָלטירטער פּלייצע; זי האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט, אַ שמעקעדיקע פון פּודער, קעלניש-וואַסער און שווייס. און איזידאָר שטשופּאַק האָט מיטאַמאָל דערזען — די ברודיקע, פינסטערע טרעפּ פונם פערטן שטאָק, וווּ ער וווינט אויף דער סטאַווקי גאַס, די ברודיקע ווענט מיט די סקריפּענדיקע, הילצערנע בעטן, וווּ זיין ווייב פּראַביעלע ליגט מיט צוויי קינדער ביי דער זייט...

זיינע פיס האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן, די דאַמע האָט זיך גענומען צוריקציען, מורמלענדיק:

— „יאַק פּאַן טאַנטשי?!" (ווי אַזוי טאַנצט איר דאָס עפּעס?!)

און איזידאָר שטשופּאַק האָט זיך אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן פאַרשעמט.

די שאַנדע איז אָבער באַלד איבערגעגאַנגען אין אַ כּעס אויף זיך און אויף אַלע אַרום. אים האָט אַ ברי געטון די אַמביציע: „איזידאָר שטשופּאַק קאָן נישט טאַנצן?" — און ער האָט מיט אַן אַרויסרופנדיקער שטים פון אַ שיכּורן אַ געשריי געטון:

— שפּילט אַ פּאָלקע-מאַזורקע: אַ פּאָלקע-מאַזורקע זאָל מען שפּילן!

און ער האָט אַרומגעכאַפּט מיט אַלע כּוחות די פרעמדע פרוי און זי אָנגעהויבן שלעפּן, טרעטנדיק איר אויף די פיס...

אַרום איז געוואָרן אַ רעדל.

— פאָלקע-מאַזורקע! — האָט ער געשריִען. און ווען די מוזיק האָט אים נישט געפאָלגט — איז ער צוגעלאָפן און גע־נומען רייסן די אינסטרומענטן ביי די כּלי־זמר.

דעמאָלט איז די מוזיק שטיל געוואָרן.

צענדליקער הענט האָבן זיך איינגעגראָבן אין איזידאָר שטשופאַקס אַקסלען. דאָס העמד האָט אָנגעהויבן פּלאַצן. ארום האָט ער דערזען אַ ראָד פון רויט־צעהיצטע פּנימער, און אין זיין צעווילדעוועטן מוח האָט אַ בליץ געטון: „שלאָגן!" ער האָט אָנגעהויבן קלאַפּן איבער די רויטע פּנימער. ער האָט דערפילט, אַז ער איז פאַרלוירן... אַ גאַנצער באַרג פון קלעפּ האָט זיך אַ שאָט געטון אויף אים, אָבער ער האָט קיין וויי־טיק נישט געפילט. דאָס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, און אַליין נישט ווייסנדיק ווי אַזוי, האָבן אים פרעמדע מענטשן אַריינגעוואָרפן אין זיין אַלטן פּאַלטאָ אַריין און אויף דער קאַלטער, נאַסער גאַס אַרויסגעשטעלט.

ער איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט מיט אַ פאַרקרומטן שמייכל. ער האָט נאָך אויף קלאָר נישט פאַרשטאַ־נען, וואָס מיט אים איז פּאָרגעקומען, ער האָט נאָר געהערט, ווי די דראָזשקאַזשעס אויף דער גאַס האָבן געלאַכט פון אים און אים נאָכגעשריִען:

— „פּאַניע פּאַצעט... פאַרלירסט די הויזן!"...

ציטערנדיק פון דער נאַסער פאַרטאָגיקער קעלט איז ער לאַנגזאַם געגאַנגען צו דער סטאַווקי גאַס

*

דאָס געסל האָט זיך שוין אָנגעהויבן וועקן. גראָע, פאַר־שלאָפענע מענטשן־שאָטנס פון אָרימעלייט מיט האַלב־פאַרקלעפּ־טע אויגן האָבן זיך שוין געשלייכט צו דער אַרבעט. בעקער־יונגען האָבן שוין געטראָגן הייסע קוישן געבעקס און פורמאַ־נעס האָבן שוין געשפּאַנט די וועגן.

איזידאָר שטשופּאַק האָט זיך מיט וואַקלענדיקע טריט־

קלאַפּנדיק אַ צאָן אָן אַ צאָן געהויבן אויף די ברודיקע, צע־בראָכענע שטיגן. אויפן דריטן שטאָק האָט ער זיך צוגעזעצט אויף אַ טרעפּל; ער האָט פּלוצלינג מורא געקראָגן פאַרן ווייב אַריינצוגיין אין שטוב; ער איז לאַנג אַזוי געזעסן און געציטערט. זיין פּנים איז מיטאַמאָל אַלט און געקנייטשט געוואָרן, ביזוואַנען ער איז איינגעשלאָפן, ווי ער וואָלט געשטאָרבן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער שוין געווען אינם יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע...

# רוזשע

צו מיין שוועסטער איז כמעט אַלע טאָג געקומען אַ מיידל, אירע אַ חברטע, און האָט געמעגט זיין ווי אומעטיק אין שטוב — האָט זי שטענדיק געפונען אַזעלכעס, וואָס זאָל ביי איר אַרויסרופן אַ פריילעך-קלינגענדיק געלעכטער; און געלאַכט האָט דאָס מיידל, ווי אַ זילבערן גלעקעלע...

מיין באָבע, וואָס איז שטענדיק געזעסן איז אַ ווינקל פון אַלטקייט און געקוקט מיט אירע רויטע, אַרומגעליאַמעווע־טע אויגן אויף יעדער באַוועגונג פון דער שטוב — האָט אַלע מאָל געזאָגט אויף דעם מיידל, אַז, ערשטנס, האָט זי געמוזט געבוירן ווערן אין פורים, צווייטנס — מוז זי זיין א גרויסער נאַר, ווייל אַ קלוגע קאָן נישט שטענדיק זיין פריילעך און האַלטן אין איין לאַכן...

ווען זי איז געבוירן געוואָרן — ווייס איך נישט, צי זי איז אַ נאַר, צי זי איז אַ קלוגע — ווען מיר שפעטער זען; איך ווייס נאָר, אַז זי איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, און אַממייסטן איר לאַכן. — איר געלעכטערל: ליכטיק איז אין שטוב געוואָרן, ווען זי האָט געלאַכט — און אירע שוואַר־צע אייגעלעך, מיט די דינע בלוטיקע ליפעלעך, וואָס הייבן זיך שנעל, שנעל, רעדן און דערציילן, מיט אַ דין קלינגענדיק קולכל, ווי זי וואלט געזונגען...

*

רעדן מיט מיידלעך איז דעמאָלט געווען פאַר מיר אַ שווערע זאַך, ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען עפעס צו ענטפערן

אַ מיידל, איז דאָס געווען פאַר מיר עפּעס אַ מין באַזונדערע אַרבעט, ענלעך צו דער אַרבעט פון ענטפערן מיין רייכער מו־מע, ווען זי פרעגט מיך, וואָס איך מאַך, און דערלאַנגט מיר גלייכצייטיק צום קושן אַ דיקע, שווערע האַנט אין אַ דיגער, האַלבער הענטשקע...

וואָס עס האָט אָבער צו דעם לאַכעדיקן מיידל רוזשע, האָב איך צו איר געפילט אַ באַזונדערע נאָענטקייט, וואָס האָט זיך געקאָנט אויסדריקן אין דערלאַנגען איר אַ שטול, איבער־לייגן איר זשאַקעט פון איין אָרט אויפן אַנדערן און נאָך אַזעלכע זאַכן, פון וועלכע איך האָב געהאַט אַ מאָדנע אומרויק פאַרגעניגן און זי, רוזשע, זעט אויס — אַ גאַנץ קליינעם באַ־גריף וועגן מיינע געפילן צו איר...

פון אַ קורצער צייט אָבער בין איך געוואָרן צו איר גאָר נאָענט, און די נאָענטקייט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זי האָט מיר אָנגעהויבן צו דערלאַנגען איר האַנט ביי איר קומען און אַוועקגיין; נאָר ביי דעם בין איך אָבער נישט איינמאָל אַזוי פאַרשעמט געבליבן, אַז כ׳האָב געפילט, ווי אַ רויטקייט האָט זיך צעגאָסן איבער מיין פּנים. דאָס האָט זיך גענומען דערפון — וואָס כ׳האָב נאָך, זעט אויס, נישט געקענט די קונץ פון געבן די האַנט, ווייל ווי כ׳האָב נאָר רוזשען דערזען אויף דער שוועל, האָט זיך שוין אין מיין רעכטער האַנט אַ מאָדנע שטייפקייט אַריינגעגאָסן, און שטענדיק איז מיר אויסגעקומען איר צו שטעקן די האַנט, ווען זי האָט זי גאָר עמעצן אנדערש דערלאַנגט, און נישט איינמאָל האָב איך צוריקגענומען מיין האַנט, ווי אַ מין איבעריקע זאַך, וואָס קיינער וויל זי נישט צונעמען...

רוזשע האָט זיך אָבער עטוואַדיק דערמאָנט אין מיר, און צולאַכנדיק זיך הויך און קלינגענדיק, מיר דערלאַנגט די האַנט, זאָגנדיק צו מיין שוועסטער:

— אַ מאָדנער יינגל דיין ברודער, שטענדיק פאַרגעס איך אים די האַנט צו געבן...

ביי אַזעלכע פאַלן האָט זיך אַ סך מאָל אויסגעלאָזט נאָך

טרויעריקער: כ׳האָב פונקט עפּעס געהאַלטן אין דער האַנט, און פאַרגעסנדיק אין דער מינוט וועלכע ס׳איז די רעכטע און וועלכע ס׳איז די לינקע, האָב איך זיך אַזוי צעמישט, אַז איך האָב שוין גאָרנישט געוווסט וואָס צו טון, ביזוואַנען מיין שוועסטער האָט זיך אָנגערופן:

— לאָז אים אָפּ, סט׳אים שוין אַן אַנדערש מאָל אָפּגעבן...

און דעמאָלט העגגט שוין מיין האַנט ווייטער אין דער לופט, נאָר רוזשע איז שוין נישטאָ, פון אַ צווייטן ווינקל הערט זיך שוין איר קלינגענדיק געלעכטערל.

*

איינמאָל, דאָס איז געווען אין אַ ווינטער-אָוונט, קומט צו גיין רוזשע, די בעקעלעך רויט פון קעלט, טרייסלט אָפּ פון זיך דעם שניי און כאָטש ס׳איז אַזוי קאַלט אינדרויסן, און אין שטוב איז שווער און אומעטיק; די באָבע זיצט נעבן איינגעהייצטן אויוון, איינגענורעט אין אַ גראָבן שפּענצער, וואָס זיצט אויף איר אַזוי ווי אַ פּעסל, — איז רוזשע, פריילעך און פלינק, ג׳ז׳י ווי אַלעמאָל. לויפט אַרום איבער דער שטוב, אַזוי ווי אַ פייגעלע, און איר געלעכטערל קלינגט איבער דער שטוב מיט אַזאַ פריילעכקייט און וואַרעמקייט, אַז איך פאַרגעס גאָר, אַז אין דרויסן איז קאַלט און שנייאיק. און ווען רוזשע געזעגנט זיך צום אַוועקגיין, פאַלט מיר איין אַ געדאַנק, אַז כ׳זאָל זי גיין אָפּפירן, „יאָ, כ׳וועל טאַקע אַזוי טון! וואָס איז, כ׳בין דען אַ קינד?... ס׳פּאַסט מיר דען נישט, אַז כ׳זאָל גיין אָפּפירן?״ און איך רוף מיך אָן:

— כ׳וועל אײַך אָפּפירן אַהיים!

— וואָס? אָפּפירן אַהיים... כאַ-כאַ-כאַ! נו גוט, וועל איך האָבן אַ קאַוואַלער אויפן וועג! — ענטפערט רוזשע לאַכנדיק! און נעמט מיך אונטער דער האַנט.

האָב איך דאָך אָבער אַ באָבע, וואָס מוז זיך אומעטום

אַנרופן, צילט זי אָן אויף מיר איר גאַמבעלע, וואָס זעט אויס ווי אַ שפּיציק קיזלשטיינדל, און רעדט:

— גיי, גיי, שלימזל, טאָמער דאַרפסטו נאָך דערפרוירן ווערן אויפן וועג!...

פיל איך, ווי אַ רויטקייט פאַרגיסט מיינע באַקן, און וועלנ־דיק גוט אָפּענטפערן דער באָבען, זאָג איך שנעל:

— מיר איז וואַרעמער ווי דער באָבען!...

רוזשע צעקאָלערט זיך אין אַ קלינגענדיק געלעכטער. אין די מאַמעס שרייט פון אַ ווינקל:

— זאָג נאָר, „קלוגער מענטש"! רעד נישט אַנטקעגן דער באָבען!

„קלוגער מענטש" דאָס איז דער צונאָמען, מיט וועלכן מען רופט מיך אין שטוב. דעם צונאָמען האָט מיר אויך געגעבן מיין באָבע, כאָטש אַליין האָט זי שטענדיק געזאָגט, אַז אין די אויגן טאָר מען קיין קינדער נישט לויבן...

איך האָב זיך אָבער געהאַלטן ביי דאָס מייניקע: ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס אַלע האָבן מיך געוואָרנט; אַפילו מיין שוועסטער האָט שוין אויך אַ זאָג געטון:

— לאָז אָפּ, וועסט שוין אַן אַנדערש מאָל אָפּפירן!

נאָר איך האָב קיינעם נישט געהערט: „וואָס בין איך עפּעס אַ קינד?" איך האָב געפילט, אַז אָט־אָט צעוויין איך זיך פאַר פאַרדרוס; נאָר דאָס איינציקע, וואָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן, איז געווען רוזשע. „אַלע מעגן אָפּפירן, נאָר איך טאָר נישט?" כ'האָב אַ סך גערעדט און אויפגעוויזן. וואָס כ'האָב גערעדט, ווייס איך נישט, כ'האָב נאָר געהערט ווי אַלע האָבן געלאַכט, און רוזשעס געלעכטער האָט אַלעמען איבערגעקלונגען, כ'האָב שנעל גענומען דעם פּאַלטאָ און אויסגערעכנט, אַז ביז דער צייט זאָל שוין רוזשע האָבן אָנגעטון די קאַלאָשן, איך זאָל קאָנען עפּע־נען די טיר, אום זי פריער אַרויסצולאָזן...

— שלימזל, מאַך צו די טיר! האָסט פאַרגעסן, אַז ס'איז ווינטער! — שרייט די באָבע.

— נו, בין איך שולדיק, אַז רוזשע סודעט זיך אַזוי לאַנג מיט מיין שוועסטער ?...

*

אויף די שטיגן איז פינסטערלעך — וואַרט איך און גיב דעם וועג פריער רוזשען. איך גיי הינטער איר.

— אַלץ וואָלט געווען גוט, איר זאָלט מיר נישט טרעטן אויפן קליידל, איר וועט מיר צעררייסן, — רופט זיך אָן רוזשע.

כ׳הויב אָן צו גיין לאַנגזאַם און שפרינגענדיק.

— אָט, איר האָט שוין ווידער אָנגעטראָטן. כ׳וועל הײנט אראָפּפאַלן פון די שטיגן — צעלאַכט זיך רוזשע.

נאָר וואָס בין איך שולדיק, אַז רוזשע גייט פריער פאַר איר קליידל ?...

מיר גייען אַרויס אויף דער גאַס.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז אַ פייכטע קעלט, און פונם הימל שיט זיך לאַנג־זאַם אַ קאַלטער, נאַסער שניי.

— סע שנייט ! — זאָג איך.

— יאָ, זעט אויס, אַז עס שנייט ! — ענטפערט רוזשע און צעלאַכט זיך.

„וואָס איז דאָס געלעכטער״ — קלער איך — „אַוודאי שנייט״.

נאָר רוזשעס געלעכטער געפעלט מיר שטענדיק — און כ׳קלער מיר : „ס׳איז גאַנץ גוט, אַז א מיידל לאַכט — אַלע מיידלעך לאַכן, דאַכט זיך, ווען מען זאָגט זיי עפעס״...

גייען מיר ווייטער — און פלוצלינג דערציי̈ל איך רו־זשען, אַז מיר האָבן אַ שכנטע, ביילע, און די שכנטע ביילע האָט אויך אַ יינגל אַזוי ווי איך, איז ער. דער יינגל, אַהרן הייסט ער, טראָגט שוין אַ קאַפּעלוש און גייט אין אַ געשעפט אַריין — איך גיי נישט אין קיין געשעפט אַריין. איך וויל זיין אַ סטודענט... — און ער, דער יינגל אַהרן, האָט מיר

דערציילט, אז ר׳האָט שוין אַ כּלה און אַלע שבת גייט ער צו דער כּלה...

— אוי, אויף מיין וואָרט ר׳האָט שוין אַ כּלה! — זאָג איך און איך וו,רט, אַז רוזשע זאָל זיך פאַרווונדערן, וואָס אַהרן האָט שוין אַ כּלה, נאָר רוזשע לאַכט קלינגענדיק און פרעגט מיך:

— נו, און איר האָט נאָך נישט קיין כּלה?

— ווער, איך? איך האָב נאָך נישט קיין כּלה! צו וואָס טויג מיר אַ כּלה?...

אין אַ מינוט אַרום זאָג איך:

— און נאָך עפּעס האָט ער מיר דערציילט.

— וואָס האָט ער אייך נאָך דערציילט?

— אוי ר׳האָט מיר דערציילט, כ׳שעם זיך צו זאָגן!

— וואָס האָט ער דערציילט?

און ווען איך זע, אַז רוזשע לאַכט און איז צופרידן פון דעם, וואָס איך דערצייל איר, ווער איך לעבעדיק און רעד ווייטער:

— כע-כע-כע! ער זאָגט... אַז די מיידלעך האָבן ליב... ווען מ׳גיט זיי אַ קוש... כע-כע-כע! אוי, אויף מיין וואָרט, אַזוי האָט ער געזאָגט. אַז די מיידלעך אַליין ווילן, אַז מ׳זאָל זיי קושן, כע-כע-כע!..

— אַזוי, פונוואַנען ווייסט איר דאָס?

— איך? איך ווייס נישט! ער, אהרן, זאָגט אַזוי, ער זאָגט נאָך עפּעס. כע-כע-כע! נאָר איך וועל אייך שוין נישט דערציילן.

רוזשע לאַכט, און אָ האַלטנדיק זיך אָן מיר, זי זאָל זיך נישט אויסגליטשן, זאָגט זי:

— דערציילט, דערציילט! שעמט זיך נישט!

— אַזוי, נו גוט? גיי איך אייך דערציילן! — און כ׳דערצייל:

— ע — איינמאָל איז ער, אהרן, געגאַנגען צו דער

כּלה, האָט ער מיר געוויזן, וואָס ער האָט איר אַוועקגעטראָגן
א פרעזענט.

— האָט ער אוועקגעטראָגן?

— יי, ס'איז נישט שיין, כ'וועל נישט זאָגן!

ער זאָגט — אָדער דערציילט אינגאַנצן נישט! —

האָט זי רוזשע געבריגזט.

— אַזוי? טאָ גיי איך זאָגן, — כע-כע-כע! ר'האָט איר
אַוועקגעטראָגן פּע, זאָקן-בענדלעך!

— וואָס האָט ער אוועקגעטראָגן?

— זע—אָ—קן-בענדלעך, כע-כע-כע!...

— נו, איז וואָס? — לאַכט רוזשע. — א גאַנץ שיינער
פּרעזענט; און וואָס וועט איר קויפן אייער כּלה?

— אוי, כ'ווייס דאָך נישט, וואָס זי כּלה וועט מיר
הייסן, וועל איך קויפן!...

רוזשע לאַכט, און איך דערפיל אויף זיך פּלוצלינג אַזוי
פיל זינד פאר דעם אַלעם, וואָס כ'האָב איר דערציילט, און
איך רעד א סך, און פאַרענטפער זיך, אַז איך בין גאָרנישט
שולדיק, אַז אַלץ איז שולדיק אהרן, און אַז ער דערציילט
מיר אַלץ, איך בין אַ אָרנטלעך יינגל, איך וועל קיינמאָל נישט
קושן מיין כּלה...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— אָט יעצט, — זאָגט רוזשע — וועט איר זיין אזוי
גוט אויסוואַרטן דאָ ביים טויער אַ פּאָר מינוט, כ'גיי אַרויף צו
מיין חברטע, גוט? איר וועט אויסווארטן?

— יאָ, גוט! — זאָג איך. — כ'וועל אויסווארטן!

און רוזשע פאַרשווינדט אין אַ טויער, נעבן וועלכן איך
בלייב שטיין און וואַרט.

•

כ'שטיי שוין א פּאָר מינוט, דער נאַסער שניי קלעפּט
זיך לאַנגזאַם צו מיין פּנים, די הענט זענען נאַס און דער-
פרוירן.

ס׳דאַכט מיר, אַז רוזשע גייט שוין — כ׳הער טריט. ניין! ס׳איז דער סטרויש, איינגעוויקלט אין אַ גרויסן פּעלץ, מיט אַ קאָלנער, אַזוי ווי אַ גרויסער ווילד־פאַרוואַקסענער …ין.

— צו וועמען פרעגסטו זיך? — פרעגט דער

— כ׳וואַרט דאָ! — זאָג איך.

— אויף וועמען וואַרטסטו?

— כ׳דאַרף דאָ וואַרטן!

— דאָ — זאָגט ער — איז נישט קיין אָרט צו וואַרטן, וואַרטן — זאָגט ער — וואַרט מען אין גאָרטן.

גיי איך אַביסל אָפּ פון טויער און וואַרט ביי אַ זייט, היבט זיך מיר באַלד אָן דאַכטן, אַז רוזשע איז שוין לאַנג דורכגעגאַנגען און איך האָב זי נישט געזען.

און נאַסע, קאַלטע שנייעלעך קלעפּן זיך לאַנגזאַם צו דער נאָז, צום האַלז, כ׳פיל שוין קיין האַנט נישט, קיין פוס נישט, און רוזשע ווייזט זיך נישט.

איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געשטאַנען לעבן טויער און געוואַרט, איך ווייס נאָר, אַז אין די לעצטע מינוטן איידער ס׳איז פאָרגעקומען דאָס, וואָס איך וויל דערציילן, בין איך כמעט אין גאַנצן א דערפרוירענער געשטאַנען, מיט אַ צוגע־דריקט האַרץ און אַ פאַרקרומט פּנים. ערשט דעמאָלט האָב איך דערהערט רוזשעס קלינגענדיק געלעכטערל פונם טויער אַרויס.

יאָ, רוזשע! נאָר מיט וועמען לאַכט זי עס? מיט וועמען רעדט זי עס?

און אָט איז רוזשע דורך פאַר מיר, אַ פלינקע, אַ שפּרינ־גענדיקע, נאָר נישט אַליין איז זי, נעבן איר איז אַ יונגערמאַן. רעדט צו איר און בויגט זיך צו איר, אָנטועענדיק א הענטשקע...

צום ערשטן דאַכט זיך מיר, אַז זיי גייען נאָר באַזונדער, אַז ער האָט גאָרנישט קיין אָנהאַנג מיט איר, נאָר ווען איך זע, אַז רוזשע איז שוין אַ שטיקל וועג אָפּגעגאַנגען און קוקט זיך נישט אום אויף מיר, טו איך מיך אַ לאָז צו איר.

נאָר איידער כ׳קום צו צו איר, זע איך, ווי דער יונגער־מאַן רופט פון דער צווייטער זייט גאַס אַ שליטעלע...

איך בין שוין געווען נאָענט פון רוזשען, ווען זי האָט זיך די ערשטע אין שליטל אַריינגעזעצט, דער יונגערמאַן נאָך איר. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר פון פראָסט האָבן זיך די ליפּן נישט באַוועגט, כ׳האָב זיך נאָר געקאָנט פאַרקרומען...

און אָט רירט זיך דאָס שליטל פון אָרט.

פאַר די אויגן טוט מיר אַ מיש: „איך האָב זיך מיט רוזשען נישט געזעגנט!" פאַלט מיר איין אַ געדאַנק — איך גיב זיך אַ לאָז נאָכן שליטל און שריי:

— אַ גוטע נאַכט, רוזשע!

און רוזשע קוקט זיך אום מיט גרויסע דערשראָקענע אויגן, באַלד צעוויגט זי זיך אין אַ ברייטן, קלינגענדיקן געלעכטער און ציט זיך צו מיר ווי אַ פייגעלע, אָבער איך וויל זיך נאָר מיט איר געזעגענען.

— אַ גוטע נאַכט, רוזשע! — איך וויל איר דערלאַנגען די האַנט אויפן שליטל אַרויף, נאָר איך גיב מיך קרום אַ גליטש אויס אויפן שניי און כ׳דערפיל אַ נאַסע קעלט אין די קניען.

— אַ גוטע נאַכט, רוזשע!

דאָס שליטל איז שוין ווייט פון מיר, און פון ווייטן הער איך רוזשעס געלעכטער, אויסגעמישט מיט דעם קלינגען פון שליטל...

*

עטלעכע מענטשן האָבן מיך אויפגעהויבן, זאָגנדיק, אַז מ׳איז מיך שיער איבערגעפאָרן. איך האָב געשמייכלט און געקלערט, אַז ס׳איז נישט שיין, וואָס כ׳האָב מיך נישט געזעגנט מיט רוזשען; נאָר דאָך האָט מיך עפּעס אינעווייניק פאַרדראָסן, ווען כ׳האָב זיך דערמאַנט אין מיין חבר אהרן, וואָס איז נישט עלטער פון מיר און איז שוין אַ גאַנצער מענטש, טראָגט אַ קאַפּעליוש און האָט אַ כּלה, און כ׳האָב פּלוצלינג דערפילט, אַז איך בין אַזוי ווייט פון אהרנען, ווי כ׳בין ווייט פון דעם יונגנמאַן, וואָס איז אַזוי פלינק מיט רוזשען אויפן שליטל אַוועקגעפאָרן...

---

פון יענעם אָוונט אָן איז מיר נמאס געוואָרן מיין היטל מיטן לעדערנעם דאַשיק מיט מיין שמאָלער קינדער-מאַרינאַרקע. כ׳האָב אַלעמאָל אָנגעמאָסטן אהרנס קאַפּעליוש, זיך געשפּיגלט און ווען רוזשע איז געקומען, האָב איך איר שוין קיין שטול נישט דערלאַנגט, כ׳האָב זיך נאָר פאַררוקט אין אַ ווינקעלע און געוואַרט, זי זאָל עפּעס זאָגן צו מיר.

האָט זי זיך געווענדט צו מיר מיט אַ וואָרט, האָט מיך אַ היץ באַשלאָגן, אַזוי אַז כ׳האָב שטענדיק געענטפערט אַזעל־כעס, וועלכעס רוזשע האָט נישט פאַרשטאַנען...

און האָט זיך רוזשע אין דער טיר באַוויזן, האָט זיך דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק אַ הויב געטון, אַז כ׳האָב לאַנג דעם אָטעם נישט געקאָנט כאַפּן.

און אין אַן אָוונט אַמאָל, ווען אין שטוב בין איך נאָר אַליין געווען (די באָבע איז געשלאָפן אין קיך), איז רוזשע געקומען. ווען זי איז אַריינגעקומען און געזען, אַז איך בין אַליין אין שטוב, האָט זי נישט געלאַכט, נאָר מאָדנע אַרום שטוב אַרומגעקוקט זיך. זי האָט זיך נישט געזעצט.

— קיינער איז נישטאָ? — האָט זי געפרעגט.

— קיינער נישט.

זי האָט זיך נישט געזעצט, נאָר נאָענט לעבן מיר גע־שטאַנען, זי האָט אויסגעזען אַזוי ווי איינער, וואָס האָט גע־ברענגט מיט זיך אַ שלעכטע בשורה.

רוזשע האָט פּלוצלינג געפרעגט אַ פּאָר פראַגעס אויף אַ מאָל, נאָר נאָך איידער כ׳האָב געענטפערט, האָט זי געזאָגט:

— אזא בחור ווי איר, דאַרף שוין זיין אַ מענטש און נישט טראָגן אַזאַ היטעלע.

איך האָב אַראָפּגענומען ס׳היטל און געקוקט אויף דעם.

— לאָזט, וועל איך אייך פאַרקעמען די האָר מיט אַ שריינט.

און זי האָט אַרויסגענומען אַ קעמעלע פון אירע האָר, האָט זיך צוגערירט צו מיינע, און אַ ציטער איז אַדורך אי־בער מיין לייב.

— באַלד, כ׳וועל שוין אַליין !... — האָב איך געזאָגט. נאָר מיין האַנט איז פּלוצלינג אַרויסגעפאַלן אויף איר אַקסל.

— לאָזט נאָר, אָט אַזוי ! — האָט רוזשע שווער גערעדט און האָט מיך אַ שטאַרקן דריק געטון צו זיך.

ס׳האָט מיר געדאַכט, אַז אין שטוב אין פינסטער געוואָרן...

## פעסעלע

כ'בין געווען אַן אָרנטלעך יינגל, מיט נייע, גלייכע אַרבל.
שטענדיק ריין־געפּוצטע שיך, פון וועלכע ס'האָט געגלאַנצט דער
שוואַקס, מיט אַ גלייכן קאַפּעליוש, וואָס איז געווען איינגע־
קנייטשט פּונקט אינדערמיט און האָט געהאַט אַ פאָרם פון אַ
שבתדיקן שטרוצל...

כ'האָב מיך געלערנט לייענען פּוילישע ביכער; געפאָלגט
דעם טאַטן אַ גאַנג, אָדער אויפגעצויגן אַ רעכענונגל פאַר
דער מאַמען...

אין קעגנאיבער, אינם איינשטאָקיקן הויז מיטן גאַניקל
אין גאַס אַריין, האָט געוווינט פּעסעלע, ר' גאָרפינקלס טעכטערל
מיט די בלויע אויגן און גאָלדענע האָר.

פאַרשטייט זיך, אַז זי איז מיר געפעלן.

*

איינמאָל זיץ איך ביים פענסטער. פאַרנאַכט. ווי מיין
שטייגער איז געווען, און שרייב אָפּ אַ פּאָר פערטלען פּאַפּיר,
כּדי צו קריגן אַן אויסגעשריבענע האַנט — דערזע איך פּע־
סעלען קעגנאיבער — גליטשט זיך מיר די פען פון דער
האַנט אַרויס. ס'האָט מיר פאַר די אויגן אַ מיש געטון.

זי איז געשטאַנען האַלב־אָנגעשפּאַרט מיט די ווייסע הענ־
טלעך איבערן גאַניק אין אַ ווייס, לייכט בלוזקעלע, אַ שוואַרץ
פאַרטוכל פון אויבן. מיט די בלויע אויגן געקוקט אין ער־
געץ־נישט.

זי ווייסט, אַז זי געפעלט מיר.

כ׳האָב שוין פונם פענסטער נישט געקאָנט אָפּ־
טרעטן, ביז ס׳האָבן זיך באַוויזן אופן גאַניק מייד־
לעך, חברטעס, מיט וועלכע, פּעסעלע איז אָוועקגעגאַנגען
שפּאַצירן...

*

האָט זיך אין אונזער גאַס אַ קינד מיט אַ ביינדל גע־
וואָרגן, דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפגעלאָפן. איך אויך —
צווישן עולם דערזע איך פּעסעלען, און כאָטש כ׳האָב זי טאָג
אויס טאָג דורכן פענסטער געזען, האָט זי יעצט פּאַר מיר אַ
אַנדער פּנים געהאַט, ס׳האָט מיך אַ היץ באַשלאָגן, כ׳האָב קוים
געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן.

— זי ווייסן? ס׳קינד האָט זיך שיער דערשטיקט! —
האָב איך פּלוצלינג דערהערט אַ קלינגענדיק שטימעלע הינטער
מיר.

כ׳האָב אַ ציטער געטון, און דערזעענדיק פּעסעלען, האָב
איך קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— יאָ, יאָ, מ׳דאַרף זיין „אָסטראָזשנע״!

דאָס וואָרט „אָסטראָזשנע״ האָב איך צוליב פּוילישקייט
און איידלקייט אַרויסגערעדט אַזוי שאַרף, אַז ס׳האָט זיך אַזש
פאַרענדיקט מיט אַ פייף...

זעט־אויס, אַז פּעסעלע האָט שוין מער נישט געהאַט וואָס
צו פרעגן, זי האָט נאָר אויף מיר געקוקט — איך האָב דאָס
געפילט, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט אַ מאָדנער צו־
פרידנקייט זיך שנעל אָפּגעטראָגן אַ היים...

*

איינמאָל פאַרנאַכט, צוגייענדיק צום פענסטער, דערזע איך,
ווי פּעסעלע שטייט אויסגעפּוצט, מיט אַ ווייס שירמל אין דער
האַנט, צום שפּאַציר.

אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָב איך דערפילט, אַז
דאָס האָט עפּעס אַן אָנהאַנג מיט מיר, און ווירקלעך, איידער

כ'האָב באַקלערט ווי אַזוי — פּעסעלע גיט שוין אַ צייכן מיט דער האַנט, כ'זאָל אַרויסגיין און גיין גלייך מיטן געסל.

פּעסעלע איז פאַרשוווּנדן.

איך האָב זיך די האָר פאַרקעמט, פאָרזיכטיק אָנגעטון דעם קאַפּעליוש, ווי כ'וואָלט געוואָלט צודעקן אַ זאַך, וואָס קאָן פון אונטער די הענט אַוועקפליען.

און אַרויס פון שטוב.

אַראָפּקומענדיק מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אויף דער גאַס, האָב איך דערזען פון דערווייטן גיין פּעסעלען: לאַנגזאַם האָט זי געשפּרייזט שטעלנדיק דאָס שירעמל פאָרויס...

ס'איז אַ קילער זומער־פאַרנאַכט געווען. אויבן, אויפן טונקל־בלויען הימל, האָבן זיך שטילע טונקעלע וואָלקנדלעך געצויגן, און צווישן זיי האָבן בלייך־גאָלדענע שטערן געפינקלט...

מענטשן האָבן לאַנגזאַם שפּאַצירט. אָט פאָרט אין זיין ברישקע „פאַן דאַכאָווסקי", דער אַפּטייקער מיטן יידישן ווייב, ער בויגט זיך אַרויס פון דער בריטשקע און לאַכט מיטן שווערן בויך פון די יידישע הייזלעך מיט די אַראָפּגעהאָנגענע, צעבראָכענע לאָדן...

איך גיי שנעל, דאָס האַרץ וואַרפט זיך אין ערוואַרטונג.

— אָט דאָרט גייט פּעסעלע, און איך נאָך איר.

אינעם עק פונם לעצטן געסל, וווּ ס'ווינט דער „פאָטאָ־גראַפיסט" מיט די בלויע פענסטער־שויבן, וווּ ס'שפּאַצירן אַרום ציגן לעבן די באַגרינטע פּלויטן און מעקען מיט זייערע שוואַכע, יידישע שטימעלעך, קערט זיך פּעסעלע צוריק אום, און גייט גלייך קעגן מיר...

כ'דערפיל, ווי מיינע פיס הויבן זיך שפּרינגענדיק: אָט הויב איך אָן צו אַנטלויפן פון דאַנען: „וואָס וועל איך איר ענטפערן, ווען זי וועט מיך עפּעס פרעגן?" — און אַרום האַרץ קיצלט עפּעס, זאָגט עפּעס צו, אַ היץ באַשלאָגט מיך, און איך בלייב פּלוצלינג שטיין...

פּעסעלע איז צוגעקומען צו מיר. זי איז שטיין געבליבן, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן האָט זי געזאָגט:

— וואָס טוען זי דאָ?

כ'האָב נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. יעצט בין איך שוין געווען זיכער, אַז כ'האָב געהאַט אַ טעות, אַז פּעסעלע האָט מיך נישט גערופן. — „טאָ צו וואָס פּאַר אַ טייוול בין איך איר נאָכגעקראָכן? פּאַסט דאָס פאַר אַן אָרנטלעך ייִנגל?"...

כ'האָב אַרויסגעשטאַמלט:

— אַ ביסל שפּאַצירן... אויף דער לופט...

— איך גיי אויך שפּאַצירן...

כ'האָב געשמייכלט.

— קומען זי... זי גייען? — האָט פּעסעלע געזאָגט.

כ'בין געגאַנגען מיט איר.

מיר זענען געגאַנגען הינטערן שטעטל. ערטערווייז זענען געלעגן שטיקער גרינע פעלד מיט ליימיקע, מוטנע „גלינקע-וואַסעלעך", פון אַ נישט-ווייטער „צעגעלניע", וואָס האָט זיך געצייכנט אינם הימל אַריין, מיט אַ הויכן שוואַרץ-פאַררויכערטן קוימען. אַרום זענען געלעגן אָנגעוואָרפענע קופּעס שטיינער, האַל-בע ציגל...

פּעסעלע איז געגאַנגען לעבן מיר, לאַנגזאַם, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, אַרויסשטעלנדיק פריער דאָס ווייסע שירמל...

אַ ווינטל האָט געווייעט אויף אונז, עפּעס אַ מאָדנע גע-פיל האָט געצאַפּלט אין מיר, כ'האָב זיך געפילט נישט פריי, ווי געבונדן. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ווען פּעסעלע זאָל מיך יעצט באַפרייען, אַוועקגיין פון מיר, וואָלט איך פריי אָפּ-געאָטעמט: כ'בין געווען זיכער, אַז פלוצלינג וועט זי מיך געבן אַ פרעג, עפּעס אַזעלכס, וואָס כ'וועל נישט וויסן, וואָס צו ענטפערן, — דאָך איז מיר געווען אַזוי מאָדנע גוט...

מיר זענען געגאַנגען ווייט אונטערן שטעטל, פּעסעלע האָט געפרעגט:

— זי האָבן זיך גערעכנט, אַז מיר זאָלן היינט גיין צו-זאַמען שפּאַצירן?...

— כ'האָב געוווּסט, אַז מיר וועלן זיך טרעפן...

זי האָט דראָבנע געלאַכט, מיט קליינע, קלאָרע ציינדלעך...

— אַזוי... און ווי רופט מען אײַך?..
— מיך?... לײבל...
— ווי, לײבל... לעאָן...
כ'האָב זי נישט איבערגעשפּאַרט. זי האָט געשמייכלט.
— מיך רופט מען פּאָלטשע!...
מיר זענען ווייטער געגאַנגען, איך האָב געפרעגט:
— זי לייענען פּויליש?
— אַ פראַגע, נאָר וואָס דען?
— איך אויך...
זי האָט געזאָגט, קוקנדיק זייטיק אויף מיר:
— כ'לעז היינט אַ ביכל... אַ כ'האָב פאַרגעסן, ווי דאָס הייסט... כ'זאָג אײַך, אַזאַ גוט ביכל, ס'ווייַלט אַזוי, בלויז ליבעס...
דאָ בין איך געבליבן אָן ווערטער, ווייל דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, האָט זי געזאָגט.
— איך אויך... — האָב איך שטיל און פאַרלוירן ווי נאָכגעזאָגט...
ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען אָנגעקומען עטלעכע מיידלעך, פעסעלעס חברטעס, און מיר אַלע צוזאַמען זענען אַוועקגעגאַנגען ווייט אין פעלד אַריין און זיך אויסגעזעצט אויפן גראָז.
פעסעלע האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אירע אַלע חבר־טעס, אַ לאַנגע צייט זענען מיר אַלע געזעסן און געשוויגן; און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע וואַרטן, איך זאָל עפּעס זאָגן, כ'האָב אָנגעהויבן ליידן דערפון. נאָר פּלוצלינג, איך ווייס אַליין נישט צו וואָס, האָב איך אַרויסגעשלעפּט פון דער בוזעם־קעשענע אַ בלעטל פון אַ העפט, אויף וועלכן ס'איז געווען עפּעס אָנגעשריבן אויף פּויליש, און ווייזנדיק עס פּע־סעלען אַ זאָג געטון:
— ס'געפעלט אײַך מיין האַנטשריפט?...
— אָ, זייער אַ שיינע האַנטשריפט...
דאָס בלעטל איז דערווייל געגאַנגען פון איין האַנט צו

דער צווייטער. וואָס אַמאָל איז געוואָרן שטילער, די מיידלעך האָבן זיך גענומען איבעריקוקן מיט ברייט-געעפנטע אויגן און פּלוצלינג האָבן אַלע אויסגעשאָסן אין איין קלינגענדיק געלעכטער...

אַ היץ האָט מיך באַשלאָגן. כ'האָב געפילט ווי מיין פּנים האָט זיך פאַרקרומט אין אַ וויינענדיקן שמייכל. און נעמענדיק דאָס בלעטל פון פעסעלעס האַנט, האָב איך געמורמלט:

— וואָס לאַכן זי... כ'שרייב נישט שיין?...

— אָ, זייער אַ שיינע — כאַ-כאַ-כאַ — האַנטשריפט! — האָבן עטלעכע געענטפערט. און ווי מיט האַמערס איבערן קאָפּ, האָט מיר געקלאַפּט דאָס הילכיקע געלעכטער פון די מיידלעך...

*

די מיידלעך זענען אָבער באַלד שטיל געוואָרן, גאָר שטיל, אַזוי אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן זיך צו עפּעס אָנגערעדט.

עטלעכע מיידלעך האָבן פאַר-זיך שטיל אונטערגעזונגען און געקוקט איינע אויף די צווייטע מיט איינגעהאַלטענע שמייכלעך; און פּלוצלינג האָב איך דערפילט, ווי מ'האָט מיר אַ שנעל געטון הינטן אין אויער אַריין, כ'האָב זיך האַסטיק אומגעקוקט און מיט אַ תמעוואַטן שמייכל אָנגעקוקט די מיידלעך. אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָב איך אָבער געכאַפּט אַ שנעל אין צווייטן אויער אַריין: דער שנעל האָט שוין אַ ברי געטון, און דערזען, ווי פעסעלע כאַפּט-אַוועק ס'הענטל...

ס'האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן, און כ'האָב געשמייכלט מיט טרערן אין די אויגן...

אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זיך מיין נאָז אָנגעשלאָגן אין אַ שטייף-אָנגעשטעלטן פינגער פון אַ מיידל. דאָ האָב איך שוין אַ קרעכץ געטון און קרעכצנדיק זיך געבעטן:

— אוי, אוי, הערן זי אויף. — הערן זי אויף...

די מיידלעך האָבן זיך צעקאָלערט אין אַלע זייטן פאַר געלעכטער...

— נו שוין, נו שוין! — האָט מיך פעסעלע באַרויקט און מיר א לייכטן גלעט געטון איבערן פּנים...

דער גלעט פון איר ווייסן הענטל האָט מיך טאַקע אינ־גאַנצן באַרויקט, און כ'האָב זיך צעשמייכלט מיט גלאַנציקע אויגן פון טרערן...

די מיידלעך, דערזעענדיק דאָס, האָבן מיר אָנגעהויבן גלעטן אַזוי שנעל, אַז כ'האָב זיך אינגאַנצן אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַזוי ווי אַ הינטל, ווען מ'גלעט עס איבערן בייכל...

אַ קיצלדיקער ציטער איז מיר דורכגעלאָפן איבערן לייב, און כ'האָב ווייטער אָנגעהויבן בעטן:

— אוי, אוי! הערן זי אויף... הערן זי אויף...

— נו שוין, נו שוין! — האָט מיך פעסעלע בארויקט און זיך צוגעזעצט נעענטער צו מיר.

זי איז געזעסן אַזוי נאָענט, אַז איר קני איז געווען אָנ־געשפּאַרט אין מיינער, און כ'ווייס נישט פאַרוואָס דאָס האָט מיר דעם אָטעם פאַרכאַפּט — כ'האָב שוין מער נישט געקאָנט אָטעמען... כ'האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוקט.

די מיידלעך זענען גאָר שטיל געוואָרן, פעסעלע האָט זיך צוגערוקט.

איך רוק זיך — זי נאָך מיר, און זי קוקט אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן, אַז איך הויב אָן מורא האָבן פאַר איר...

דערווייל רוקן זיך אַלע מיידלעך אַרום מיר, איך בלייב אינדערמיט, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, און א מיידל אַ קליינס, אַ פלינקס מיט אַ שפּיציק גאָמבעלע, מיט קליינע, שנעלע ציינדלעך, לייגט מיר אַרויף אַ הענטל אויף דער פּלייצע און רעדט שנעל מיט די קליינע, נייע ציינדלעך:

— זינגען זי עפּעס, פּאַניע לעאָן!

— יאָ, יאָ, זינגען זי עפּעס, פּאַניע לעאָן! — העלפט־אונטער פעסעלע, און דריקט מיר שטאַרקער צו די קני מיט אירע; און אַלע מיטאַמאָל הויבן מיך אָן צו גלעטן, צו רייסן

און צו שלעפן; „זינגען זי עפּעס! זינגען זי עפּעס!״... און מיר פאַרדרייט זיך דער קאָפּ, כ׳וועד ווי פאַרשיכּורט, און ס׳דאַכט מיר, אַז מ׳קאָלערט מיך, מ׳קאָלערט מיך, און ווער ווייסט, ווו מ׳וועט מיך נאָך פאַרקאָלערן...

— אוי! — גיב איך אַ געשריי; מ׳האָט מיר, דאַכט זיך, פון הינטן געגעבן אַ שטאָך מיט אַ שפּילקע — ווער שטעכט?

איין מיידל האָט זיך הילכיק צעלאַכט, און אַ צווייטע האָט שטיל אַ זאָג געטון:

— הער אויף... הער אויף...

און ווייטער פיל איך, ווי מ׳קאָלערט מיך, אָט דורך אַ גרוב, אָט אויף אַ שטיין! אין קאָפּ רוישט מיר, ס׳איז מיר שרעקלעך הייס.

— זינגען זי עפּעס! זינגען זי עפּעס! — הער איך, ווי מ׳שרייט איבער מיר; און איך הער ווי איך זינג, צו צונג דרייט זיך מיר שנעל:

— לאַ-לאַ-לאַ-לאַ...

*

ס׳איז שוין געווען גוט נאַכט

אַרום אויף די „גלינקעס״ איז שוין פינסטער געווען. און דער הויכער, שוואַרצער ציגעלניע-קוימען האָט ווי אַ בייזע, גרויסע שרעק געטאַרטשעט אין ביינאַכטיקן הימל אַריין. כ׳בין געזעסן איינגעפּאַסט צווישן די מיידלעך, אַ שטילע היץ האָט זיך אין מיר געגאָסן.

ס׳איז געווען שטיל.

כ׳האָב געפילט, ווי פּעסעלעס האַנט גליטשט זיך איבער מיין קאָפּ.

פּלוצלינג האָט זיך פּעסעלע צוגעצויגן צו מיר, און איי-רע קליינע, ווייסע פינגערלעך האָבן מיך אָנגעהויבן קיצלען— אויפן האַלז, אונטערן קאָלנער. כ׳האָב דעם קאָפּ טיף אין די אַקסלען אַריינגעגראָבן און ג׳נשמייכלט. איר הייסער אָטעם האָט געווייעט איבער מיין נאָז און ליפּן; אַ מידקייט האָט

זיך געגאָסן אין אַלע מיינע גלידער, און מיד־אויסציענדיק זיך, האָב איך זיך געבעטן:

— אוי, אוי, ס׳איז מיר הייס... לאָזן זי מיך אָפּ...

— באַלד, באַלד, ס׳איז נישט הייס! — האָט פּעסעלע מאָדנע שווער אַרויסגערעדט און מיך אַזוי שטאַרק אָנגענומען אויבן ביי דער האַנט, אַז כ׳בין אַ ש׳ אויפגעשפּרונגען; נאָר די מיידלעך האָבן מיך רויק און לאַנגזאַם צוריק אויסגע־צויגן...

כ׳בין געבליבן ליגן מיד, און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מ׳גיסט אויף מיר וואַרעם וואַסער...

פּעסעלע האָט זיך נאָך אַמאָל צוגעבויגן צו מיר און פּלוצלונג געפרעגט:

— איך בין אַ שיינע?

— אוי, אוי, זענען זי אַ שיינע...

— אָ ן איך? — האָט אַ צווייטע געפרעגט.

— אויך!...

— נו, און איך? — האָט זיך צוגעבויגן דאָס שנעלע מיידל, מיט די נייע ציינדלעך. זי האָט מיך אין דער מינוט געשראָקן, זי האָט אויסגעזען ווי אַ חייס, ווייך הינטל: ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי האָט אויף דעם שמאָלן, שפּיציקן גאָמבעלע איינציקע, ווייסע, גלייך־געפּשראָצטע וואָנסעלעך...

— אַ־י! ס׳וועט בייסן? — האָב איך אַ געשריי געטון, און מיין קאָפּ איז פּלוצלונג אַרויפגעפאַלן אויף עפּעס ווייכעס, וואַרעמעס...

*

און ווייטער האָב איך ד׳ערפילט, ווי מ׳קאָלערט מיך באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, און אין האַלז איז אַזוי זיס, ווי כ׳וואָלט געטרונקען האָניק... כ׳האָב אויפגעהויבן די האַנט און אָנגעווייזנ־דיק אויף פּעסעלעס האַלז, האָב איך אַרויסגערעדט מיט אַזאַ שטימע, ווי עס רעדט איינער, וואָס מ׳קיצלט אים.

— אוי, האָבן... זי... דאָ שיין...

— נו, סאָ רירן זי אָן... — האָט פעסעלע שנעל געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק צו מיר איר קלאָרן, ווייכן האַלז.

— הע... הע... רירן? — האָב איך זיך צעשמייכלט.

— נו, יאָ, רירן זי אָן... — זי האָט געוואָלט אָננעמען מיין האַנט, נאָר איך האָב זי שנעל באַהאַלטן...

אין אַ מינוט אַרום האָב איך ווידער אָנגעוויזן מיט אַ האַנט אויף פעסעלעס קיילעכדיקן אַקסל:

— ק—כע... און דאָ האָבן... זי אויך אַזוי שיין...

— נו, רירן זי אָן... פּאַניע לעאָן!... — איז פעסעלע צו מיר צוגעשטאַנען מיט א מאָדנע ערנסט, זי האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט און מיט איר אַ פיר געטון פון איר האַלז — ביז איבערן ביוסט...

— נו, רירן זי אָן...

איך בין אויפגעשפרונגען, ס'האָט מיר אַ מיש געטון פאר די אויגן, ס'האָט מיר געדאַכט, אַז כ'טאַנץ מיטן קאָפּ אויף דה'ערד און מיט די פיס אַרויף... פעסעלע האָט מיך נאָך פעסט געהאַלטן פאַר אַן אַרבל און איינגעשפּאַרט געמורמלט:

— אז מ'זאָגט אָנרירן... רירט מען אָן...

איך בין אינגאַנצן צעווילדעוועט געוואָרן, כ'האָב אָנגעהויבן טאַנצן מיט ד' פיס אויף איין אָרט, געוואָרפן מיט די הענט און געשריגן:

— אוי, איך וויל נישט... לאָזן זי מיך אָפּ...

די מיידלעך האָבן זיך מיט ברייט־געעפנטע אויגן איבערקוקט, עטלעכע האָבן זיך שטיל און איינגעהאַלטן צעלאַכט.

און פעסעלע האָט מיך נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר אַן אַרבל און איינגעשפּאַרט געמורמלט:

— אַז מ'זאָגט אָנרירן...

— מיין באָבע איז מיר געשטאָרבן! — האָט איין מיידל א געשריי געטון און האָט מיר דערלאַנגט איבערן קאָפּעלוש, וועלכער איז מיר אַריבער איבער דער נאָז, קאַליע מאַכנדיק דעם סטרוצל־פּאָרם.

כ'האָב שוין פאר זיך נישט געזען קיין מיידלעך, נאָר

קלאָרע, קליינע הענטלעך האָבן זיך געפּלאָכטן איבער מיין קאָפּ, לייכטע, פליענדיקע בלוזקעלעך האָבן געפלאַטערט איבער מיר, און דאָס האָט מיר אַזוי וויי געטון...

כ'האָב זיך מיט אַלע כוחות אַרויסגעריסן פון פעסלעס הענט און גענומען לויפן אַהיים, נאָר דאָ האָבן זיך די מיידלעך אַ לאָז געטון נאָך מיר, ווי אַ חברה טייוולאָנים. כ'בין געלאָפן מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, שטעלנדיק טריט, ווי אויף שטיגן...

— או—ר—ר—ראַ! „פּאַצעט"! „האַנטשריפט"!... — האָב איך געהערט הינטער זיך אַ געשריי, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ הילכיק געלעכטער. — אור—ר—ר—אַ! „פּאַצעט"! „האַנטשריפט"!...

*

מיט אַ קאַלטן שווייס אויפן גאַנצן לייב בין איך אַהיים געקומען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך אין היץ געוואָרפן. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיין האַנט גליטשט זיך איבערן קלאָרן, ווייכן האַלדז און ביוסט פון פעסלען, און מיינע ליפּן האָבן געמורמלט:

— אוי, אוי, הערן זי אויף... הערן זי אויף...

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען איך בין דורכגעגאַנגען דורך דער „רעזורע" מיט די מאַטע מילך-שויבן, איז „איגנאַץ" דער שערער געשטאַנען פאַר דער טיר, מיט א ווייסער וועסט, אין אַ גלייכן, פייכטן שרינט פאַרקעמט, דערזעענדיק מיך, האָט ער זיך אַ בייג געטון, מיט אַ שמייכל אין די גלאַנציקע אויגן, און אַ זאָג געטון צו מיר אויף פּויליש:

— „צאָ סליכאַטש, פּאַניע האַנטשריפט?"...

# די זוכער

ווענגער איז געשטאַנען פאַר איר טיר.

זיין האַרץ איז פול געווען פון ווארטן, ווען ער איז גע־גאַנגען צו איר, זי איז דאָך די, וועלכע האָט צוגענומען זיין יוגנט, וואָס וויגט זיך פאַר אים, ווי א ליכטיקער קוואַל פון לוסט און יום־טוב. אנאַ האָט געעפנט די טיר און, אים דער־זעענדיק, האָט זי אַ הויב געטון מיטן קאָפּ, ווי ס'וואָלט איר פאַרפעלט אָטעם, אויף איר פּנים איז א פאַרב אַרויסגעטראָטן. ער האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער שוועל, זיי האָבן ביידע גע־שוויגן אַ מינוט, ביז זי האָט די טיר פאַרמאַכט.

ס'איז געווען פאַרנאַכט, אין צימער איז געווען טונקל, נאָר אין פענסטער איז געשטאַנען דער קלאָרער, שאַרפער הימל פונם זומערדיקן פאַרנאַכט.

ווענגער האָט זיך אין ווינקל אויף אַ שטול אַראָפּגעלאָזן, אַנאַ איז עטלעכע מאָל הין און צוריק געגאַנגען, דערנאָך זיך אָפּגעשטעלט נעבן אים:

— ווען איך האָב אייך אויף דער שוועל דערזען, האָט איר אויסגעזען ווי א מענטש, וואָס גרייט זיך צו אַ גרויסער איבעראַשונג.

— כ'האָב זיך געריכט דאָ צו טרעפן מיין יוגנט...

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און דערפילנדיק אויף זיין פּנים א גרימאסע, וו ס קאָן איר נישט געפעלן, איז ער מיט אַ לייכטן שמייכל צוגעגאַנגען צו איר נאָענט:

— דו ביסט נאָך אַזוי שיין ווי געווען.

זי האָט אָפּגעווענדט איר קאָפּ, ווי ס'וואָלט זי געשטיקט די לופט אַרום אים. ער האָט זיך מיט קראַפט אין דעם קאָפּ פון דער

שמואל אָנגעהאַלטן און שאַרף מיט אַ נאָכצאָפּל גערעדט:

— איך ליב דיך, ווי אַמאָל.

זי האָט האַסטיק דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און זיך אַ וואַקל געטון אויף אַן אָרט, ער האָט איר האַנט גענומען און געקושט.

אַ שטיל, שווער געוויין האָט געוויגט אירע אַקסלען, ער האָט דערפילט אירע וואַרעמע טרערן אויף זיין האַנט, און אים איז גוט געווען דערפון. דער הימל האָט זיך געטונקלט אין פענסטער; און אַזאַ שטילקייט איז געשטאַנען אין פאַרנאַכטי-קער הויך. זיין בליק האָט געבלאָנדזעט אָן אַן אָפּהאַלט אין דער שטילער, גאָלדענער ליכט, און זיין האַרץ האָט גערוט.

*

זיי זענען לאַנג אַזוי געשטאַנען. ס'האָט אויסגעזען, ווי ביידע וואָלטן פון איין שרעק פאַרטריבן געוואָרן אַהער, אין דעם טונקעלן צימער. נאָר פאַרוואָס צאַפּלט אַ שמייכל אויף די באַטרערטע אויגן אַנאַס? און פאַרוואָס איז אַזוי זיס דער שפּאַרנדיקער ווייטאָג פון די טרערן אין האַלז.

ער איז נעבן איר — װענגער, דער נאָמען, וואָס עפנט די באַהאַלטענע טיר אין איר האַרץ, וואָס ברענגט ער מיט זיך? ער האַלט איר האַנט אין זיינער, פילט זי נישט דורך איר הויט זיינע געדאַנקען? און ער איז שטיל און רעדט נישט...

יאָרן זענען אַריבער... און אַלץ אַרום האָט זיך געענ-דערט, זי פילט זיך ווי אַ געפאַלענע פון עפּעס גרויזאַמעס, ווי זי זעט דאָס שטיק לעבן, זייט ער — װענגער איז אַוועק.

מען האָט אין דער טיר אָנגעקלאַפּט. זי האָט זיך די אויגן אויסגעווישט, וועגער איז צום פענסטער צו, אויף דער שוועל איז אַ יונגערמאַן געשטאַנען.

— אַבראַם. — האָט אַנאַ געזאָגט, דערנאָך האָט זי פאַר-געשטעלט, די יונגעלייט האָבן זיך באַקענט.

— אמת, דאס איז דער ווענגער, פון וועלכן די האָסט מיר נישט איינמאָל גערעדט, אַנאַ?

— אמת... — האָט זי זיך נעבן אים געזעצט.

אַבראַם האָט זיך געווענדט צו ווענגערן

— אַנאַ האָט מיט מיר אַ סך מאָל גערעדט וועגן אייך.

— יאָ, מיר האָבן זיך שוין לאַנג נישט באַגעגנט...

— זע אַבראַם, נישט אומזיסט האָט מיר געחלומט, אז עמעץ וועט קומען, האָט אַנאַ געזאָגט אין פאַרטראַגנקייט.

ס׳איז געווען שטיל, און דער אָוונט האט זיך אַלץ מער געטונקלט אין די ווינקלען פון צימער, אַנאַ איז געזעסן, דאָס געזיכט מיט די הענט פאַרשטעלט, האַלב אָנגעשפאַרט אין אַבראַמען.

ווענגער איז געשטאנען ביים פענסטער, אים האָט אַזוי ווילד אויפגעזען דאָס, וואָס אנא איז אַזוי נאָענט מיט דעם פרעמדן יונגערמאַן. ער האָט זיך עס קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלן. דורך די אַלע יאָרן פון זייער צעשיידט זיין האט אים געדאכט, אז יעדע מינוט פון איר לעבן געהער אים, דאַרף ער נישט טון עפּעס קעגן דעם? מיט אַ פרעמדער וואַ־רעמקייט איז איבערגעפלאָסן זיין האַרץ, און ער איז גרייט געווען אַרויסצוואַרפן עפּעס אַ וואָרט, וואָס זאָל פאַלן אויף זיי און דערווייטערן אַנאַן פון — אַבראַמען. ער האָט זיך טיף איינגעהערט אין זיך אַליין, אין אים האָט אויפגעזונגען עפּעס אַן אַלט, ווייט ליד, ער האָט געשמייכלט, צוזאַמען מיט דעם שמייכל האָט ער אָנגעצילט זיין בליק אויף אַנאַס אויגן, דאָס איז גענוג געווען, אַז אַנאַ זאָל מיט דעם זעלבן צעמישטן שמייכל ענטפערן.

אַבראַם האָט זיך אויפגעהויבן, עטלעכע מאָל דורכן צי־מער דורכגעגאַנגען, אין זיינע באַוועגונגען האָט זיך געזען אַ צעטראָגנקייט, ער האָט שטיל עפּעס געזונגען, נישט ווילנדיק דאָס אַרויסווייזן.

ווענגערן האָט זיך געוואָלט עפּעס רעדן צו אַנאַן, אַזוינס, אויף וועלכן זי זאָל אים מוזן ענטפערן עפּעס געוויינטלעכס פאַר

אים, ער האָט געוואָלט, אַז יעדער געדאַנק אירער זאָל געהערן אים. ער האָט געקוקט אויף אירע שלאַנקע הענט, וואָס זענען געווען געבויגן אונטער אירע האָר, און אַליין עס נישט פילנ־דיק זי פאַרמאָסטן מיט אַנדערע פרויען; ווי אַ חלומדיקער קנויל האָבן זיך געטראָגן פאַר אים: ליניען, בליקן האר. געפינט ער אין אַנאַן עפּעס נייעס, זאָל זי ווירקלעך געהערן אַבראַמען?

ער האָט זיך געווענדט צו אַנאַן:

— מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז איר האָט זיך גאָרנישט גע־ענדערט. — זי האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר ער האָט שנעל צוגעגעבן:

— אפשר נאָר דאָס, וואָס איר האָט געטראָגן אַן אַנדער קלייד, ווען כ'האָב אייך צום לעצטן מאָל געזען.

ער האָט ווילד־קלינגענדיק אַ לאַך געטון, אַנאַ האָט זיך שטיל אָפּגערופן מיט אַ צאַפּלדיקער שטים:

— קליידער זענען פונקט ווי יאָרן... יעדעס קלייד האָט אַ צייט... אַ געשיכטע... אַ ערינערונג...

אַבראַם האָט זיך פּלוצלינג מיט אַ האַסטיקן שפּאַן דער־נעענטערט צו אַנאַן:

— דו האָסט צופיל קליידער, אַנאַ.

זי האָט איינגעגראָבן איר קאָפּ אין די הענט, ווי זי וואָלט זיך געוואָרנט פאַר אַ קלאַפּ, ווענגער האָט געמאַכט אַ טריט אַוועקצוגיין, נאָר אַנאַ האָט אים אָנגעהאַלטן זאָגנדיק:

— איך בעט אייך, בלייבט.

ווענגער איז, נישט באַמערקנדיק ווי אַזוי, פאַרבליבן אַליין מיט אַנאַן. אַבראַם איז אַוועק.

*

ווענגער איז געבליבן אַליין מיט אנאַן, און אין אים האָט זיך אויפגעהויבן אַ שווער, נישט אָנגענעם געפיל, ער איז פויל געווען דערצו, וואָס האָט דאָך געמוזט געשען, ווייל אַנאַ

האָט נאָך אַלץ נישט געקוקט אויף אים. איר פיגור איז גע־ווען אויסגעבויגן אַזוי, אַז זי האָט דערמאָנט אָן אַ סטאַטוע פון אַ פרוי, וואָס האָט געדאַרפט אויסדריקן אומגליק. יעצט האָט זי שטום אַ האַנט צו אים אויסגעצויגן, ער האָט זיך מיט אַ באַוועגונג פון קעגנווילן אויף די קני אַראָפּגעלאָזן, אירע הענט גענומען און געקושט. זי האָט זיין קאָפּ אַרומגע־נומען.

— ביסט געקומען צו מיר... ביסט געקומען...

ער האָט זי אַרומגעוויקלט מיט די הענט, דערנאָך אַרום זיך אַ מידן בליק געוואָרפן.

— ווי לאַנג כ'האָב דיך געזוכט, אַנאַ.

— און אַזוי שפּעט געפונען...

— כ'האָב פאַרשפּעטיקט... אַנאַ...?

— מיין ליבע — נישט... נאָר מיין וואָרט...

ווענגער האָט זיך געפוילט צו פאַרשטיין איר געדאַנק.

— דיין וואָרט?

— יאָ.

— קאָנסטו עס מיר דערקלערן?

— דער מענטש.. ער איז מיר אַזוי טריי, אַזוי איבער־געגעבן... ער האָט אויף איר אַ קוק געגעבן, ווי איינער, וואָס וויל זיך דערמאנען אין אַ ווייטער זאַך:

— הם... אָבער איך וויל גאָרנישט קלערן דערפון... דאָס איז דאָך אויסער אונז... אויסער אונזער ליבע...

ער האָט זי געדריקט צו זיך, זי געקושט, זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן:

— ניין, ניין... ער איז מיר צופיל איבערגעגעבן...

ער האָט זי אָבער פאַרהאַלטן אין זיינע אָרעמס, קלערנ־דיק, אַז זי איז געווען אַ סך האַרטער און שווערער, ווי אַמאָל.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט זיי צעשיידט.

*

— אַנקאָ ? — האָט װענגער געהערט, אײדער אַנאַ האָט די טיר צוגעמאַכט, דאָס איז געװען אַ יונג־קלינגנדיקע מײדל־שטימע. באַלד איז אַרײַנגעקומען יוסטינע, זי איז געװען אַ קלײנע, פולע שאַטינקע מיט אַ ראָן געזיכט און העלע אויגן. זי האָט אויסגעזען אַלט צו זײַן אַ יאָר צװאַנציק.

— אַנקאָ, װאָס זיצסטו עפּעס אין דער פינסטער ? אָך, דו ביסט נישט אַלײן... װער איז עס, אַבראַם ?

— נײן. — האָט אַנאַ געענטפערט און פאָרגעשטעלט װענגערן פאַר איר חברטע.

— אָט װעל איך מאַכן ליכטיק. — האָט זיך אַנאַ גענומען צום לאָמפּ.

— ס׳שאַט נישט, אַנקעלע, איך האָב ליב פאַרנאַכט אַזוי צו זיצן... צינד נישט אָן, זי האָט זיך געזעצט װאַרפּנ־דיק נײַגעריקע בליקן, דאָ אויף װענגערן, דאָ אויף אַנאַן. זײ זענען געזעסן אײנע נעבן דער אַנדערער און גערעדט װעגן פאַרשידנס.

— װײז, יוסטינע, װאָס טראָגסטו עס אויפן האַלז ? — זי האָט זיך צוגעבויגן צו איר, באַטראַכנדיק אַ קלײנע, בלויע אַמאַליע אין דער פאָרם פון אַ קוישל מיט בלומען.

— װי שײן דאָס איז, װו נעמסטו אַזעלכע שײנע זאַכן?

— װו איך נעם ?... — האָט יוסטינע געענטפערט, צו־מאַכנדיק די אויגן. — כאַ, כאַ, כאַ, ײנגלעך גיבן מיר, זי האָט זיך צולאַכט און צוגעגעבן :

— אַנאַ, דו האָסט מיר אַמאָל דערצײלט װעגן דעם ה׳ װענגער.

און צו װענגערן :

— איך האָב מיר אײַך פאָרגעשטעלט גאָר אַנדערש, װי איר זענט.

— איך בין געװען אַנדערש ! — האָט ער אויף יוסטי־נען אַ טיפן בליק געװאָרפן.

זי האָט אַ מינוט נאָכגעדענקט און זיך געווענדט צו אַנאַן.

— אַנעלע, דערמאָן וואָס מיר האָבן געהערט אין דער אָפּערע, טראַ־לאַ־לאַ, דערמאָן מיך, אַנעלע.

אַנאַ האָט שטיל געזונגען, און יוסטינע האָט זיך געווענדט צו ווענגערן:

— איר האָט ליב אָפּערע?

און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער:

— איך האָב אַזוי ליב... ס'איז אַזאַ ליכטיקע זאַך. אַזאַ רייכע... אָבער וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? זי האָט זיך אַ בויג געטון צו אים און זיך צולאַכט.

ווענגער האָט פּלוצלינג דערפילט אַ פאַרלאַנג מיט איר אָוועקצוגיין, ווו עס זאָל נישט זיין, נישט צו פרעגן וווהין, אים האָט יעצט געוווּנדערט, וואָס יוסטינע האָט אַ ראָז פּנים, אַזעלכע פולע, בלוטיקע ליפּן, גלייך ער וואָלט נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, ווען עס צו באַגעגענען אַזעלכע.

ער האָט געוואָלט עפּעס רעדן צו אַנאַן, נאָר ער האָט קיין איין וואָרט נישט געפונען. יוסטינע האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן. „נו, אַ גוטע נאַכט". אירע אויגן האָבן געבליצט פון אַן אינערלעכן, פרייען געלעכטער; זי האָט זיך דערנעענטערט צו ווענגערן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.—

ער איז אויפגעשטאַנען און, אַליין נישט פילנדיק, אַז ער רעדט צו הויך, געזאָגט:

— מיר וועלן צוזאַמען... איך גיי אויך...

אַנאַ האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק, ווי ס'וואָלט איר געווען שווער צו גלויבן; ווענגערן איז געוואָרן אומאַנגענעם, ווי מ'וואָלט אים געכאַפּט ביי אַ גנבה, נאָר בלייבן איז אים געווען אוממעגלעך. ער האָט אַ קוק געטון אויף אַנאַן לייכט, ווי ער וואָלט זי געוואָלט פאַרזיכערן, אַז דאָ קומט גאָרנישט פאָר; ער האָט ג'רעדט עפּעס אַזעלכעס, פון וועלכן יוסטינע האָט מאָדנע הויך געלאַכט;

ער האָט געזען אַנאַס אומרויקייט און געוואָלט וואָס גיכער אוועקגיין.

אַנאַ האָט זיך פלוצלינג פון אַ זייט צו אים גע־ווענדט:

— ווענגער...

מער האָט זי גאָרנישט געזאָגט, נאָר ער איז שוין מיט יוסטינען פאַר דער אָפענער טיר געשטאַנען.

# שיינדעלע

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר צען־עלף, האָבן מיר געוווינט אין אַ הינטערגעסל נומער 40, ווו איך האָב פאַרבראַכט די טעג און אָוונטן אַממיינסטן אויפן הויף מיט נאָך יינגלעך אין מיינע יאָרן. מיר האָבן זיך געשפּילט, געשלאָגן, ברוגז געווען, זיך איבערגעבעטן און אַלע צוזאַמען געהאַט צו טון מיט אַ מיידעלע, שיינדעלע, וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויף און אויך געווען אין די זעלבע יאָרן.

זי איז געווען הויך געוואַקסן לויט אירע יאָרן. אַ קליין פּנימל פון אַ ברוינלעכער פאַרב, מיט שאַרפע, טונקעלע אויגן.

שיינדעלע — איבער איר האָבן מיר זיך געקאָנט קריגן, שלאָגן, און אויך — איבערבעטן. איין בליק אירער האָט געקאָנט צווישן אונז צו אַ מלחמה ברענגען און איין וואָרט אירס האָט אונז שלום געמאַכט...

איז איינער געווען שיינדעלעס חתן, האָבן מיר אַלע פלוצלינג צו אים אַ האַס דערפילט, ברוגז געוואָרן צוזאַמען מיט אַ טיפן קנאה־געפיל. דעם זעלבן האַס האָבן מיר געקאָנט דערפילן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער צום צווייטן יינגל, וואָס איז געוואָרן שיינדעלעס חתן.

איז איינער פון אונז שיינדעלעס חתן געוואָרן, איז „ער" אַ חוץ דעם, וואָס מיר זענען מיט אים ברוגז געוואָרן, ביי אונז געוואָרן העכער, כאָטש מיר האָבן פון אים אָפּגע־לאַכט און פאַרשידענע צונעמען נאָכגעשריען. ווען מיר האָבן אים צוזאַמען מיט איר דערזען, — האָבן מיר דאָך זיך גע־פילט אָנמעכטיק קעגן זיין גרויס.

איך ווייס נישט אויף וויפיל אַנדערע, נאָר איך בין נישט איינמאָל שעהן אויף די טרעפּ אָפּגעשטאַנען און געוואַרט: אפשר וועט שיינדעלע דורכגיין. דאָס האַרץ ביי מיר האָט גע־קלאַפּט, איך האָב געבּענקט נאָך איר און יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט וועגן צו מיר גערעדט, איז פאַר מיר אַ גליק געווען. האָט אַן אנדער יינגל ביי שיינדעלען דאָס אָרט פון אַ חתן פאַרנומען, האָב איך אים אַזוי ווי אַלע פאַרפאַלגן נישט גע־קאָנט. צוליב שיינדעלען האָב איך זיך געפילט קליין קעגן אים און, פאַרקערט, זיך געזוכט דורך פאַרשידענע וועגן צו חברן מיט אים און זיין צוזאַמען.

*

און איינמאָל, גאָר אומגעריכט פאַר מיר אַליין, בין איך געוואָרן דער, וואָס האָט דאָס געפיל פון קנאה ביי אַלע איבע־ריקע אַרויסגערופן. איך בין אויף די טרעפּ געשטאַנען. דער חתן שיינדעלעס איז דעמאָלט געווען דוד, אַ יינגל פונם זעלבן הויף, וואָס האָט געהאַט אַ פאָטער אַ כּלי־זמר און אַליין אויך אויף אַ קליין פידעלע געשפּילט.

ווי האָט מיין האַרץ געקלאַפּט, ווען איך פלעג אים אין אָוונט זען מיט שיינדעלען גיין צו איר אין שטוב, טראָגנדיק דאָס פידעלע אונטער דער פאָלע! ער האָט קיינמאָל אונז קיין פּיק ביי דער סטרונע נישט געלאָזט טון. נאָר שיינדעלען האָט ער דאָס נאָכגעגעבן. ער איז געווען איר חתן.

נאָר דאָסמאָל, אַז איך האָב זיך מיט אים ביי איר אויף די טרעפּ באַגעגנט, האָט ער מיך געפרעגט, פאַרוואָס איך שטיי דאָ, און מיר איז אַ וווּנדער געווען, וואָס גייענדיק צו שיינ־דעלען אין שטוב, פּאַסט אים מיט מיר צו רעדן, און כ׳האָב געזאָגט מיט אַ מאָדנער אונטערטעניקייט אין טאָן:

— גייסט אַרויף צו שיינדעלען?

ער האָט מיר נישט געענטפערט און אין מיר האָט אַ צאַפּל געטאַן דער געדאַנק: אפשר איז שוין שיינדעלע מיט אים ברוגז? אין דערזעלבער מינוט איז שיינדעלע אָנגעקומען,

נאָר איך האָב גוט געזען, אַז זי האָט אפילו אויף דודן קיין קוק נישט געטון. דוד איז צעמישט געוואָרן. ער האָט נישט געוווּסט אין וועלכער זייט זיך צו וואַרפן, און טיף אין מיר האָב איך אַ מאָדנע צופרידנקייט דערפילט.

— שיינדעלע, קום נאָר! — האָט זיך דוד נאָך איר אַ לאָז געטון, נאָר זי האָט אים נישט געוואָלט ענטפערן. דאָס יינגל איז אַ בלייכער און צעמישטער געבליבן שטיין.

שיינדעלע איז פון די טרעפ אַראָפּ.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ווען שיינדעלע איז צוריק אַרויפגעגאַנגען, איז זי פּליצלונג צו מיר צו און צו זיך אין שטוב אַרויפגעבעטן, צו שפּילן אין לאָטאָ. איך האָב דער־פילט איר גוטמוטיקייט צו מיר, און לאַנג ביי דער שפּיל האָט מיין האַרץ געקלאַפּט. איך האָב שאַרף געהערט יעדן נומער, וואָס שיינדעלע האָט אויסגערופן, און באַמערקט, אַז זי רופט נאָר אין מיין זייט אַריין. עס זענען נאָך יינגלעך געווען, און זיי, פילנדיק שיינדעלעס גוטע באַציונג צו מיר, האָבן מיך עטלעכע מאָל באַשולדיקט אין פאַלשקייט, פון וועלכע שיינדעלע האָט מיך פאַרענטפערט און אויסגעוויזן מיין אומשולדיקייט...

געוווּסט האָבן שוין אַלע, אַז איך בין שיינדעלעס חתן און עפּעס אַ באַזונדערן אָנגענעמען שטאָלץ האָב איך דער־שפּירט אין זיך. לאַנג האָט עס געדויערט. שיינדעלעס מוטער האָט נישט איינמאָל, קוקנדיק אויף אונז, געשפּאַסט:

— דאָס איז אַ זיווג פון גאָט!

און ליב געהאַט האָט שיינדעלע, אַז אויף יעדן טריט האָב איך עס געקענט פילן. צי מ׳האָט זיך צוזאַמען געשפּילט, צי מ׳איז אין גאָרטן שפּאַצירן געגאַנגען, אומעטום האָב איך דעם וואַרעמען הויך פון שיינדעלעס ליבע געקאָנט פילן.

וואָס פאַר אַ ליכטיקע שבתים זענען דאָס געווען, ווען איך פלעג נאָכן עסן אין גאָרטן שפּאַצירן גיין, איך אין אַ נייעם אָנצוג אָנגעטון און געוואַרט, קוקנדיק ווי שיינדעלעס מאַמע פלעכט איר די רויזע סטענגעלעך אין די צעפּ אַריין

דערנאָך באַגלייט זי אונז מיט אַ פֿול שמייכלענדיק פּנים פֿון דער טיר אַרויס.

— גייט, קינדערלעך, נאָר היט אייך איבערן וועג, מ׳זאָל אייך, חלילה, נישט איבערפֿאָרן.

און גייענדיק האָט מען זיך געהאַלטן פֿעסט פֿאַר די הענט און שיינענדיקע, גליקלעכע זענען מיר צוריקגעקומען.

*

איינמאָל, ווען איך בין אין שטוב אַרויפֿגעקומען, האָבן זיך די מאַמע מיטן טאַטן געקליבן אין גאַס צו גיין. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זיי גייען אַ דירה זוכן.

געדונגען האָבן זיי די דירה אין אַ גאַס, וואָס איז ווייט פֿון דאַנען, און אין אַ וואָך אַרום האָט מען זיך געדאַרפֿט איבערקלייבן.

גלייך ווי דאָס וואָלט אונז קיין שום שטערונג נישט געקאָנט מאַכן, האָב איך מיט שיינדעלען דורך דער גאַנצער צייט נישט גערעדט דערפֿון, נאָר די יינגלעך פֿון הויף האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם און מיט אַ באַזונדערן טאָן מיך געפֿרעגט:

— עך וועט שוין דאָ נישט וווינען?

— ניין! — האָב איך געענטפֿערט, גלייך ווי כ׳וואָלט זיי געוואָלט דערמיט עפּעס להכעיס טון.

און ס׳איז געקומען דער טאָג פֿון ציִען זיך.

נאָך ביינאַכט, ווען איך בין שוין פֿון שיינדעלען געקומען, פֿריילעך און צופֿרידן פֿון אירע גוטע רייד צו מיר, האָב איך אין שטוב אַן איבערקערעניש געטראָפֿן. אַלץ איז פֿונם שטענדיקן אָרט אַוועקגענומען געווען, נאָר וואָס די בעטן זענען וויעס׳איז אויף אַן אָרט געשטאַנען.

— אַז די פֿור וועט קומען, באַלד מאָרגן אינדערפֿרי, איז דאָך גלייכער, כ׳זאָל איצט אַלץ איינפּאַקן, — האָט די מאַמע גערעדט צום טאַטן, וועלכער האָט שטענדיק געהאַט אַ טבע זיך נישט צו איילן און זאָגן: „כ׳האָב צייט". דערנאָך האָט זיך די מאַמע געווענדט צו מיר:

— נו, האָסט זיך שוין בעזעגנט מיטן הויף, מיט דײַנע חברים?..

די מאַמע האָט גערעדט אַזוי לײַכט, נאָר איך בין געוואָרן טרויעריק. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גרויסע, דער טאַטע מיט דער מאַמען טוען עפּעס אַלץ אַזעלכע נישט גלײַכע און אומפאַרשטענדלעכע זאַכן. וואָס וואָלט זיי געאַרט, אַז מען זאָל דאָ נאָך וווינען? נאָר לאַנג האָט מײַן טרויער נישט געדויערט, איך האָב זיך באַלד געפונען פאַרשידענע אַרבעטן, גראָד אַזעלכע, וואָס מ'האָט מיך נישט געהייסן: טראָגן אַ פּעקל, וואָס איז פאַר מיר צו שווער, אָדער אויפזוכן פאַרשידענע זאַכן, וועלכע איך האָב שוין לאַנג פאַרלוירן ערגעץ אונטער דער שאַנק, אָדער קופערט.

און אין דעם, אַז מאָרגן וועל איך שוין אינם הויף נומער 40 זײַן אַ פרעמד ייִנגל, און שײַנדעלען וועל איך שוין נישט קאָנען זען, ווען כ'וועל וועלן, האָב איך ווי אינגאַנצן פאַרגעסן.

ווען מ'האָט דאָס מעבל אויף דער פור אַרויפגעלאָדעוועט און די מאַמע האָט, געזעגענענדיק זיך מיט די שכנים, מיך געהייסן גיין אַ היים, האָב איך די ערשטע מינוט נישט פאַרשטאַנען: וואָס הייסט, כ'זאָל גיין אַ היים? און מיר איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שווער. איך בין אַרויף צו שײַנדעלען איר דערציילן, נאָר מיר האָט זיך געדאַכט, אַז שײַנדעלע איז פון מיר פרעמדער געוואָרן.

ווען שײַנדעלעס מאַמע האָט מיך דערזען, האָט זי געזאָגט:

— נו, וואָס טוסטו נאָך דאָ? פון אַזוי ווייט קומסטו אַהער?

נאָר איך האָב נישט פאַרשטאַנען, צי דאָס הייסט ווייט, כאָטש צו דער נײַער דירה האָט מען געדאַרפט גיין דורך אַ סך גאַסן. שײַנדעלע האָט מיך געפרעגט מיט אַ פרעמדער, אומעטיקער שטים:

— וועסט קומען אַהער אַלע מאָל?

— אוודאי וויל איך קומען.

— ווען, היינט?

— אוודאי...

נאָר די מאַמע האָט מיך שוין גערופן אויפן הויף, און אַזויווי אַלע מאָל, ווי כ'וואָלט נישט געדאַרפט אַוועקגיין פון דאַנען האָב איך פאַרלאָזן שיינדעלען.

אַרויסגייענדיק מיט דער מאַמען פונם טויער, איז מיר מאָדנע שווער געוואָרן אויפן האַרצן. איך האָב זיך שיער צע־וויינט. איך בין געגאַנגען מיט דער מאַמען ווי מיט אַ פרעמ־דער, יעדער טריט איז פאַר מיר געווען איבעריק. מיר האָט זיך געוואָלט ס'זאָל זיין וואָס נענטער צום הויז № 40.

כ'בין אַריין מיט דער מאַמען אינם הויף, וווּ אונזער נייע דירה איז געווען. ס'האָט מיר אַ שלאָג געטון די פרעמד־קייט. כ'האָב זיך דערפילט אַזוי עלענד, ווי אַ יתום, די שטי־בער זענען נאָך כמעט ליידיקע געווען. און יעדעס וואָרט האָט מיט אַ הוילן קלאַנג געענטפערט, אַז מיך האָט אַ קאַלטע שרעק אַרומגענומען. איך האָב פון פענסטער אַראָפּגעקוקט. פרעמדע מענטשן האָב איך געזען און אַלץ אַרום מיר איז פרעמד און קאַלט געווען.

— מאַמע, איך גיי אַהין, — האָב איך געזאָגט, שטיי־ענדיק ביי דער טיר.

— וואַהין?

— דאָרט, וווּ מיר האָבן געוווינט.

— וואָס ביסטו משוגע געוואָרן? — האט די מאַמע מיט פאַרוווּנדערונג אויסגעשריען, — ס'איז דאָך שוין נאַכט. וווּ ווע־סטו גיין אַזאַ מהלך וועג!

מ'האָט מיך נישט געלאָזן גיין, און די ערשטע נאַכט אין דער נייער דירה האָב איך קיין אויג נישט צוגעטון.

*

ס'פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע צייטן בין איך טאָג־טעג־לעך געקומען אויפן הויף פון דער אַלטער דירה. נישט איינ־

מאָל האָט זיך געטראָפן, אַז איך האָב פאַרגעסן און געגאַנגען אַרויף אין שטוב און אונטער דער טיר זיך ערשט דערמאָנט, אַז מיר וווינען שוין דאָ נישט. נאָר שיינדעלע האָט זיך שטאַרק געענדערט צו מיר.

איינמאָל, ווען איך האָב זי אויף די טרעפּ מיט אַנדערע יונגלעך פונם הויף געטראָפן, האָט זי מיך פּלוצלינג געפרעגט:

— נאָך וואָס ביסטו אַהערגעקומען?

און נאָכדעם האָבן מיר זיך שוין איבערגערעדט מיט פרעמ־דע, קאַלטע ווערטער, ווי מ'וואָלט זיך קריגן.

אַ צווייט מאָל, ווען איך בין געקומען, האָבן די יינגלעך פונם הויף, צווישן וועלכע ס'איז אויך שיינדעלע געווען, פון מיר אָפּצולאַכן אָנגעהויבן. איך האָב אַ קוק געטון אויף שיינ־דעלען און געוואַרט, זי זאָל מיך פאַרטיידיקן, נאָר שיינדעלע האָט מיט אַלע מיטגעלאַכט.

איך האָב דערפילט, אַז איך האָב שוין דאָ קיין מאַכט נישט. און צווישן מיר און שיינדלען שטייט אַ וואַנט — דער פרעמדער הויף.

— לאָמיר אים נישט אַריינלאָזן אין הויף! — האָט זיך אָנגערופן אַ יינגל, וואָס איז איצט, זעט אויס, געווען דער אָנפירער פון הויף.

— לאָמיר אים נישט אַריינלאָזן! — און אַלע האָבן זיך צו מיר אַ לאָז געטון, מיך פון טויער אַרויסצוטרייבן. דאָס איז זיי נישט גרינג אָנגעקומען, ווייל איך האָב מיט אַלע מיינע קרעפטן זיך אַקעגנגעשטעלט. נאָר דעמאָלט, ווען איך בין שוין אויף דער ערד געלעגן און מיין היטל ווייט פון מיר, (ביי די געשלעגן האָבן אַממייגסטן געליטן די היטלען,) איז שיינדעלע געשטאַנען לעבן מיר און גערעדט:

— גיי, גיי אַהיים, זיי וועלן דאָך דיך שלאָגן!

איך האָב האַסטיק אייפגעהויבן אַ האַנט געגן שיינדעלען, נאָר מיין האַנט האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן און איך בין, אַ

באַליידיקטער, מיט פאַרנעפּלטע אויגן פון טרערן, אַ'זעק פונם טויער...

*

ס'זענען אַריבער עטלעכע יאָר. כ'בין שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעכצן-זיבעצן, בין איך איינמאָל אין אַ זומערדיקן אָוונט דורכגעגאַנגען דאָס געסל און, צוקומענדיק צום טויער נר. 40 האָב איך זיך נישט ווילנדיק פאַרהאַלטן. מיך האָט אַ ציִ געטון אין הויף אַריין. מיר האָט זיך געוואָלט זען, צי אַלץ איז נאָך אַזוי ווי אַמאָל און צווישן צענדליקער אַנדערע דערינערונגען האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער געשיכטע מיט שיינדעלען.

באַטראַכטנדיק דעם הויף, וואָס האָט כמעט זיין פריערדיק אויסזען נישט פאַרלוירן, נאָר וואָס די ווענט פונם הויז זענען פריש געקאַלכט געווען, האָט זיך מיר פאַרוואָלט וויסן, צי שיינדעלע וווינט נאָך דאָרט. איך בין צוגעגאַנגען צו דעם הויז, וווּ זי האָט געוווינט, און דאָרט ביי דעם אַרויפגאַנג, וואָס איז געווען שוואַך באַלויכטן פון אַ קליין נאַפט-לעמפל, האָב איך געזען אַ קליינע גרופּע יינגלעך, צווישן וועלכע ס'איז אַ מיידל געשטאַנען. מיר האָט מאָדנע אַ צאַפּל געטון אַ געדאַנק: „אָך, ווען דאָס זאָל שיינדעלע זיין!" און צוגייענדיק נאָענט, בין איך איבערראַשט געוואָרן, — דערקענענדיק שיינדעלען מיט נאָך עטלעכע יונגלעך פונם הויף, מיינע אַמאָליקע חברים.

מיר האָבן זיך שנעל דערקענט און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען מיר געווען צוזאַמען.

מיר האָבן גערעדט, זיך דערמאָנט פאַרשיידענע סצענעס פון אַמאָל, פון די קינדער-יאָרן, וואָס מיר האָבן צוזאַמען אין דעם הויף דורכגעלעבט.

שיינדעלע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אינם טירל פונם הויז, די שיינע פולע הענט אויף דער ברוסט פאַרלייגט, מיטן זעלבן שטאָלצן בליק, וואָס אַמאָל, האָט זי אַלע יינגלעך אַרום זיך אָנגעקוקט. איך האָב געזען, אַז אַזוי ווי אַמאָל וויל יעדער פון די יינגלעך חן אין שיינדעלעס אויגן געפינען. די טיפע,ליידנשאַפט-

לעכע קנאה פון איינעם צום צווייטן האָט נישט אויפגעהערט און אויב איינער רויכערט פּאַפּיראָסן, אָדער נעמט אַלע מאָל אַרויס אַ שפּיגעלע מיט אַ קעמעלע פון טאַש, איז דאָס נאָר צוליב דעם, אַז ער זאָל געפעלן שיינדעלען.

מ׳האָט גערעדט וועגן דער צייט, וואָס איך בין געווען שיינ-דעלעס חתן. שיינדעלע האָט געלאַכט און איז געווען צו מיר פריינטלעך.

— נו, חתן-כלה! — האָט זיך אָנגערופן אַ ייִנגל, וואָס איז געווען צווישן אַלע דער וויצלער.

— מזל טוב!

אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט און אונז געלאָזן שטיין איינער קעגן אַנדערן. שיינדעלע האָט געלאַכט.

נאָר איך האָב נישט געלאַכט. עפּעס אַ מאָדנעם געפיל האָט אין מיר דער וויץ אויפגעהויבן. די ווארעמקייט פון שיינדעלעס אַמאָליקער ליבע האָט איבער מיר ווי אַ הויך געטון. איך בין ערנסט געבליבן, אַזוי אַז די ייִנגלעך האָבן פּלוצלינג צו לאַכן אויפגע-הערט.

טיף אין מיר האָב איך דערפילט, אַז איך בענק נאָך שיינ-דעלען, נאָך אירע גוטע רייד, נאָך דעם שטאָלץ צו זיין איר חתן. זי האָט געלאַכט און איר פולע שלאַנקע פיגור האָט זיך געטרייסלט פון געלעכטער. ווי אַ פרישער, שמעקענדיקער שטראָם וואָלט אויף מיר אָנגעשווימען, — האָב איך דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן.

ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אַז שיינדעלע זאָגט מיר נישט „דו", און דאָס האָט מיר וויי געטון און געדריקט, ווי אַ שטיין וואָלט אויפן האַרץ געלעגן.

— אָט איז דאָ לעאָן! — האָט שיינדעלע פּלוצלינג אויס-געשריגן און זיך האַסטיק אַ בויג געטון אין אַ זייט, פון וואַ-נען ס׳איז אָנגעקומען אַ ייִנגל לעאָן. איך האָב אים דערקענט— אויך פונם זעלבן הויף. ער איז אויך איינער פון מיינע אַמאַ-ליקע חברים. מיר האָבן זיך די הענט געגעבן, נאָר באַלד האָט אים שיינדעלע אַ רוף געטון.

— לעאָן, קום אהער! — און זי האָט אים אַן אָרט לעבן

זיך געוויזן. פונם ערשטן בליק האָב איך געזען, אַז שיינדעלע איז מיט לעאָנען נעענטער ווי מיט אַלע. און דאָס זעלבע אַמאָליקע געפיל פון קנאה האָט אָנגעפילט מיין האַרץ.

*

מיר זענען אַלע פאַרן טויער אַרויס שפּאַצירן געגאַנגען. שיינדעלע האָט זיך אויף קיין מינוט נישט אָפּגעטיילט פון לעאָנען.

ערשט שפּעטער, ווען מיר זענען שוין פאַרן טויער געשטאַנען, האָט זיך שיינדעלע געווענדט צו מיר:

— נו, וואָס מאַכן זי?

— „וואָס מאַכן זי" — דאָס האָט מיר אַזוי פרעמד אָפּגעקלונגען, איך האָב געענטפערט:

— שיינדעלע... פאַרוואָס זאָגט איר מיר נישט „דו"?

זי האָט מיך אַ פּאָר מינוט אָנגעקוקט און נישט געענטפערט. איך האָב אויסגענוצט די מינוט, וואָס קיינער איז לעבן אונז נישט געשטאַנען, און ווייטער גערעדט:

— שיינדעלע... געדענקסט, ווי מיר האָבן זיך ביידע ליב געהאַט, ווי מיר האָבן אַלע מאָל אין גאָרטן שפּאַצירט... שיינדעלע! — איך האָב געפילט, ווי אַ היץ האָט מיך באַשלאָגן.

שיינדעלע האָט געקוקט אויף מיר און געשוויגן.

— שיינדעלע... געדענקסט? — האָב איך געמורמלט.

און צאַרט זי ביי דער האַנט אָנגענומען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אייביק וואָלט איך אַזוי געקאָנט שטיין לעבן איר.

נאָר באַלד האָבן שיינדעלעס אויגן אַ פינקל געטון, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. זי האָט מיין האַנט אַ דריק געטון און געזאָגט:

— באַלד... וואַרט אַ פּאָר מינוט... אָדער ניין, קום מיט אונז, דאָ צום צווייטן טויער.

— וואָס, שיינדעלע.. זאָג מיר שוין. — האָב איך זיך אַ לאָז געטון נאָך איר.

— ניין, ווײַסט באַלד זען, קום מיט אונז, קומט! — איז זי צוגעגאַנגען צו אַלע און מיר אַלע זענען צוגעגאַנגען צום צווייטן טויער.

שיינדעלע איז פאַרשוווּנדן און מיר אַלע האָבן געוואַרט אויף איר. ביי מיר האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט.

— וווּהין איז שיינדעלע געגאַנגען? — האָב איך גע־פרעגט ביי די איבעריקע.

— זי האָט דאָ אַ חברטע! — האָבן זיי געענטפערט.

צענדליקער געדאַנקען וועגן דעם, וואָס שיינדעלע וועט מיר זאָגן, האָבן זיך געטראָגן אין מיין מוח.

נאָר אָט איז שיינדעלע פונעם טויער אָנגעקומען, מיט איר — אַ מיידל, אין אירע יאָרן. די בלויע אויגן אירע האָבן געלאַכט, און אירע קורצע, גאָלדענע האָר האָבן זיך אומרויִק געלאָקט אויף איר שטערן. זי איז צוגעקומען צו אונז. שיינדע־לע האָט אונז פאָרגעשטעלט.

— אַנדזשאַ זילבערשטיין! — האָט דאָס מיידל ווי אויס־געזונגען מיט אַ דין זילבערן שטימעלע.

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אירע בלויע אויגן, נאָר איך האָב געקלערט דערפון, וואָס שיינדעלע וועט מיר זאָגן.

שיינדעלע האָט אַ קוק געטון אויף מיר און זיך געווענדט צו אַלע:

— גייט אַלע, איך וועל באַלד צו אייך צוקומען. איך דאַרף רעדן אַ פּאָר ווערטער מיט אים, — זי האָט אָנגעוויזן אויף מיר. איך האָב זיך אָפּגערוקט פון אַלע, כּדי מען זאָל נישט הערן, ווי עס קלאַפּט מיין האַרץ.

כ'בין אַליין מיט שיינדעלען געבליבן. זי האָט אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— נו, האָסט געזען דאָס מיידל?

— וואָס פאַר אַ מיידל, שיינדעלע?

— דאָס מיידל אַנדזשאַ... זי געפעלט דיר?

— וואָס איז דען?

— זי וועט זיין דיין כּלה, גוט?

און נאָך איידער איך האָב איר עפּעס געענטפערט, איז זי אַוועק צו די איבעריקע. כ'האָב נישט באַנומען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען לעבן זיך אַנדזשען. זי איז געשטאַנען, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און אירע בלויע אויגן האָבן אַפּער:עקוקט אויף מיר, ווי זי וואָלט מיך געפאָרשט.

מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו רעדן צו איר.

— זי גייען? — האָט זי געפרעגט. מיר זענען געגאַנגען. מיר האָט זיך געדאַכט, אז זי לאַכט.

איך בין געגאַנגען שנעל און נישט באַמערקט, אַז זי איז עפּל:כע טריט הינטער מיר.

שיינדעלע מיט די איבעריקע יינגלעך זענען נישט ווייט פון אונז געשטאַנען. מ'ר זענען צוגעקומען צו זיי. שיינדעלע האָט אויף אונז ביידע אַ קוק געטון. איך האָב געשוויגן און געקוקט אויף שיינדעלען. זי איז צוגעגאַנגען צו אַנדזשען. זי האָט איר געזאָגט עפּעס אויפן אויער און דערנאָך עפּעס געפרעגט. דאָ האָט אַנדזשע אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ! ער אַנטלויפט... ער רעדט גאָרנישט, כאַ־כאַ!...

זי האָט זיך אין אַ הילכיק געלעכטער צעוויגט. ביסלעכווייז האָט דאָס געלעכטער אַלע ארומגענומען; אַלע האָבן געלאַכט — שיינדעלע, אַנדזשע און אַלע יינגלעך — נאָך זיי.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס לאַכט מען פון מיר און מיט אַ פאַרדריקט האַרץ פון שאַנד און בענקשאַפט נאָך שיינדעלען בין איך פון דער גאַס אוועק.

# מאַריאַנאַ

ביי מאַריאַנען אין קיך איז שטענדיק געווען ריין. קוים וואָס עס האָט זיך געפילט דער ריח פון רוי פליישׁ אויסגע־מישט מיט פייכטער ערד פון די קאַרטאָפל, וואָס מען ברענגט אַרויף פון קעלער.

די העל־באַלויכטע ווענט זענען געדיכט באַהאַנגען געווען מיט בלאָנדע מלאכים, מיט פאָטאָגראַפיעס פון פאַרשידענע חבר־טעס, וואָס זענען געשטאַנען צו צוויי מיט טיכלעך אין האַרטע, גלייך אַראָפּגעלאָזענע הענט. אויף די ווענט האָבן אויך געהאַנ־גען שפּיגעלעך מיט פּאַפּירענע פּעכערס, פּלאַקאַטן פון זייף און פּערפומען.

מאַריאַנאַ איז שוין אויף דער זעלבער שטעל פופצן יאָר און פאַר דער גאַנצער צייט האָט זי נאָר איינמאָל געוואָלט אַוועקגיין, דערפאַר וואָס ס'האָט געפעלט וועש פונם בוידעם און עמיצער האָט געזאָגט, אַז זי האָט עס אַוועקגעגעבן סטעפאַנען, דעם סטרוזש פונם הויף. די באַליידיקונג האָט זי לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן, און נאָך ביז היינט רופט זי ציגאַנקעס און גייט צו טרעפערקעס, כּדי צו דערגיין, ווער ס'האָט דאָס וועש געגנבעט.

מאַריאַנאַ איז דיק, קורץ און קײלעכדיק, זי האָט אַ רויט פּנים מיט פּאָקן־גריבעלעך, ווי די הויט פון אַ פּאָמעראַנץ. זי האָט קלוגע בלויע אייגעלעך מיט סתם גרויסע ציין, וואָס קריכן איי־נער איבערן אַנדערן.

זי האַלט זיך זייער ריין און אירע קרעטאָנענע, האַרט־

געפּרעסטע קליידלעך פֿאַלבען מיט אַ וואַרעמען ריח פֿון זייף, וואָס מען פֿילט אין אַ באָד.

זי איז אַ פֿרומע, און האַלט נישט פֿון די שקצים, וואָס בלאָנקען זיך אַרום ביי די טויערן, זי רופֿט זיי: „וולוטשענגעס“ און וויל זיך מיט זיי נישט באַגעגענען.

אַ סך אַזעלכע האָבן איר שוין נישט איינמאָל פֿאַרצוימט דעם וועג ביזן צווייטן שטאָק און איר געשווירן אייביקע ליבע, אָבער מאַריאַנאַ האָט זיי אַראָפּגעיאָגט מיט אַ געשריי און געסטראַשעט מיט פּאָליציע.

— איך דאַרף נאָך האָבן די „גאַלאָפּיפּקעס“ זאָלן זיך מיר זיך דאָ אַרומדרייען, טאָמער דאַרף מען נאָך באַגנבענען —

זי האָט אויך נישט געהאַלטן פֿון די נייע סאָלדאַטלעך, וואָס האָבן זיך באַוויזן מיט די קריינדלעך, מיט די געקנייטשטע היטעלעך.

— דאָס איז אַלץ נישט — האָט זי געטענהט — איך האָב ליב אַ מענטש אַ פּאָוואָזשנע, אַ „מענשטשיזנע“, „דאָ באָגאַ אי דאָ לודזשי“.

*

זנטיק האָט מאַריאַנאַ שפּאַצירט מיט איר חבֿרטע סטעפֿאַניאַ, אַ פֿרומע שיקסע, אַ הינקענדיקע, וואָס האָט זיך אויסגעכאָוועט אין אַ קלויסטער.

זי איז אויך שוין געווען אַן עלטער מיידל און האָט שוין נישט געגלויבט אין איר גליק, דערפֿאַר האָט זי שטענדיק געהאַט צו טון מיט זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן טויט. דאָ האָט זיך איר געחלומט אַ „שלוב“, דאָ האָט זי געזען אַ „טרומנע“ מיט זעקס און דרייסיק גלחים. עפּעס האָט זי געהאַט אינם פּנים די געלקייט פֿון וואַקסענע „קאָשטשאָל-ליכט“ און געטראָגן אַ שוואַרץ לאַנג קלייד, אַ שווערס, וואָס האָט דאַכט זיך געהינקען צוזאַמען מיט איר.

מאַריאַנאַ האָט זיך געחבֿרט מיט איר. זיי האָבן זיך געגעבן די הענט, מיט אַ שבֿועה צוזאַמען צו שטאַרבן.

מיט אַמאָל האָט זיך אָבער באַוויזן פאַן יאַנקאָווסקי. גע־קומען איז ער סאָליד, אָרנטלעך, באַשיידן, אַזויווי עס פּאַסט פאַר אַ „סטאַטעטשנעם פּאָזשאַרניק", וואָס האָט שוין געזען קעגן אויף זיין לעבן.

אמת ער האָט זיך טאַקע באַקאָנט מיט מאַריאַנען אויף דער גאַס, ווען זי איז געגאַנגען פון „מאַנגל" מיט אַ פּאַק וועש. אָבער מאַריאַנע האָט באַלד דערזען, אַז דאָס איז נישט קיין „סמאַרקאַטש", קיין „בלאַגאָוש", קיין „גאָלאָפּיפּעק".

ער האָט באַלד אויפן אָרט באַזיגט מאַריאַנעס האַרץ, און עס באַלד אָנגעפילט, גלייך ווי מאַריאַנעס האַרץ וואָלט געווען אַ פאַרגעבריַיטע רעם פאַר זיין בילד.

פאַן יאַנקאָווסקי האָט זיך באַוויזן אין דער קיך צום ערשטן מאָל אין זיין גאַנצער פּראַכט. ער האָט געגלאַנצט פון די שטיוול ביז צו דער קופּערנע קאַסקע. ער האָט זיך אַ שטעל געטון, אַ שאַר געטון מיט א פוס, אַ דריי געטון די שוואַרצע, קינ־ציק-געדרייטע וואָנסן מיט אַ „דאָברי וויעטשור פּאַננאַ מאַריאַנאָ", אַז די קיך האָט אויפגעלעבט, גלייך עס וואָלט דאָרטן ליכ־טיקער געוואָרן, אַפילו די בעלי־הבתים האָבן באַוווּנדערט די סאָלידקייט פונם פאַן יאַנקאָווסקי. ווען ער האָט דערזען וועמען פון דער שטוב, וואָס איז מיט אַן אויסרייד אים אָנצוקוקן אַריינגעגאַנגען אין קיך אריין, האָט ער זיך אויפגעהויבן, אַ שאַר געטון מיטן פוס מיט אַ הויכן „דאָברי וויעטשור".

מאַריאַנען האָט געפאַנגען זיין גרויסע מענערישע פיגור, זיין לאַנגזאַמער, סטאַטעטשנער שפּאַן פון אַ מאַן, וואָס האָט שוין אַ סך געזען אויף זיין לעבן. אויך איז איר געפעלן דאָס וואָס ער האָט שוין אויסגעזען צו זיין אַלט אַ יאָר 50. אָבער אַממיינסטן האָט זי צוגעצויגן דאָס, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר גרויסע, שוואַרצע, געדיכטע קונציק-געדרייטע וואָנסן:

— אָט אַ פּאָר וואָנסאָלעס אַזוי ווי אַ שוואַרצער וואַלד! — האָט מאַריאַנע געזאָגט. זי איז געוואָרן רויט ווי באָרשט. אַלע זיינע מעשענע קנעפּ האָבן געשפּילט ביי איר אין די אויגן, און אַלץ איז איר געפאַלן פון די הענט.

געקומען איז ער דריי־פיר מאָל דורך דער וואָך, אָפּגע־זעסן עטלעכע שעה און שטיל גערעדט מיט מאַריאַנען. די בעל־הבתים האָבן מאַריאַנען נישט געוואָלט שטאַרק באַלעסטיקן, ווען דער פּאַן יאַנקאָווסקי איז געזעסן אין קיך. זיינע וואָנסן האָבן אַרויסגערופן אַ באַזונדער אַכטונג.

אַזוי פלעגט ער אָפּזיצן עטלעכע שעה און שטיל שמועסן מיט מאַריאַנען.

ער פלעגט אַלץ רעדן פון פיינע סטאַטעטשנע זאַכן, דריי־ען די פיינע וואָנסן, און אַ זאָג געטון: „פאָ לוצקו".

— אַלס בענטשלעכקייט, דאַרף אַ מענטש זיין וויכאָוואַנע — אַ מענטש דאַרף דעם צווייטן מענטש העלפן. אָט אַז איך גע־פין ביי אַ שרפה אַ בייטל מיט געלט, דאַרף איך עס אָפּגעבן. נישט מיין זאַך, אָט ווי אַ מענטש דאַרף זיין.

מאַריאַנע האָט געשפּילט מיט אַלע פאַרבן, און האָט שוין אָנגעהויבן אַריינצוטראָגן טיי אָן לעפעלעך אָדער צוגע־ברענטע מילך.

*

אָבער גיך האָט זיך דער שיינער חלום פאַר מאַריאַנען געענדיקט, ס'זענען אַוועק די גאָלדענע וויזיעס פון אַ „שלוב", ווי זי שטייט פאַרן „אָלטאַרזש", און עס שפּילן די אָרגאַנגעס, ווי אַן אַלטער גראָער „קסיאָנדז" רעדט עפּעס און אַ פּאָר שוואַרצע אויפגעדרייטע וואָנסן הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ און באַסעווען: „טאַק" „טאַק"!

אָט די אַלע וויזיעס, וואָס זענען אָנגעשוווּמען, זענען געווען אַזוי גוט, ווען די העגט זענען געבליבן ווייקן אין דער שיסל וואַרעם וואַסער ביים וואשן דאָס געפעס. דאָס אַלעס איז אַוועק, און געשען איז עס שוין דעמאָלט, ווען אין שטוב האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז אין אייגעם פון די באָענטסטע זונ־טיקן דאַרף זיין דער „שלוב".

דער פּאַן יאַנקאָווסקי איז שוין געקומען אַלע אָוונט, און האָט זיך שוין געהאַלטן פריי, מעשה חתן. ער איז שוין גע־

זעסן אויף מאַריאַנעס בעטל, האָט שוין הויך און פריי, געזופט די טיי, און האָט שוין אַפילו אויפגעקנעפּלט דעם הויכן שטייפן קאָלנער פון מונדיר.

ביי די בעלי־בתּים אין זאַל זענען געווען געסט, און מאַריאַנע איז געלאָפן הין און צוריק איבער די צימערן:

— „זאַראַז" — האָט זי אַלע מאָל אַ וואָרף געטון, ווען זי איז דורכגעגאַנגען פאַרביי איר בעטל, ווי דער פאַן יאַנ־קאָווסקי איז ברייט געזעסן.

— „זאַראַז פּשיוּע".

און שוין האַלטנדיק די טאַץ מיט די גלעזער טיי, האָט זי זיך אָנגעבויגן, און כּדי דעם חתן זאָל נישט זיין אומעטיק צו וואַרטן, האָט זי אים איבערגעלאָזן אַ לאַנגן און שטאַרקן קוש, אַז די גלעזער האָבן אָנגעהויבן טאַנצן און שרייען. דער־נאָך איז זי מיט אַ צעשטראַלט פּנים, אין וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע גלעזער מיט אַלע לעפעלעך פון דער טאַץ, אַריין אין זאַל צו די געסט. אָבער ווי נאָר זי איז אַריין אינם ליכטיקן זאַל, האָט זיך די בעל־הביתטע אַ הויב געטאָן פון איר אָרט מיט געשריי:

— מאַריאַנאָ!

אַלע געסט האָבן זיך אַ וויג געטון און אַ געלעכטער האָט פאַרקלונגען דעם גאַנצן זאַל.

מאַריאַנען האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ, זי איז שטיין געבליבן ווי געליימט מיט דער טאַץ אין דער האַנט, מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן.

אַלע זענען שוין געלעגן אין אַ דין שפּיציק געלעכטער, און נאָר דער קליינער „לאַלעק", דער ייִנגסטער פון דער שטוב, איז צוגעלאָפן צו מאַריאַנען און שטופנדיק איר אַ פינגער אונ־טער דער נאָז, אַ געשריי געטון:

אָ, „מאַש וואָנסי", „וואָנסי".

ערשט דעמאָלט האָט מאַריאַנע אַ שטעל געטון אויפן טיש די טאַץ, און אַ לויף געטון אין צווייטן צימער צום שפּיגל. די ערשטע מינוט האָט זי גאָרנישט געזען. ס'האָט איר

נאָר געפינטלט פאַר די אויגן, אָבער באַלד האָט זי אַלעס פאַר־שטאַנען.

קרום אונטער דער נאָז ביי איר, אויף דער גאַנצער ברייט פון דער אויבערשטער ליפּ איז געלעגן אויסגעלייגט אַ שוואַרצע, פאַרדרייטע וואָנסע.

מאַריאַנע האָט איצט אין שפּיגל אויסגעזען ווי אַ מאַנס־פּאַרשוין, וואָס קליינע קינדער ריסעווען אויף קאָרטן.

ווי א פייל פון בויגן, איז זי אַריינגעלאָפן אין קיך. זי האָט זיך ווי אַ משוגענע אַ שטעל געטון, מיטביידע הענט אָנגעשפּאַרט אָן די באַקעס, און אַ קוק געטון צו פאַן יאַנ-קאָווסקין אין פּנים אַריין, וואָס האָט איצט אויסגעזען, משונה־דיק ווילד, מיט איין פאַרדרייטע, שוואַרצע וואָנסע אויף איין האַלבער זייט פּנים.

— „ווינאָשיטש שיען" — האָט מאַריאַנע א געשריי געטאָן.

— „וואָן סטאַרי בלאַגאַרזשו!"

זי האָט געכאַפּט די באַרשט און געקלאַפּט אָן דער פּאָד־לאָגע – „ווינאָשיטש שיען!"

אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן די אָפּגע־קלייבטע וואָנסע, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי א מייזל, און שאָק־לענדיק מיט איר לעבן דעם פאַן יאַנקאָווסקיס פּנים, האָט זי געשריגן:

— אָט זעט מענטשן דעם „כראַביע", וואָס האָט זיך צו־געקלעפּט אַ פּאָר וואָנסעס אויסצוזען „פּאַוואַזשנע"! אַ אומפאַר־שעמטער מענטש! און אַזא מענטש האָב איך אַריינגעלאָזט אין שטוב! גיי, גיי, צו די מיידן, וואס דרייען זיך אַרום אויף דער גאַס!

נאָר דער פאַן יאַנאָוסקי איז שוין נישט געווען.

*

פון יענעם אָוונט אָן, האָט שוין מאַריאַנע נישט געוואָלט

הערן פון קיינעם, זי האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן און האָט אַלץ געטענהט:

— אַזאַ אויסוואורף, קומט אַריין מיט אַ פּאָר וואַנסאַלעס אַזוי ווי אַ „דזיעדזיץ", גיי, ווייס, אַז דאָס איז צו־געקלעבט, אָהאָ, ביי מיר גייען נישט אַזעלכע זאַכן!

און איר חברטע סטעפּאַניע ענטפערט איר מיט אַ ניגון פון אַ זאָגערין:

— אָ, מען טאָר זיי נישט גלויבן, יעדער פון זיי טראָגט אַ מאַסקע, און מיינט נאָר צו טון שלעכטס, מיין קינד;

# ד ע ר  פ ל י ע ר

נישט־יידן, וואָס האָבן פֿיינט יידן, ווייזן זיך אונז אויס ווילדע, שרעקלעכע מענטשן, וואָס זענען פֿעיק נאָר שלעכטס צו טון, גלייך ווי נישט ליב האָבן יידן איז עפּעס אַן אומנאָרמאַלע זאַך. אויך דוכט זיך אונז אויס, אַז אַזעלכע מענטשן פֿאַרנעמען זיך מיט מער גאָרנישט, ווי מיט פֿיינט האָבן יידן.

ווען מיר זיצן אין אַ וואַגאָן, אָדער אין אַ לאָקאַל דוכט זיך אונז אויס, אַז אַזאַ איינער פֿאָרט נאָר צוליב דעם, כּדי פֿיינט צו האָבן יידן, גלייך ווי דער נישט־ייד, וואָלט נישט געהאַט קיין אַנדערע געדאַנקען, קיין אַנדערע אינטערעסן.

און ווען מיר הערן אַ געשפּרעך צווישן עטלעכע אַזעלכע נישט־יידן, ווען זיי רעדן וועגן געשעפֿטן, וועגן אַ פֿאַבריק, אָדער וועגן כאַפּן פֿיש, דוכט זיך אונז, אַז דאָס אַלץ איז ביי זיי נישט דער עיקר. דער עיקר איז דאָס פֿיינט האָבן יידן.

און ווען איך פֿאַל אַריין אין אַ וואַגאָן, וווּ עס זיצן בלויז אַזעלכע שרעקלעכע נישט־יידן, בין איך שוין גרייט אויף דעם ערגסטן. וואָס זאָל מען טון? אַז ס'איז פֿאָרט נישטאָ קיין איין ייד? זעץ איך מיך אַוועק און זיץ, און ווען איינער פֿון די נישט־יידן בעט דעם צווייטן זיך אַ ביסל אָפּרוקן און דער צווייטער ענטפֿערט אים בייז, אַז דאָ איז אַן אָרט נאָר פֿאַר פֿיר פּערזאָן, פֿאַרשטיי איך נישט, פֿאַרוואָס ער בייזערט זיך נישט אויף מיר, איך בין דאָך אַ ייד, און דעם כּעס דאַרף ער דאָך נאָר צו מיר אויסלאָזן.

*

דער צוג שטייט גנְך. אלע זענען פרעמד און, דאכט זיך' בייז, אויף דער עק באַנק זיצט א יונגער פּאָליאַק מיט אַ יונגער פרוי, זי קוקט אויף אים מיט פּאַרליבטקייט, ער קוקט אַריין אין אַ צייטונג, ער איז א בלאָנדער און זעט אויס צו זיין א לערער פון אַ פּראָווינצער אָנפאַנגס־שולע. לעבן אים זיצט א מאן מיט א פרוי מיט צווי קינדער, די קינדער קריכן אויף זייערע קניען און עסן. קעגנאיבער זיצן צוויי פּויערטעס מיט גרויסע צלמים אויף די העלזער, א סאָלדאט, אן עלטערער, דיקער הער מיט אַ גרין קינדעריש קאַפּעליושל מיט א פעדער, מען זעט באַלד, אז ער איז אן אייגנטימער פון אַ יעגער־ביקס, וועלכע שטייט טאַקע לעבן אים.

דער פינפטער בין איך, ס׳איז א ביסל ענג. ווייל די באנק איז נאָר פאר פיר פּערזאָן, אָבער קיינער זאָגט גאָרנישט.

די טיר עפנט זיך ברייט, און עס באַווייזט זיך א גערונטער. האלב־שטאָטישער, האלב־דאָרפישער מענטש. איבער זיין אקסל איז איבערגעצויגן א פאסעק, אויף וועלכן עס הענגט א גרויסע פושקע, ער האלט אין איין האנט א שטיק קישקע, אין דער צווייטער — א פיידע ברויט און שרייט קייענדיק:

— זייט מנדב אויף צו בויען אַ קאָשטשיאָל!

ער דערלאַנגט אַריין די פּושקע צו די קריסטן, אָבער אַלע לאָזן אראָפּ די קעפּ, און אַפילו די פּויערטעס, וואָס האָבן זיך צום ערשטן אַ כאַפּ געטון, בלייבן אויף רויק, קיינער גיט גאָרנישט, און ווען דער פּושקע־מענטש פּרווט אַריינשטעלן אַ קני אין דער ענגשאַפט צווישן די בענק, הויבט מען אָן פּראָטעסטירן:

— דאָ איז נישט קיין אָרט אויף צו קלויבן נדבות.

— ס׳איז אַזוי אויך ענג.

— פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ.

דער מענטש מיט דער פּושקע באַליידיקט זיך נישט, פאַרמאכט די טיר און גייט אַוועק קייענדיק.

נאָר אָט האָט זיך די טיר געעפנט און אויף די טרעפּ־לעך הויבט זיך אַרויף אַ יונגערמאַן מיט אַ לאַנגער נאָז, אויף וועלכער עס האַלטן זיך אַ פּאָר ברילן מיט אַ לאַנג שוואַרץ שנירל. ער שטעקט אַריין דעם קאָפּ און וואַרפט אַריין מיט דער עלעגאַנץ פון אַ וויל־קענער:

— „פּאַנאָוויע“, צי איז דאָ אַ פּלאַץ?

די לאַנגע נאָז, מיט די ברילן, מיטן שוואַרצן שנירל, די ציגענע שטימע, וואָס האָט זיך געסטאַרעט צו זיין באַסיק, איז קיינעם נישט געפעלן געוואָרן, און דער ערשטער פון דער באַנק, דער, וואָס האָט געשיינט צו זיין אַ לערער פון אַ פּראָווינצער אָנפאַנגס־שולע, האָט אונטער דער נאָז אַ זאָג געטון:

— דאָ איז שוין פול.

דער בחור האָט זיך אויפגעהויבן אויף נאָך איין טרעפּל האָט אריינגעשטעקט זיין נאָז מיט די ברילן און האָט געפונען אַז ס'איז נאָך דאָ וואו זיך אַריינצוזעצן. אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן א איראָנישער להכעיס־שמייכל, און ער האָט אַזוי זיך, צו קיינעם נישט און צו אַלע, אריינגעזאָגט:

— עס וועט זיך נאָך געפינען.

און אין זיינע הענט זענען אויסגעוואַקסן דריי שפּאָרע פּעקלעך.

אַלע האָבן געשוויגן.

*

דער בחור האָט גענומען אַרויפלאַדעווען זיינע פּעקלעך איבער די בענק אויף די פּאָלקעס. ער האָט זיך געדרייט אין דער ענגשאַפט אַזוי ווי אַ פויגל אויף אַ צווייגל, אין יעדער זייט אַריינגעשיקט אַן איידעלן „פּשעפּראַשאַם“. אַ פּאָר מינוט איז ער געשטאַנען און ביסלעכוויז זיך אַריינגעזעצט צווישן די צוויי פויערטעס מיט די גרויסע צלמים אויף די העלזער, קעגנ־איבער דער יינגער פרוי מיט די פאַרליבטע אויגן.

דער צוג האָט געריירט. פאַר דעם פענסטער האָבן זיך

אָנגעהויבן דרייען שטיקלעך פעלד, פּלויטן, ביימער, אונטער־שטאָטישע הייזער, מיליטערישע געביידעס, „קאַשאַרן".

די פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעהויבן אַרויסנעמען צייטונגען, זיך מאַכן באַקוועמער און גײַשווייגן.

דער ייִנגערמאַן מיט די ברילן איז געזעסן מיט אַן איידל־לייכט שמייכלדיק פּנים און געגלאַנצט מיט די ברילן. ער איז געזעסן דער פינפטער אויף דער באַנק און האָט ווי געהאָנגען אין דער לופט, צווישן די צוויי פּויערטעס.

ער האָט אָבער אייניזיצן נישט געקאָנט. עפּעס האָט אים געפּעלט. ער האָט זיך אַרויסגעבויגן פונם אָרט, און געבליקט צום פענסטערל. עפּעס האָט זיך אים געוואָלט זאָגן, מ'האָט דער־קענט אָן די צאַפּלדיקע ווינקלען פון זיין מויל, אַז ער וואָלט געוואָלט עפּעס רעדן.

איך בין געווען איין ייד אין קופּע און קוקנדיק אויף די שווייגנדיקע נישט-יידן האָט זיך מיר נישט געוואָלט הערן דעם בחור מיט די ברילן.

אָבער אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט זיין ציגנשטימעלע, געווענדט צו די פּויערטעס; זיין יידישער אַק־צענט האָט שלעכט קאָפּירט דעם פּויערשן דיאַלעקט.

— וואַהין פאָרט איר, „מאַמעלעך"?

אַלע האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. די פּויערטעס האָבן אַ מינוט אָפּגעשוויגן און איינע האָט מיטאַמאָל הויך און שנעל גענומען דרייען מיט דער צונג:

— „מאַמעלעך"... „מאַמעלעך"... וואָס פאַר אַ מאַמעלעך זענען מיר דיר?... וווהין מיר דאַרפן – פאָרן מיר... זיץ דיר רויק, קיינער פרעגט דיך נישט...

איך ווייס נישט פאַרוואָס איך בין רויט געוואָרן און מיר האָט זיך פאַרוואָלט, מען זאָל מיך נישט זען.

דער בחור האָט אָבער געשמייכלט, און ווען ס'איז צוריק שטיל געוואָרן, האָב איך באַלד אין זיינע אויגן דערזען דאָס זעלבע זוכן עפּעס צו זאָגן.

דערווייל האָט זיך די יינגע פרוי צוגעבויגן צו איר

מאַן, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ לערער און מיט פאַר־ליבטע אויגן געזאָגט:

— זע, יוזעף, וואָס איז עס דאָרטן אויפן פעלד?

דער בלאָנדער קריסט האָט אַוועקגענומען די אויגן פון דער צייטונג, אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערן, האָט זיך ווידער דערהערט דאָס ציגענע שטימע־לע פון דעם בחור:

— דאָס זענען די „קאָשאַרן" פון דער שווערער אַר־טילעריע...

דאָס יינגע פּאָר איז רויט געוואָרן, און די פרוי האָט שוין מער נישט געוואָלט פרעגן.

*

ס'איז געווען שטיל אומהיימלעך שטיל.

דער עלטערער הער אינם גרינעם קאַפּעליוש האָט אָפּ־געמאָסטן דעם בחור מיט אַ לאַנגן בליק, ער האָט געוויס איצט געקלערט וועגן זיין ביקס, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים.

דער בחור האָט זיך אויך, זעט אויס, דערפילט אַ ביסל נישט היימלעך. ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און פלוצלינג זיך געווענדט צו מיר אויף פּויליש:

— ס'ווערט נמאס צו זיצן אַזוי... אַ?

איך האָב אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר נישט גע־פינענדיק וואָס, האָב איך נישט געענטפערט. דעמאָלט האָט ער זיך זייטיק אויסגעדרייט צים פענסטערל און אָנגעהויבן אונטער־זינגען עפּעס אַ לייכט קופּלעטל פון דער אָפּערעטקע.

דאָס האָט אים אָבער נישט באַפרידיקט און מיטאַמאָל האָט ער דערזען צוויי קינדער, וועלכע האָבן זיך לעבן אים געשפּילט. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו זיי און געפרעגט:

— ווי רופט מען דיך?

איין קינד האָט אים ווילד אָנגעקוקט און שטיל פאַרשעמט געענטפערט:

— יו—לעק...

— ווהין פאָרסטו?

— קיין לובלין...

— מיט ווען פאָרסטו?

דעמאָלט האָט זיך דערהערט די אויפגערעגטע שטים פון דער מוטער:

— יולקי, קום אהער!

*

דער צוג איז געלאָפן איבער פעלדער און וועלדער. איך בין געזעסן אויף מיין אָרט. מיט דעם רוקן צו מיר איז געשטאַנען דער בחור און פאַרשטעלט מיט זיך דאָס פענסטערל. איך האָב געקוקט אויף זיין שמאָלער פלייצע מיט די דינע פיסלעך, וואָס זענען אומגעדולדיק געשטאַנען אויף אַ קליין שטיקל אָרט, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט ערגעץ אַוועקטראָגן.

עפּעס אין זיין גאַנצן שמאָלן וועזן מיט דעם דינעם שנירעלע פון די ברילן איז געווען אַזוינס, וואָס האָט געוואָלט פליען, פלאַטערן אין דער לופט. איך האָב געקוקט פון דער זייט אויף זיין לאַנגער נאָז, מיט די גלאַנציקע ברילן, וואָס האָבן געפינקלט אויף אַלע זייטן, און אין מיין מוח האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַ משוגעדיקער געדאַנק. מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויפשפּאַרן די טיר פונם וואַגאָן און אַרויסשטופּן דעם בחור מיט די ברילן.

איך האָב אים נישט געוואָלט טון קיין שלעכטס. איך האָב נאָר דערפילט אַ פאַרלאַנג אים צו זען פליען, דאָס האָט זיך פאַר מיר אויסגעוויזן אַזוי געוויינלעך. איך האָב געזען ווי זיינע דינע פיסלעך שניידן די לופט, און דאָס שנירל פון די ברילן שלענגלט זיך, פליט און פלאַטערט.

נאָר אַ גאַנץ ערנסטער קלאַפּ איבערן קאָפּ האָט מיר איבערגעריסן דעם משוגעדיקן געדאַנק, דאָס איז איינס פון דעם בחורס פעקלעך אַראָפּגעפאַלן פון דער פאָליצע און געטראָפן מיר אין קאָפּ אַריין...

# „ראָמעאָ און יוליאַ“

אַבראַמעק האָט נישט געהאַלטן פון גלאַט אַרומשלעפן זיך מיט מיידלעך. „זיי זענען כיטרע אויף געלט“ — פלעגט ער זאָגן: „נאָר קויף זיי... נאָר פונדעווע זיי“. ער האָט געזאַט אַ גוטע שטעלע אויף געגשע גאַס און געהאַלטן פון דער מאָדע.

מיט מיידלעך האָט ער זיך געחכמהט: „וואָס קוקן זי אַזוי? זי האָבן מיך נישט דערקענט?“ זאָגט ער צו אַ מיידל, וואָס דערלאַנגט אים סאָדע-וואַסער, אָדער דורכגייענדיק אין קאַוויאַרניע — אַ קוועטש טון ביי דער האַנט און זאָגן „פשע-פראַשאַם“. דאָס מיידל האָט'ן נאָכגעשריגן: „מיט די הענד רודערן זי נישט“, „די הענד באַהאַלטן זי אויף שבת“. אַב-ראַמעק האָט געשמייכלט: „וואָס איז? אַ יאָלד בין איך? הלוואי וואָלט איך נאָר געוואָלט!“

❁

ער האָט נאָר-וואָס אָנגעטון אַ נייע „אובראַניע“ מיט אַ געפאַסטער טאַליע, אַ נייעם קאַפעליוש, די לעצטע מאָדע, און איז אַוועק אין קינאָ.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. דערביי אויף דעם צווייטן, ליידיקן שטול זיין נייעם קאַפעליוש אַוועקגע-לייגט.

ס'איז באַלד געוואָרן פינסטער. דאָס לייוונט האָט אויפ-געצאַפלט, און די מוזיק האָט אָנגעהויבן מרוקען, אַבראַמעק האָט זיך אַ כאַפ געטון: ווו איז דער קאַפעליוש? ער שטרעקט

אויס די האַנד צו דעם צווייטן שטול און כאַפּט אָן אַ קני, אַ פרייד־געפּיל קומט אים צוזאַמען מיט אַ פּאַרדרוס. וואָס איז עס? און ער דערזעט אינם טונקל זיין שכנטע, אַ ברייט, גע־זונט מיידל.

— מיין קאַפּעליוש! — שרייט אַבראַמעק אויס — זי האָבן זיך געזעצט אויף מיין קאַפּעליוש.

דאָס מיידל שפּרינגט־אויף און ער דערזעט זיין קאַפּע־ליוש, צעקנייטשט און צעריבן.

— „פּשעפּראַשאַם פּאַנאַ" — מורמלט דאָס מיידל, און נעמט זיך רויק קוקן אויפן ליוונט.

אַבראַמעק האָט פיינט אַזעלכע זאַכן. ער קוקט נישט דערויף, וואָס אַ פריילין, „אַ שיינע פריילין"... אַ בהמה דאַרף מען זיין, אַז מ׳זאָל נישט פילן, אַז מ׳זיצט אויף יענעמס אַ זאַך. ויאָלט ער עס געטון? וואָלט ער איר נאָר אַ תל גע־מאַכט פונם קאַפּעליוש?!

אַזוי פייערט אַבראַמעק די גאַנצע צייט. ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער אַראָפּגעכאַפּט איר קאַפּעליוש און אויך פון אים אַ תל געמאַכט.

דאָס מיידל אָבער קוקט אים אָן גאַנץ רויק און אומשול־דיק און זאָגט געלאַסן:

— זאָל דער פּאַן נישט שטערן צו קוקן... דאָ לייגט מען נישט קיין קאַפּעליושן... דערויף איז דאָ אַ גאַרדעראָבע...

— אַזוי... א גאַרדעראָבע?! אָבער אַ מענטש דאַרף נישט זיין קיין בהמה. אַז ס׳ליגט יענעמס אַ זאַך...

דאָס מיידל הויבט זיך אַ ביסל אונטער פון דעם שטול און ווייזט אים, אַז דאָ איז נישט קיין אָרט אויף קאַפּעליושן.

אבראמעק ווערט נאָך מער אָנגעצונדן: דאָס איז זיין זאַך, ווו צו לייגן דעם קאַפּעליוש. אַזעלכע וואַזשנע דאַמעס ווי זי, האָט ער שוין געזען. ער זאָל נאָך וועלן מאַכן אַ „קוועס־טיע", וואָלט זי אים באַצאָלט פאַרן קאַפּעליוש...

דאָס מיידל שמייכלט איראָניש:

ווּיפל וואָלטן זי עס געוואָלט פאַרן קאַפּעליוש? —

— אזוי פיל וויפל זי וואָלטן נישט געהאַט צו באַצאָלן..

דאָס מיידל צולאַכט זיך. עס ווערט ליכטיק און צום ערשטן מאָל קוקן זיי זיך ביידע אָן.

— אַזאַ מיליאָנער זענען זי?

— איך דאַרף נישט זיין קיין מיליאָנער. נאָר אַזאַ פרייליין מיט אַ הוט דאַרף וויסן ווי צו זיצן אין אַ טעאַטער.

זיי קוקן זיך נאָך אַמאָל אָן און אַבראַמעק דערפילט אַ פאַרלאַנג נישט אַזוי זיך צו בייזערן· ווי חוזק צו מאַכן פון דער פרייליין.

דערווייל זאָגט דאָס מיידל:

— אַזאַ עלעגאַנצקע יונגערמאַן זאָל זיך בייזערן... ס'איז גאָרנישט „פשיזוואָיטע".

ער קוקט שוין אויף איר מיט אַ שמייכל.

עס ווערט פינצטער און אַבראַמעק רעדט שוין שטיל איר אויפן אויער:

— וואָלט איך נאָר אין אָפּגעטון אַזאַ שטיקל?..

— וואָס־זשע וואָלט געווען?

זי וואָלטן מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט.

אַבראַמעק ווערט רויט און שמייכלט.

— ווער ווייסט מיט וואָס ס'וואָלט זיך געענדיקט...

זי זאָגט:

— נו, ווילן זי מיך אויך צו האַלטן.. טאָ האַלטן זי מיך...

ער:

— ווי אַזוי זאָל איך אין האַלטן?

— ווי אַזוי זי ווילן...

— מיט די הענט?..

— נאָר נישט אַזעלכע רייד... מער היימישקייט ווי קאַנט־שאַפט.. כ'האָב נישט ליב אַזעלכע „וויראַזן"...

אַבראַמעק קלערט זיך: „וואָס איז? אַ יאָלד בין איך? וואָלט איך נאָר געוואָלט"...

דערווייל ווערט ליכטיק אויף אַ רגע.

ביידע קוקן זיך איבער. אַבראַמעק האַלט אין דער האַנט זיין צוקנייטשטן קאַפּעליוש און זאָגט צו איר:

— נו, זעען זי, וואָס זי האָבן מיר געמאַכט פונם קאַפּעליוש...

— ס'איז נישט שרעקלעך — ענטפערט זי — טוט אַ כאַפּ דעם קאַפּעליוש, פּוצט אים און מאַכט אים גלייך.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק! — כאַפּט אַבראַמעק צוריק. קוקט אויף אירע רונדע הענט און דערמאָנט זיך פּלוצלינג, ווי ער האָט אָנגעכאַפּט איר קני.

— „פּשעפּראַשאַם!" — זאָגט ער פּלוצלינג פון דער תּע־לער הויט. און זייערע הענט רירן זיך אָן.

דערווייל ווערט פינסטער.

*

אַבראַמעק זעט קוים, ווי אויף דעם ליכטיקן לייוונט לויפט אַן אויטאָמאָביל, ווערט אַלע מאָל גרעסער. מיטן צווייטן אויג קוקט ער אויף דער שכנטע און גלעט איר די האַנט:

— פונדעסטוועגן נעמען זי זיך נישט צום האַרץ... מילא... אַ כפּרה דער קאַפּעליוש...

— כ'בעט אין טאַקע זייער איבער. מ'קען אים אפשר געבן צו פּרעסן?

— ווייס איך וואָס... ס'שפּילט אַ ראָלע? — מאַכט זיך אבראַמעק ברייט.

און דאָס מיידל רעדט ווייטער:

— איך וואָלט אים אליין געקענט אויספּיצן... ווען זי וואָלטן געווען מיינס א ברודער אָדער וואָס...

— אַ שאָד, וואָס איך בין נישט אײַנס ברודער — קוקט שוין אבראַמעק אין גאַנצן נישט אויפן לייוונט — זי מוזן זיין אַ בריה... זי זענען מיר אויך באַקאַנט.

— פאַר וועמען איך וויל — בין איך...

אַבראַמעקס האַנט טוט פּלוצלינג אַ פאָר. ער געפינט איר האַנט און ער זאָגט:

— „פּראָשע פּאַני".

אַזוי זאָגט ער עטלעכע מאָל „פּראָשע פּאַני", ביז וואנען איר הענטל לייגט זיך איינשטימיק אריין אין זיין האַנט.

אויפן לייוונט איז „זי" ענדלעך אַריינגעפאלן אין „זיינע" אָרעמס. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער קוש איבערן גאַנצן לייוונט, און אַ קליינער קוש צווישן אבראַמעקן מיטן פריילין האָט אָפּגעענטפערט.

נאָך דעם איז ליכטיק געוואָרן.

*

אויפן לייוונט איז שוין דער „אינטריגאַנט" געלעגן אַ געבונדענער מיט גראָבע שטריק און געשמייכלט, און דער קאַפּעלוש איז שוין איצט געלעגן אויף אירע קני, זי האָט אים געגלייכט, געגלעט און געזאָגט מוסר:

— אַזוי זענט עך אַלע מענער... קענט נישט אָפּהיטן אַ זאַך...

אַבראַמעק האָט פאַרשטאַנען, אַז די פריילין איז גערעכט. זי אָפּגעפירט אַהיים, חתונה געהאַט מיט איר, און געהָפּנט אַ געשעפט צווישן געגנשע און גאַלעווקעס.

# ק י ע וו

מיר פאַרגייט נאָך דער ריח פון קאַלטע שמעקעדיקע עפּל, ווען איך קלער וועגן דער שטאָט, זי איז ברייט-ביייניק מיט סקולעס און האָט גראָע ווייך-סלאַווישע אויגן. איר ריח איז אַ היימישער אַ וואַרעמער, ווי דאָס פּאַרטוך פון אַ גרויסער וואַרעמער מאַמען. קיעוו איז פּשוט! ווען איר קומט אַהין קלאַפּט אייך דאָס האַרץ פון אַ זעלטזאַמער, ראָמאַנטישער רעגונג.

ס'איז גוט צו זיין אַ פרעמדער אין קיעוו. קיעוו איז פרום און איז מוחל דעם פרעמדן זיין פרעמדקייט.

די מענטשן זענען דאָ קיעווער-ברייט-ביייניק; מיט אַ פּשוטער געמיטלעכקייט, אַביסל נעפּלדיק; צווישן נישט שאַרפער קלוגקייט און אויפריכטיקער פאַרשטענדיקייט.

קיעוו איז נישט הומאָריסטיש, נישט סאַרקאַסטיש. קיעוו איז מענטשלעך, און דאָ געדענקט מען שטענדיק, אַז מ'איז אין קיעוו.

מען גייט אַראָפּ פון אַ באַרג. ס'איז אַ גאַס אין אַ באַרג' ביי די זייטן זענען די טויערן מיט גלעקלעך. עלעקטרישע לאָמפּן אין סעדלעך אַרום, מען קוקט אַראָפּ זעט מען: גאַסן, פּינטלען מענטשן, פערד, טראַמווייען, הויכע הייזער עלעקטרי-לאָמפּן, דראָטן, קופּאָלן, צלמים, וועלדער, פעלדער, וואַסערן, דאַמפּערס, קיאָסקען, אין זעלנער מיט ביקסן, אויטאָמאָבילן און פרויען מיט הײט.

*

מען פאָרט אַ סך מיט טראַמווייען, ס'איז ווייט פון איין שטיק שטאָט צו דער צווייטער, אויפן טראַמוויי וואַרט מען, דערווייל באַקענט מען זיך. די פרויען ענטפערן פשוט און שאַפן אַ געשפרעך מיט דער קאַלטלעכקייט פון מענטשן, וואָס האָבן די זעלבע אויפגאַבע. ס'איז שווער דערפון צו מאַכן פלירט, מיר האָבן לאַנג געוואַרט אויף דעם טראַמוויי, צום סוף זענען מיר געפאָרן אין אַ דראָזשקע. זי האָט איינגעשטימט, נאָר מיר זאָלן באַצאָלן אויף דער העלפט. זי האָט עס געמיינט ערנסט, זי איז געווען אַ צוהערערין פון די העכערע פרויען־קורסן און האָט שטאַרק געהאַלטן פון „היגיענע". נאָכדעם האָבן מיר געגעסן אָוונט־ברויט אין „אַפּאָלאָ", פאַר דער דראָזשקע האָט זי באַצאָלט האַלב.

זי איז געווען נישט שיין, ווי דער גרעסטער טייל קיעווער פרויען, זי האָט געהייסן סאָניאַ און האָט געהאַט די גלייכגע־וויכטיקייט, און גראָליכע קאַלטלעכקייט, וואָס מאַכט אייך זייער לאַנגזאַם, איך האָב זי שוין מער נישט געזען, ווייל זי האָט געהאַט „עקזאַמענס" און געווען שטאַרק פאַרנומען.

*

דער „צאַרסקי סאַד" איז נאָך אַ פרילינגס־רעגן שיין און זאַפטיק. ער ליגט איבערן טייך „דניעפּר" אויף אַ באַרג פון אַ געהעריקער הייך. ס'איז גוט אַראָפּצוקוקן אויף דעם טייך, וואָס האָט אַ וואַרעמען, בלוי־גריןליכען טאָן פון טורקוס = שטיינער. דאָרט שפּאַצירן אַרום געליבטע און קוקן אַראָפּ צום „דניעפּר".

דער ברעג איז פון גאָלדענעם זאַמד. אויף די בערג אַרום קריכן פלויטן, הייזער, ביימער, און שטעגן. די שטעגן נאַרן אַראָפּ צו זיך, ווינקען און פילן אָן דאָס האַרץ מיט לוסט און פרייד.

*

אין ערגעץ איז נישט אַזוי גוט אַריינצוקוקן אין פרעמדע פענצטער ווי אין קיעוו. יעדער שטוב האָט אַ וואַרעמען רייץ.

טיף-מענשלעכס, אוראַלטס קוקט אַרויס פון די פענצטער. עס דאַכט זיך, אַז באַלד וועט מיט אייך טרעפן עפּעס גוטס.

די מענער רעדן הויך און וואַרעם, די אויגן פון די פרויען קוקן פאַרוווּנדערט און אַנטציקט.

פון יעדער געדיכט-באַגרינטן און זאַפטיק-פאַרוואַקסענעם באַרג זעט זיך אַ נייע שטיק שטאָט. ווי פון נעפּל טיילן זיך אַרויס נייע אָקאָרדן פאַרטיפטע, גאָלדענע קופּאָלן און ביזאַנ-טישע טורעמס. אַ לאַנגזאַם, פרום געקלאַנג וויגט זיך איבער זייערע גאָלדענע קעפּ און בלייבט הענגען איבער הויכע שאָטנ-דיקע טאָפּאָלן.

עס שפּאַנט אַרום אַ גרויסער סלאַווישער גאָט מיט שווע-רע קופּערנע טריט-קלאַנגען פון באַרג צו באַרג, און קרייצט מיט גאָלד דעם קלאָרן הימל.

געלע ליכט-פלאַמען גליען אַרויס פון טונקעלע, טיף-גע-העמערטע טירן. איבער ווייסע סימעטרישע הויפן שפּאַנען לאַנ-גע, שוואַרצע מאָנאַכן, זייערע פנימער זענען פאַרדעקט און זיי-ערע טריט זענען לאַנגזאַמע, און די קליינע, בלייכע פענצטער פון די קלויסטערס קוקן ווי משוגענע הייליקע.

*

אין די ווינקלען פון שמאָלע גרין-פאַרוואַקסענע גאַסן שטיין אַלטע וואַנדערער. אין גראָע זעק געקליידטע, זיי זינגען און שפּילן אויף לירעס וועגן קיעוו דער הייליקע שטאָט. וויפל שונאים האָבן זיך ווי כמארעס אָנגעטראָגן די שטאָט די הייליקע צו רויבן. אָ גאָט די הייליקער. וויפל האָבן שונאים זיך פון די סטעפּס אָנגעטראָגן, וויפל האָבן זיי גערויבט און פאַרוויסט די שטאָט די הייליקע קיעוו. אייביק זינגט מען אַזוי שטיל און לאַנגזאַם; און אַרום שטייט קיעוו. אין אַ הייליק געלבלעך געוועב אָנגעקליידט און הערט... און הערט... הייליקע קיעוו... מאַמע פון אַלע שטעט...

*

שטייט מען אין דער הויך, אויפן בויך פון „ב־ביקאָווער בולוואר", באַנאַכט און מען קוקט אַראָפּ צום „קרעשטשאַטיק", דער „קרעשטשאַטיק" האָט זיך אויסגעפוצט און אויסגעלויכטן. ביי אַ לילער-עלעקטרישער לאָמפּ גלאַנצט אַ שוואַרצער צילינדער, די טראַמווייען גליטשן זיך. עס זעט אויס, ווי מען וואָלט געוואָרפן ברענענדיקע לאָמפּן הין און צוריק.

מען לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער אין טאָל און אַלעס ווערט ווי אַ חלום פאַרשוווּנדן:

באַנאַכטיקע, קילע בוימער, טונקעלע ווינקלען און בענק. סאָלדאַטן שפּילן אויף האַרמאָנקעס און קוויטשענדיקע שיקסעס צאַפּלען אַרום אויף די בענק.

און אָט מאַכט איר באַרג אַרויף אַ פּאָר טריט; ווידער שיסט דער קרעשטשאַטיק מיט לילע-עלעקטרישע לאָמפּן. עפּעס עמיצער אַ ליכטיקער איז דאָרט שיכור. ער שפּאַנט מיט קרומע, פריילעכע טריט און שרייט צו די טויב-שרעקיקע, נאַכטיקע הייליקע קברים אַרום...

# אַדעס

ווער פילט זיך היימיש אין דער שטאָט? ווי אַזוי זעט אויס אַן אַדעסער, א ייד, אָדער אַ נישט-ייד? דאָס איז נישט צום באַצייכענען.

איר גייט דורך אַ לאַנגע גאַס, צווי גאַסן און עס הויבט אייך אָן דאַכטן, אַז אַזוי ווי איר זענען זיי דאָ אויך פרעמדע. באַלד וועלן זיי פּאַקן זייערע טשעמאָדאַנעס און איילִיק זיך טראָגן איבער דער ברייטער, נאַקעטער פּושקין-גאַס צום וואָקזאַל. ווען מען זאָגט: אַדעס, שטעלט זיך פאָר עפּעס ברייטבייניקס, געזונטס, עפּעס מגושמדיקס מיט ברייטע סקולעס און קײלעכיקע ארויסגעזעצטע אויגן. ברייטע באַקוועם-געפלאַסטערטע גאַסן, דורכגעאָדערטע מיט טראַמוויי-שינעס, פיין באַלויכטענע, גאַסן עלעקטרישער טראַמוויי, אויטאָמאָבילן, אַ סך מענטשן און דאָך האָט איר נישט דאָס געפיל, אַז איר ווײַנט אין אַ גרויסער שטאָט. דאָך דאַכט זיך אייך, אַז איר זענט אַהערגעקומען זיך דורכשפּאַצירן אונטער דער זון, אַזוי זיך, אָן אַ ציל.

איר גייט אין מיטן טאָג אַרויס אויף דער גאַס. פון איין גאַס אין דער צווייטער. אייער בליק שטעלט זיך אָפּ אויף א מענטשן. מעג עס זיין אַ דיקער הער. אַ שטיוול-פּוצער מיט א קעסטל אָדער אַ דאַמע מיט נייע שיך. אייך דאַכט זיך, אַז די דאַמע איז אייך זייער גוט באַקאַנט. צוזאַמען דערמיט באַמערקט איר, אַז איר געפינט זיך אויף דער רישעליעווסקע גאַס. איר געדענקט. אַז באַלד וועט איר פאַרבייגיין אַ וויטרינע. איר קאָנט זיך נישט דערמאָנען, וואָס די וויטרינע וועט מיט זיך פאָרשטעלן צי אַ שניידער-מאַגאַזין, אַן אַפּטייק, צי אַ קינאָ-טעאַ-

טער, אָדער גאָר אַ גריכישן בופֿעט פון מזרח־זיסקייטן דערצו בלייבט איר גלייכגילטיק. אייך איז אַלץ איינס, וואָס איר זעט אויף אייער וועג. דערנאָך הויבט איר ווידער אויף דעם קאָפּ און דערזעט פֿלוצלינג – דעם דיקן הער, דעם שטיוול־פוצער מיטן קעסטל און די דאמע מיט די נייע שיך. זענען דאָס נישט דער זעלבער הער, די זעלבע דאַמע? דער זעלבער שטיוול־פוצער? דאַכט זיך: יאָ, ס'איז שווער אונטערצושיידן.

אפשר נעמט זיך די אייגנאַרטיקייט דערפון, וואָס די גאַסן ליגן איינגעטיילט אַזוי, אַז די גאַנצע שטאָט ליגט, ווי אַ צעשניטענער שטרודל אין אַ בעקן?

ווען מען וואָלט געקאָנט גלייך מיטן צוג, ווען מען קומט צום אָדעסער וואָקזאַל אין דער גלייכער ריכטונג, דורכשניידן די גאַנצע שטאָט — לענג מיט דער פּושקין־גאַס, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז מען קען אָדעס.

נאָר אָט האָט זיך די פּושקין־גאַס געענדיקט. און עס טוט אייך אַ כאַפּ אַרום אַ בלויע, ליידיקע וועלט. גלייך די וועלט וואָלט זיך דאָ געענדיקט. דאָס אויג האָט נישט אין דער בלויקייט אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן און עס גליטשט זיך אייער בליק איבער הונדערטער מײַלן, דאָס איז נישט קיין בלויקייט פון הימל. דאָס זענען פאַרבן, וואָס איר האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען. דאָס איז דער ים.

דאָס איז נישט קיין בלויקייט פון לופט, פון וואַסער, דאָס איז אַן אויסגעוועבטער חלום פון טויזנטער האַלבע און פערטלטענער־פאַרבן. ווי אַ קוים מערקבאַרע, דינע, בלויע גרימאַסע, קוים, קוים צו דערכאַפּן מיטן אויג, גנבעט זיך אַוועק דער הימל פונעם וואַסער, און לאָזט אייך אין אַ גרויזאַמען עלנד. ביז אַ גרויל פון בלויקייט און ליידיקייט גייט אייך דורך איבערן האַרץ, ערשט דעמאָלט שפּרינגט בײַ אייך אַרויס דאָס קליינע, קורצע וואָרט: ים.

אָט אַזוי שטייען אויפן שטראַנד וואָלט איר געקאָנט לאַנג ווען אונטער אייערע פּלייצעס וואָלט נישט גערוישט אַ גרויסע שטאָט פון הונדערטער טויזנטער מענטשן.

דאָ, אויף דער גאַנצער לענג פון שטראַנד, אונטער די שיטערע אַקאַציע־בוימער, זאַמלט זיך די יוגנט צונויף. איר דאַרפט זיך נאָר אומקוקן, און אייער אויג וועט זיך אָנשלאָגן אָן אַ בונטן פאַנטאַסטישן געמיש פון קליידונג. עטוואָס ספּע־ציפֿישס, נישט קיין אייגנאַרטיקס, נאָר ספּעציפֿישס ליגט אין דעם אָנטאָן זיך פון דער אָדעסער פרוי. פון דער פּערצן־יעריקער ביז דער באַיאָרטער דאַמע. דאָס כאַראַקטעריסטיש־סטע איז די פיס־קליידונג. וואָס פאַר אַ שוכוואַרג דאָ ווערט נאָך געטראָגן: שוואַרצער לאַקיר, ווייסע לאַיקע, געלבער זאַמש, רויטע, מאַלאָרוסיש־געקנייטשטע שטיוועלעך. זייד און סאַמעט מיט שטיינער געזעצטע, ביז ברילאַנטן און גאָלד.

און ווי ווערן די פיס דאָ געשטעלט ביים גיין?

אין הויכע, מאַלאָרוסישע שטיוועלעך גייט „קלאַרע" מיט אַ מענערישן, וויל־יונגלשן טריט, די זעלבע קלאַרע אונטער זיידענע פאַנטאָפל קען אויך גיין, ווי אין אַ חלום. גלייך ווי אַ גייסט וואָלט זי געפירט פאַר דער האַנט, אָט די זעלבע קלאַרע איז אַ נייערין אינם לעצטן צימער, נאָר אין זאַל שפּילט זי אויף קלאַוויר, זינגט ציגאַנער־ראָמאַנסן און שטעלט זיך פאָר: אַקטריסע.

עפנט זיך די טיר פון אַ שפּייז־געוועלבל און עס וואַרפט זיך אַרויס אַ בינטל פאַרשידנפאַרביקער זיידנשטאָף, מיט פאַר־ריסענע פעדערן אַרויף, דאָס איז דעם געוועלבניקס טאָכטער. וואָס אַ טריט ווייטער, אַלץ פאַררייסענער און אַרויסרופנדער איז דער גאַנג. דער קלאַוויר איז דאָ אין יעדער שטוב אַזוי גע־וויינלעך, ווי אַ סאַמאָוואַר, נישט איינמאָל לעזט איר איבער אַ קוויטל ביים טויער: „צו פאַרדינגען אַ צימער, עלעקטרי־שע באַלויכטונג, מיט קלאַוויר". דאָס ווערט אַריינגערעכנט אין מעבל, אָדער אַלס נדן פאַר קלאַרען, דער טאָכטער.

*

פאַרנאַכט־צו, ווען איר גייט אַרויס אין גאַס, ציען פון אַלע גאַסן, די אין פאַרשידנסטע פאַרבן געקליידטע געשטאַלטן,

אַרויף צו דער „דעריבאַסאָווסקע״ צו דעם ראַשיקסען צענטער פון דער שטאָט.

דאָס איז אַ קורצע, גענוג ברייטע, מיט האַלב־געפּלאַס־טערטע גאַס, וואָס מאַכט צוליב די אקאַציע פון ביידע זייטן דעם איינדרוק פון אַן אַליע. דאָס איז דאָס רערל דורך וועלכן עס זיפּט זיך דורך דער שפּאַציר פונם שענערן עולם.

אָט דעם פונקט האָבן די אָדעסער אַמיינסטן ליב.

דאָ אין דער גרויסער שטאָט אָדעס איז פאַרבליבן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון אַ פּראָווינץ־שטאָט, דאָס, וואָס די גאַס איז נישט נאָר אַן אָרט פאַר דורכגיין, נאָר זי איז אויך אַן אָרט פאַר פאַרברענגען. דאָס איז אפשר דערפאַר, ווייל איר טרעפט זעלטן אַ גאַס, וואָס זאָל נישט זיין מיט בענק דורכאויס פאַר־זעען. אויף די „דעריבאַסאָווסקע״, אַממיינסטן דאָרט, וואו עס ליגט דער שטאָט־גאָרטן, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפּע־נעם, שיטער־באַוואַקסענעם פּאַרק. איז אַן ארט ווו מען זיצט אָפּ שעהן לאַנג, ווי עס וואָלט געווען אַ קאַפע־גאָרטן אדער אַ ווילע.

ס'איז איבעריק צו באַמערקן, אז אין די ליכטיקע וואַרע־מע זומער־אָוונטן, וואָס צייכענען זיך דאָ אויס מיט דער זעלט־זאַמער גרויסקייט און שאַרפקייט פון די שטערן, בלייבט נישט קיין ליידיק אָרט. נישט אויף די גאַסן־בענק, נישט אויפן ים־ברעג, נישט אין די פּאַרקן און אין קאַפע־טעראַסן.

אָט דער ווינקל דעריבאַסאָווסקע איז אין די וווּנדערלעך ליכטיקע זומער־טעג און אוונטן איבערפילט פון אַן אויסגעפּוצטן עולם, אַממיינסטן פרויען, וואָס גייען הין און צוריק, אָדער זיצן זיך דאָ אויף די בענק.

מיר דאַכט זיך, אַז אין קיין שום גרעסערע שטאָט איז נישטאָ אַזויפיל ליידיקגייער ווי אין אָדעס. אָט דער יום־טוב־דיקער עולם רעדט צווישן זיך אַממיינסטן וועגן דער וואַרעמ־קייט פון וואַסער, וועגן באָדן זיך, אַזוי ווי אויף אַ קוראָרט — די צוויי פּאָפּולערע, ערשט־קלאַסיקע קאַפּייען: „ראָבינאַ״ און „פאַנקאָני״, וואָס קוקן אריבער איינע צו דער צווייטער ווי־

צוויי אויסגעפוצטע קאָנקורענטקעס, זענען אויף דעם גאַנצן טאָג פיל פון אַ צופעליקן עולם, ווי מען וואָלט געוואַרט אויף אַ שיף, אָדער אַ צוג. נאָר גייט איר צו נאָענט צו דעם עולם, דערהערט איר דאָס קאָכן און רוישן פון האנדל און שפּעקולאַציע.

גרופּנווייז זיצן אויסגעזעצט די מעקלערס ביי די טישלעך, צו צען ביי איין האַלב־אויסגעטרוקנטן גלעזל טיי, וואָס איז באשטעלט געוואָרן אויפן פארלאנג פונם קעלנער, און דאָ ווערט גערעדט אויף דעם אייביקן, רעשיקן לשון, באגלייט פון א הייסער קרעמפּיקער געסטיקולאַציע, אָ לשון פון פארקורצטע און פארגרייזטע טערמינען, אין ציפערן, נאָר פאר זיי אליין פארשטענדלעכע.

איר באַגעגנט דאָ אָפט באַקאַנטע לייט.

מענטשן, פּנימער, וואָס איר וואָלט קיינמאָל נישט געקענט טרעפן, מיט וואס זיי פאַרנעמען זיך.

א ייד מיט אַ באָרד, מיט אַ שטעקן, מיט מאַנזשעטן, מיט אזאַ מין האַלב־יידיש, האַלב־דייטשן ראָק, וואָס שטייט פּאַר אייך ווי אַ פראגע: „אַ שדכן צי א כלי־זמר?”, אדער א יינגערמאַן מיט העברעישע אויגן, וואָס איר האָט אים געזען זיך קאָכן אין דער ציוניסטישער „יבנה”, אָדער אפשר האָט ער אייך אמאָל געלעזן זיינע שירים? אָדער אפשר האט איר אים געזען אן אַנטציקטן אין יידישן טעאטער? עס איז דערזעלבער. נאָר איצט האט ער קיין צייט נישט, ער האָט צוויי וואַגאָן אייל .אונטער איין פּאָלע. און אַ וואגאָן הייוון אונטער דער צווייטער.

און גייט איר פאַרביי אין מיטן אַ זוניקן טאָג, און האָט נישט וואָס צו קויפן אָדער פאַרקויפן, בלייבט איר א דערשראָקענער פון דעם טומל, און איר דערפילט, אז איר זענט אַן ארויסגעוואָרפענער צווישן צוויי רוישנדע ימים, וואָס ליגן איינער לעבן אנדערן.

איר קאָנט זיך אָבער אויף לאַנג נישט פאַרטראכטן. עס

כאַפּט אייך באַלד אונטער א דריטער מעכטיקער שטראָם, וואָס ריזלט אין דעם ווינקל שטאָט.

איר וועט קיין איין בליק נישט וואַרפן, וואָס זאָל זיך נישט אָנשלאָגן אין א פּאָר אויגן, אויגן וואָס בליקן מיט דעם אויסדרוק פון פיבערהאַפטיקייט, ליבע=באַגער, מזרח=פאַרבענקטקייט און זוכן.

בליקן, וואָס זענען מער ענלעך אויף א ווונק, און איר בלייבט שטיין מיט א שמייכל פון אומפאַנטשלאָסנקייט. איר קענט ביי זיך נישט פועלן, אַז דאָס, נאָר-וואס פארבייגעגאַנגענע, צאַרטע ווען, וואָס טראָגט זיך מיט א לייכטן גאָכוויגן זיך, ווי מען גייט אַהיים פון א גוט=פאַרבראַכטן אָוונט אין א ליכטיקער נאַכט, האָט אייך באַשאָנקען מיט דעם ספּעציפישן בליק, וואס איז אי שטרענג-פרעמד אי ליב-היימיש מיט דער אינטימקייט פון א מאַסקן-באַל; זאָלט איר זיך נישט לאָזן גיין נאָך איר, ווי עס רופט אייך אייער קלאַפּנדיק האַרץ?

און אין דער מינוט מיעט איר איבער פיל בלעטלעך פון אייער לעבן צוריק. און איר הייבט אָן פון די סאַמע גרינע, יונגע, ליכטיקע.

איר דאַרפט זיך אָבער נישט לאָזן גיין נאָך איר. עס איז איבעריק אייער מי. אָט גייט זי שוין אייך אַנטקעגן מיט דעם זעלבן, שוועבנדיקן טריט, מיט דעם זעלבן אייביקן שטילן מזרחדיקן פאַרבענקטן און זוכנדיקן בליק: קום און גענוס, אָ, מענטש פון צווישןביידע ימים.

# אָנגעצויגן דעם ליטוואַק.

דאַר מאַרשרוט פון דער „בריגאַדע" קאָרטן־גנבים איז געווען פון וואַרשע ביז קאָוועל. זיי האָבן זיך געטוישט פונקט אַזוי ווי די בריגאַדע קאָנדוקטאָרן, וואָס האָבן באַדינט דעם צוג; אַ חוץ אין זעלטענע פאַלן, ווען מען האָט געמוזט צוליב אַ „שטיקל אַרבעט" אַראָפּשפּרונגען אויף אַ קליינער סטאַציע און פאַרשווונדן ווערן.

געוויינלעך האָט זיך אין וועג אַריין געלאָזן אַ גאַנצע טרופּע, נישט אַנדערש ווי אַ טרופּע פון אַקטיאָרן. יעדער פון די שולערס האָט זיך געהאַט זיין ראָל, זיין קאָסטיום, זיין „פראַזע", וואָס ער האָט געדאַרפט רעדן, און אַפילו זיין אָרט, פונקט ווי אין אַ טעאַטער.

דער נוסח ווי אַזוי מ'האָט געפאַנגען דעם „יאָלד" איז דאָך שוין געווען באַוווּסט. געוויינלעך פלעגן זיך צוויי אַוועקזעצן שפּילן אין דריי קאָרטן. אַ ייד האָט געוואָרפן און אַ גוי האָט כסדר געוווּנען. דעמאָלט פלעגט דאָס רבילע מיט אַ סאַמעטענע היטל מיט פאות און אַ לאַנגן טלית־קטן שטילערהייט צוגיין צו דעם אָנגעצייכנטן יאָלד, קרעכצן און אים איינרוימען:

— טוט אַ קוק, פעטער... אַ טרייף מזל פון אַ גוי... האַלט אין איין געווינען... דער ייד איז נעבעך אַ שוואַכער שפּילער... ווען איך האָב נישט די לעצטע פּאָר קערבלעך... וואָלט איך מיט אים אַ שפּיל געטון... וואָלט איר געזען... איך בין אַ מזיק אויף דער שפּיל... דער גוי וואָלט ביי מיר אַוועקגעגאַנגען נקי...

דער ייד האָט זיך געלאָזט ציען, און פון גרויס קנאה צום טרייפהנעם מזל פונם גוי געמאַכט שותפות מיטן רבילע.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער ייד געלאָפן מיט א פאַררוקט היטל און נישט דער גוי מיטן טריפהנעם מזל, נישט דעם רבילע און נישט דער ייד, „וואָס קען נעבעך נישט שפּילן" זענען געווען צו געפינען.

דערדאָזיקער נוסח איז שוין אָבער געווען שטאַרק אָפּגענוצט, און מ'האָט געדאַרפט געפינען עפּעס אַ נייע רעזשי.

*

אויף דעם שטח פון וואַרשע ביז קאָוועל האָט זיך אָבער די טרופּע אָנגעשלאָגן אויף אַ שטאַרקער שטערונג. דאָס איז געווען א יינגערמאַן אַ ליטוואַק מיט שוואַרצע וואָנסעלעך און פלינקע, שוואַרצע, צאַפּלדיקע אויגעלעך, אַ „וואָיאַזשאָר" פון אַ וואַרשעווער פירמע. די שטענדיק-רייזנדע אויף דער ליניע וואַרשע—קאָוועל יידן ווייבער, און אַפילו די קאָנדוקטאָרן האָבן שוין געקענט דעם באַריידעוודיקן ליטוואַק, וואָס האָט געהאַט אַ טבע, ווי נאָר ער איז אַריין אין וואַגאָן, זיך אויסצופרעגן ביי אַלע פּאַסאַזשירן: ווּהין זיי פאָרן, וואָס פאַר אַ געשעפטן זיי פירן. גערעדט האָט ער מיט אַ סך און ליב געהאַט אין גוטן מוט אָפּצולאַכן פון די וואַרשעווער „איטשע מאירס", וואָס ווייסן קיינמאָל נישט, ווען דער „פּאָיעזד" גייט אָפּ. די יידן האָבן אים גערופן „צלם קאָפּ" און זיך אויסגעפרעגט ביי אים וועגן „פּראַוועס", אין וועלכע ער איז געווען אַ גרויסער בקי.

אָט דער דאָזיקער ליטוואַק איז דער טרופּע קאָרטן-גנבים געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז. ווי נאָר ער האָט דערזען די באַקאַנטע פאַרשוינען: דעם הינקענדיקן מיטן האַרטן הוט, דעם גוי מיט די לאַנגע וואָנסן, מיטן לעדערנעם היטל, אָדער דאָס קליינע רבילע, מיט דער ווייסער בגד־ר און פאות, האָט ער אויפגעהויבן אַ געוואַלד און אַ טומל מיט אַ געשריי אויף רוסיש:

— „וואַרי"! „מאַשעניקי"! פּאָליציי סיודאַ! קאַראַאול...

ס'איז געוואָרן אַ געלויף מיט אַ געוואַלד. די חברה האָבן געמוזט פאַרשווינדן ערגעץ אויף אַ סטאַציע.

די טרופּע האָט זיך שוין נישט איינמאָל באַראָטן, וויאַזוי פּטור צו ווערן פון דעם געבראָטענעם ליטוואַק. מ'האָט שוין געפּלאַנט וועגן אַ מעסער אין דער זייט, וועגן אַרויסוואַרפן אים פון וואַגאָן, געבן אים געלט ער זאָל שווייגן. ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך זיך צו אים צוצוקריגן, ווייל ער האָט אַלע געקענט, און ווען ער פלעגט דערזען וועמען פון די קאָרטן־שאַנטאַזשיסטן, האָט ער אויפגעהויבן אַ געוואַלד, אַ טומל...

דערפאַר פלעגט טאַקע אָט דער ליטוואַק זיצן ברייט אין וואַגאָן און דערציילן זיינע גבורות, ווי אַזוי ער האָט ליב „פּאָריאַדאָק", ווי אַזוי צוליב אים איז אַ „נאַטשאַלניק סטאַנציי" אַראָפּ פון דער שטעלע: ווי אַזוי ער קען אַלע גנבים. און אַז ער האָט שוין אויסגעהיט אַ סך פּראָווינצער סוחרים פון גנבות און נישט צוגעלאָזט שפּילן אין קאָרטן מיט די גנבים. און נאָכדעם ווי ער האָט גוט אויסגעזידלט די וואַרשעווער „פּיי־ליסע דריפּקעס" מיט „אַבמאַנשטש קעס", האָט ער אַרויסגענומען זיין צעפּלאַצטע באַלאַלאַיקע און זיך גענומען אויסזינגען און שפּילן רוסישע לידלעך „וכענדיק" און „עכענדיק".

— איך בין ניסט קיין וואַרסעווער „איטסע מאיר" — האָט ער געזאָגט: — יאַ רוסקי יעווריי.

די יידן האָבן אים אָנגעקוקט מיט הנאה און געזאָגט:

— ס'איז אַ צלם־קאָפּ... ר'איז אינגאַנצן אויסגעקאָכט מיט פּאָניען...

*

אין וואַגאָן חוץ דער ליטוואַק איז געזעסן איז געווען פריילעך. לעבן אים איז געזעסן אַ בעל־הבתישער ייד מיט אַ גראָלעך בערדל, מיט אַ דייטשיש יאַרמלקעלע אויפן קאָפּ. ער איז געזעסן זייער פאַרטיפט אין אַ בלאַט. אויבן, אויף דער פּאָלקע, איז געזעסן אַ ייד אַ חסיד. ער איז געלעגן אָן דער

קאַפּאָטע, איינגאַנצן כּאַרדעקט מיט אַ טלית-קטן, און זיינע
ציצית זענען אַראָפּגעהאָנגען און געשמיסן די, וועלכע זענען
געזעסן פון אונטן. ער האָט אָפּגעלאַכט פון די ליטוואַקעס,
אַז ביי זיי איז: „פּיש" — „פּיס" און „פּיס" — „פּוס" און
האָט אַלץ געטענהט: אַז אַ וואַרשעווער וועט נאָך דעם ליט-
וואַק פאַרקויפן. נאָר ביים ברעג באַנק איז געזעסן אַ גוי. אַ
בייזער פּריץ מיט אַ רויט פּנים, מיט פּריצישע לאַקירטע שטי-
וועלעך, זעט אויס אַ „פּאָמיעשטשיק". דעם רייזע-בייטל האָט
ער געטראָגן איבער דער ברוסט אויף אַ פּאַסיק. ער האָט גע-
קוקט אויף די רעשענדיקע יידן מיט אַ פּאָר גרינע אויגן,
אַזוי ווי די שפּיזן. אַממייסטן אין כּעס האָט ער געקוקט אויף
דעם ליטוואַק, וואָס האָט געריסן מיט זיין „סיך" אין די אוי-
ערן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער גוי איז גרייט אים צו
הרגענען. דער ליטוואַק האָט שוין אַפילו אַ זאָג-געטון:

— יהודים... דער ערל געפעלט מיר ניסט..: מ'דאַרף
זען פּטור ווערן פון אים..

דער צוג איז געלאָפן. יידן האָבן שוין געהאַט איבערגערעדט
וועגן פּאָליטיק, וועגן געשעפטן, וועגן אַזעלכע, וואָס זענען גע-
וואָרן רייך, וועגן אַזעלכע, וואָס זענען געוואָרן אָרים, וועגן
באַנקראָטן, וועגן אמעריקע און וועגן אכסניות. מ'האָט שוין
אָפּגעגעסן, פון די פּאַפּירלעך מיט די מעסערלעך, מיט די ביס-
לעך זאַלץ, האָט מען געמאַכט טונקל, און פון די פּאַרוואָרפענע
וואַקלענדיקע קעפּ, וואָס זענען זיצנדיק געשלאָפן, ווי געשאָכ-
טענע, האָט זיך שוין אָנגעהייבן פלעכטן אַ מוזיק פון פאַרשידנ-
אַרטיקן שנאָרכן, דעמאָלט האָט זיך מיטאמאָל באַוויזן אין וואַ-
גאָן אַ פּאַרשוין מיט אַ פּאָר הארטע וואָנסעס, שטעכעדיקע
אויגן און אַ היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק. דער ליטוואַק
האָט אויף אים נאָר א קוק-געטון האָט ער אין אים באַלד
דערקענט איינעם פון דער חברה קאָרטן-גנבים.

— וואַרט, וואַרט! — האָט געקלערט דער ליטוואַק —
האָסט שלעכט געטראָפן... אַ נורקאַ, פּראָביר נאָר פּאַרטשעפּען...
דער חברה-מאַן האָט זיך אָבער אָוועקגעשטעלט ביים פענס-

טערל, אַרויסגעקוקט אַ פּאָר מינוט; דערנאָך פלוצלינג זיך אומגעדרייט מיט אַ שמייכל צום ליטוואַק און שטילערהייט אָנגעהויבן שעפטשען:

— פאַניע ליטוואַק... מיר קאָנען דאָך זיך שוין פון לאַנג... איר ווייסט דאָך ווער איך בין... וואָס טויג די קאַצנשפּיל?... איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ דריי־קאָרטן־שפּילער. אמת?...

— אוי אוי „ווייש" איך... — האָט דער ליטוואַק כיטרע געשמייכלט.

— איר זעט, אַז איך קען אייך אויך, פאַניע ליטוואַק — האָט דער חברה־מאַן גערעדט, — מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָרטן, ווו איר זיצט, וועלן מיר גאָרנישט מאַכן! אמת?

— אוודאי — האָט זיך דער ליטוואַק געבלאָזן — מיין „סאָוויעסט" פּאָזוואָליעט מיר ניסט צו זען ווי מע אָגראַבליאַיעט אַ יידן, ווייל ער איז אַ „דוראַק"!

— אמת! — האָט דער יונג אויסגעשריגן. — מיר ווייסן מיט וועמען מיר האָבן צו טון, גלויבט מיר, אַז אונז טוט אויך וויי דאָס הארץ און דעם אמת געזאָגט האָבן מיר פאַר אייך מורא...

דער ליטוואַק האָט געקוואָלן, און דער חברה־מאַן האָט אַ קרעכץ געטון:

— נאָר וואָס זאָל איך אייך זאָגן, פאַניע ליטוואַק... מיר זענען דאָך אָבער אויך יידן... איר ווייסט דאָך, מען מאַטערט זיך, איידער מען טרעפט אַמאָל... אַלץ קאָסט: פּאָליציי... כאַבאַר... מען שטעלט איין דאָס לעבן מיטן געזונט... איי!... איי!... איי!...

— וואָס־זשע ווילט איר?! — האָט דער ליטוואַק שוין געקוקט מיט חשד.

— מיר ווילן פון אייך אַ טובה — האָט דער יונג געזאָגט. — אַלס מענטשלעכקייט... מיר שווערן אייך, אַז קיין יידן וועלן מיר נישט טשעפען... מיר ווילן אַליין נישט... נאָר איר זעט, קייגנאיבער אייך זיצט אַ גוי. איר זעט אָט דעם רויטן פריץ?... ער האָט דאָ אַ „מאַיאָנטעק" אַראָפּ־צו־צו, לעבן קאָ־

וועל... דאָס איז אַן עושר... אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן, און אַן אַנטיסעמיט! אַזאַ יידנפייגט איז נישטאָ דער צווייטער! איר פארשטייט? האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער פירט מיט זיך די אמתע אפּותיקאַ.. בעט איך אייך, פּאַניע ליטוואַק... וואָס מיר זענען — זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר... מיר האָבן אויך ווייבער מיט קינדער, וואָס בעטן עסן...

דער יונג האָט שיער געוויינט.

דער ליטוואַק האָט א קוק געטאָן אויפן בייזן, רויטן פּנים פונם פּריץ, וואָס האָט איצט אַ ביסל געדרימלט, און זיין רויט פּנים איז אַרומגעשווומען ווי די לבנה סוף חודש אין דעם טונ־קעלן, אויסגעוואַרעמטן נעפּל פונם אָנגעשטופּטן, שלאָפנדיקן וואַ־גאָן, און דעם „ליטוואַק” האָט זיך פלוצלינג פאַרוואָלט זען, ווי די חברה גנבים וועלן באַארבעטן דעם רויטן פּריץ.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן יינג און געזאָגט:

— אַ־נו־קאַ, נעמט אים אין דער אַרבעט און דערציילט אים די מעשה... גאָר געדענקט: קיין יידן זאָלט איר מיר נישט צעפּענען...

און אין פינף מינוט אַרום האָט זיך אין וואַגאָן אַריינגע־לאָזט נאָך איינער, אַ הויכער, אויסגעפּוצטער יונג מיט גרויסע גויישע פּאַרדרייטע וואָנצעס, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן ראָק, ווי אַ דאָקטאָר אָדער אַן אדוואָקאַט.

דעם פּריץ קייגנאיבער האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט און אָנגעהויבן שמועסן זייער הויך אַזוי, אַז דער פּריץ האָט זיך איבערגעוועקט און בייז אַ בורטשע געטאָן, אַז מען לאָזט נישט שלאָפן. דער הויכער מיט די גויישע וואָנסעס האָט זיך אָבער עלעגאַנט אַ בויג געטאָן און זייער איבערגעבעטן דעם פּריץ.

— ס'איז אומעטיק, פּאַניע כראַביאַ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — ווילן מיר זיך זאַבאַוויען אין אַ קערטל, פּשעפּראַ־שאַם...

און זיי האָבן אָנגעהויבן שפּילן. דער יונג מיט די שפּי־ציקע אויגן האָט געוואָרפן די קאָרטן, קרעכצנדיק, אַז עס גייט אים נישט. דער אויסגעפּוצטער ווידער מיט די גרויסע גויישע

וואָנסעס האָט אַזש געהירזשעט פון פרייד, וואָס ער געווינט אַלע מינוט:

— נו, נו, פאַניע, גרייט אָן די הויזן... היינט גייט עס מיר...

דער יונג האָט זיך שוין ביי אים געבעטן:

— פאַניע דאָקטאָזשע, אפשר שוין גענוג... מיר גייט שלימזלדיק.

דער פריץ האָט געהאַלטן אָפן איין אויג און זיך צוגעקוקט צו דער שפּיל.

דער ליטוואַק האָט נישט געקאָנט שלאָפן. ער האָט נאָר געוואָלט זען, ווי אַזוי די חברה גנבים וועלן עס אַריינציען דעם בייזן פריץ.

און די שפּיל איז ווייטער געגאַנגען.

דער ייִד מיט די דייטשישע יאַרמולקע, וואָס איז געזעסן לעבן דעם ליטוואַק האָט אַלץ געטענהט:

— פאַניע ליטוואַק, קוקט גאָרנישט אין זייער זייט אַריין... שפּעטער קאָנט איר נאָך האָבן צרות...

— נאַפּלעוואַט! — האָט דער ליטוואַק געענטפערט, זייער פאַרטון מיט דער אַרבעט פון דער חברה. — ס'איז אים נאָר געווען אַ וווּנדער, וואָס היינט באַשטייט די גאַנצע „טרופּע" נאָר פון צוויי פּערזאָן, און ער האָט זייער געצווייפלט, צי עס וועט זיך זיי עפּעס איינגעבן.

מיטאַמאָל דערזעט אָבער דער ליטוואַק, ווי דער פריץ האָט געעפנט די פאַרשלאָפענע קליינע, גרינע אויגעלעך און קוקט זיך צו צו דער שפּיל. אָט רייבט ער זיך אויס די אויגן, צעשמייכלט זיך קרום אונטער די וואָנסעס און טוט אַ זאָג:

— האַלט, איך ווייל אויך טרעפן... אַ נו, אָט די קאָרט איז עס...

— גוט, פאַניע כראַבּיאַ, אָבער דו דאַרפסט דאָך איינשטעלן — זאָגט דער יונג מיט די שפּיציקע אויגן.

דער פריץ טוט זיך אַ פּאַטש איבער די גלאַנציקע שטיוול:

— איינשטעלן?... — און שלעפּט אַרויס אַ לאַנגן, שווערן

בייטל מיט געלט. ער שטעלט איין און אין אַ מינוט אַרום הערט זיך שוין זיין פעט, שווער געלעכטער:

— כאַ-כאַ, געוווּנען... גיט אַהער!

עס הויבט אָן שטעלן איינס נאָכן אַנדערן און אַלע מי־נוט הערט זיך זיין געלעכטער:

— כאַ-כאַ, געוווּנען...

דער יונג מיט די שפּיציקע אויגן וואַרפט די קאָרטן, דרייט זיך ווי אַ שלאַנג, ער איז רויט ווי אַ בוראַק און קרעכצט:

— יידן, כ'בין צערייבעפאַלן... יידן, ווי דרייט מען זיך אַרויס?

ביי יעדן קאָן וויל ער אויפהערן שפּילן, אָבער די צוויי פּריצים הויבן אויף אַ געוואַלד:

— וואָס? אינמיטן דער שפּיל גייט מען נישט אַוועק. דאָס זענען יידישע שטיק... ווען מיר וואָלטן פאַרשפּילט—וואָלטן מיר אויך נישט איבערגעריסן!

ס'איז געווען אַ רחמנות אויף דעם יונג צו קוקן. דער ליטוואַק האָט זיך שוין געהויבן פונם אָרט:

— כאָץ אַ גנב — אָבער פאָרט אַ ייד... פאַרוואָס זאָל אזא פּאָגראָמסציק, אַזאַ פּריץ, א יידן-שונא, געווינען?

נאָר דער ייד מיטן קאַפּעלע האָט אים אַלץ געוואָרנט:

— מישט זיך נישט אַריין, פּאַניע ליטוואָק... ס'איז גע־זונטער זיך נישט אָנצורופן!

דער ייד מיט די ציצית, וואָס איז געלעגן פון אויבן און האָט אָנגעכראַפּעט אויף פאַרשידענע טענער, האָט זיך איצט אויפגעכאַפּט, אַ פּאָר מינוט געקוקט אויף דער שפּיל און אַ קרעכץ געטאָן:

— וואַ... א טריפה מזל פון אַ גוי... דער יונג וועט בדלות ווערן...

מיטאמאָל האָט דער פּריץ פאַרשפּילט. איינמאָל נאָכן אַנדערן.

— אָ, — האָט ער געלאַכט, — דאָס מזל גייט צוריק.

דערנאָך האָט ער ווידער פאַרשפּילט. דער צווייטער מיט די פאַרדרייטע וואָנסן האָט אָבער אַלץ געוווּנען.

דער פריץ איז געוואָרן שטיל און אָנגעהויבן כּסדר פאַר־שפּילן. ער איז אַריין אין אַזאַרט און גענומען שטעלן טאָפּלט און ער האָט אַלץ פאַרשפּילט.

דער ליטוואַק איז געווען צופרידן.

אַזוי האָט מען אָפּגעשפּילט א האַלבע שעה. פּלוצלינג האָט זיך דער פריץ הויך צעלאַכט און אַ געשריי געטון צום יונג מיט די שפּיציקע אויגן:

— הער אויס, זשידעק... דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט, אַז דו ביסט אַ גנבֿ...

אַלע האָבן זיך צוגעבויגן פון די בענק און מען האָט געוואַרט, אַז דער פריץ זאָל מאַכן דעם אמתן סקאַנדאַל און רופן פּאָליציי. דער פריץ האָט זיך אָבער צעלאַכט נאָך העכער:

— איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט מיר געגעבן צו גע־ווינען... נאָר מיר אַרט עס נישט... איך האָב פאַרשפּילט פער־ציק רובל, אָבער זעסט? — ער האָט אַ קלונג געטון מיט בייטל געלט — ביי מיר שפּילט עס נישט קיין ראָלע. אין גיב דיר נאָר צוואַנציק רובל, אַז דו זאָלסט מיר אויסלערנען די קונץ... הערסט? צוואַנציק קריגסטו, דו שעלמע!..

דער יינג האָט אָנגעהויבן פּינטלען מיט די אויגן און שטאַמלען:

— פּאַניע כראַביאָ... וואָס פאַר אַ קונץ? ס'איז אַ פּראָסט שפּיל... ווער עס טרעפט... קיין שום קונץ! אויב איר ווילט — גיב איך אייך אָפּ צוריק!

דער ליטוואַק איז געווען שרעקלעך פאַראינטערעסירט; און דער ייד מיט די ציצית האָט זיך אָנגערופן פון אויבן:

— וואַ, וואַ, הערט נאָר, וואָס אַ גוי קאָן... ער וויל גאָר די קונץ! איך וואָלט גענומען... ביי אַזאַ קורח!?

דער ליטוואַק האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אַ געשריי געטון צום יינג מיט די שפּיציקע אויגן:

— נעמט די געלט... זייט נישט קיין דוראַק, זייט נישט!

און דער יינג האָט מיט דערשראָקענע אויגן גענומען ווייזן דעם פּריץ, ווי אַזוי מען וואַרפט די קאָרטן, צוויי שוואַרצע און איינע א רויטע, אַז דער, וואָס זיצט קעגנאיבער, זאָל זיך נישט כאַפּן, ווו עס ליגט די רויטע.

דער פּריץ האָט זיך נעקוואָלן פון דער קונץ און אַנידערגעלייגט צוואַנציק רובל. אין וואַגאָן איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. דער יונג האָט געאיילט. ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף אויף דער סטאַציע אַראָפּגיין, און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דער פּריץ איז געבליבן זיצן מיט די קאָרטן אין די הענט און כסדר געוואָרפן. ס'איז ביי אים אַרויסגעקומען נישט זגראַבנע, אַלע האָבן געקוקט אויף אים און אויף דעם בייטל געלט, וואָס איז געלעגן לעבן אים. די יידן זענען געווען אויסער זיך.

דערווייל האָט דער פּריץ זיך אַרומגעקוקט און זיך געווענדט צו דעם מיט די פּאַרדרייטע וואָנסן:

— וואָס, פּאַניע שאַנאָווני? אפשר וואָלט איר געוואָלט פּרוּוון דאָס מזל?

— איר קענט שוין דען שפּילן, פּאַניע כראַביאָ?

— איך וואַרף נאָכנישט אַזוי פלינק... אָבער די שפּיל קען איך שוין...

— אויב אַזוי — האָט דער מיט די וואָנסן זיך צוגערוקט — שטעל איך איין... און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל.

דער מיט די וואָנסען האָט געוווּנען און ער האָט געזאָגט:

— מיר דאַכט זיך, פּאַניע כראַביאָ, אַז איר קענט נאָך נישט די שפּיל... אָן עברה אייער געלד...

— וואָס האַרט עס אייך?.. — האָט דער כראַביאַ געלאַכט — עס שפּילט נישט קיין ראָלע... איר קאָנט שפּילן טאָפּלט

יענער האָט געשטעלט און ווידער געווונען.

— אָט איצט פאַרשטיי איך שוין, ווי אַזוי צו וואַרפן — האָט געזאָגט דער כראַביע און האָט ווידער פאַרשפּילט.

דער וואָנסעדיקער האָט געוווּנען כסדר...

דער ייִד פון אויוון האָט זיך געקאָכט:

— וואַ, וואַ, הערט נאָר, וואָס אַ גוי קאָן... ער וועט דאָך פערשפּילן די גאַנצע טאָרבע געלד! ער האָט אינגאַנצן אַראָפּגעהאָנגען פון דער פּאָלקע. דער פריץ האָט אַלץ געלאַכט און פאַרשפּילט.

דער ייִד מיט די ציצית האָט אַראָפּגעשריגן, ווי אַ משוגענער:

— ייִדן, ער זאָל אַזוי לעבן, דער משוגענער פּריץ, צי ער קען די שפּיל... איך וואָלט אים געוויזן... מען קאָן ביי אים געווינען אַ פאַרמעגן:

דער פּריץ האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן די אויגן און האָט אַ געשריי געטון:

— נו, זשידעק... קום אַהער, ווילסט שפּילן?

און דערנאָך צו אַלע:

— נו? ווער שפּילט? געלט איז דאָ! — און ער האָט אַרויסגענומען נאָך אַ פּאַק געלט. דעמאָלט האָט דער ייִד מיט די ציצית זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ פון דער פּולקע. ווי אַ קאַץ, און גענומען גראַבלען אין טייסטער. אָבער איידער ער איז נאָך פאַרטיק געוואָרן, איז שוין דער ייִד מיטן קאַפּל, וואָס איז געזעסן לעבן ליטוואַק, געשטאַנען לעבן דעם פּריץ. ער האָט אַרויסגענומען אַ רובל און אַ זאָג-געטון:

— כ'וואָלט אויך געוואָלט פּרווּוון דאָס מזל, פּאַניע כראַ-ביאַ!

— דאָבזשע... דאָבזשע — האָט דער פּריץ גע־קוואָלן און דער ייִד האָט געוווּנען. דער ייִד מיט די ציצית האָט אָבער געמאַכט אַ געוואַלד:

— וואָס איז?! וואָס כאַפּט איר? איך וויל אויך איינ-שטעלן!.. לאָזט מיך אויך אַמאָל... אַז יענער וואַרפט געלד — מעג איך אויך קלויבן... ס'איז דאָ נאָך מענטשן!

דער פּריץ האָט געמאַכט אַ פּשרה. איינמאָל זאָל איינ-

שטעלן דער, דערנאָך — אַ צווייטער, איינער נאָכן אַנדערן זאָל שטעלן.

און ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ שפּיל. אַלע האָבן געוווּנען און דער גוי האָט געצאָלט און געלאַכט, דער ייִד מיט די ציצית האָט געשטעלט דרײַמאָל טאָפּלט און כּסדר געוווּנען. זעלטן ווען איינער האָט נישט געטראָפֿן די קאָרט. דער פּריץ האָט אַלץ געטענהט, אַז איצט ווייסט ער שוין, ווי אַזוי מען דאַרף וואַרפֿן.

דעמאָלט האָט זיך אויפֿגעהויבן דער ליטוואַק. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַ דער וואַנט, זײַנע ליפּן זענען געווען צוגעדריקט און די ציין האָבן געקלאַפּט. ער האָט אַרויסגענו־מען דעם בריווטאַש. מיט אַ ציטערנדיקע האַנט אַרויסגענומען אַ קנאַקעדיקן פֿינף־און־צוואַנציקער און מיט אַ פֿאַרטומלטן קאָפּ זיך געלאָזן צום פּריץ...

*

די ערשטע פּאָר קענער האָט דער ליטוואַק געוווּנען. דער קאָפּ האָט אים געדרייט, ער האָט נאָר געדענקט, אַז מען דאַרף זײַן „אָסטאָראָזשנע“, נאָר די מטבעות און די פּאַפּירלעך זענען געפֿלויגן פֿון פּריץ צו אים און פֿון אים — צום פּריץ. ער געדענקט נישט וויפֿל. ער ווייסט נאָר, אַז ער האָט שוין גע־האַט אַ סך געלט, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ס'איז שוין געווען נישט ווייט פֿון קאָוועל. האָט ער כּסדר פֿאַרשפּילט און אַלע מאָל איז ער געוואָרן ז'כעריער, אַז איצט וועט ער שוין טרעפֿן, דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט נאָך עפּעס אַ צוויי־דרײַ רובל, האָט ער שוין גאָרנישט געוואָלט, נאָר אָפּגעווינען זײַן פֿינפֿאונצוואַנציקער. ער האָט געקוקט אויפֿן פּריצס זעקל געלט, ווי גרינג עס איז בײַ אים צו געווינען, נאָר ער האָט אַלץ פֿאַרשפּילט און פֿאַרשפּילט.

ניין, ער וועט נישט אַרויסנעמען מער קיין געלד. ווײַ, ווײַ, אַ גאַנצן פֿינפֿאונצוואַנציקער! ווען האָט ער אים אַרויס־גענומען פֿון דער פֿאַרמאַכטער אונטערשטער וועסטל־קעשענע?

דער ליטוואַק איז געווען שוואַרץ ווי אַ קויל, ער האָט אויס־געזען, ווי אַן אַנטלאָפענער נשרף, ביי וועמען ס'איז פאַרברענט געוואָרן דער דאַך איבערן קאָפּ. דער צו: פּאַטשט, לויפט, מען כאַפּט די טשעמאָדאַנעס; דער ייד מיט די ציצית האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט אַ גרינעם ווייבערישן שאַל. דאָס יידל מיטן קאַפּעלע האָט געוויינט — און דער פריץ? נישטאָ קיין פריץ.

דעמאָלט האָט זיך דער ליטוואַק אַוועקגעשטעלט. ער האָט דערפילט די פּאַרטאָגיקע בלויע קעלט אין דער פּלייצע; ער איז צוגעגאַנגען צום ייד מיטן קאַפּעלע, ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט גרינע, פייכטע, פּאַרטאָגיקע נעז. דער ליטוואַק האָט באַטראַכט זיין סטאַטעמשנע, גראָלעך, געשווירן בערדל און צושטעלנדיק אַ פינגער צו זיין נאָז, האָט ער מיט שווערקייט, ווי ער וואָלט געגעסן בליי, אַ זאָג געטון:

— איר זענט אויך אַ גנב...

דערנאָך האָט ער געפּאַקט דאָס יידל מיט די ציצית, וואָס איז שוין געשטאַנען און געדאַוונט, און האָט אים אויך אַ זאָג געטון:

— און איר, פעטער, זייט אויך אַ גנב, זייט איר!

— איר זענט אַליין אַ גנב. דאָס איז א יי ע ר חברה... — האָבן אים ביידע מיט מאָל געענטפערט גאַנץ רויק.

— א י ך בין אַ גנב? — האָט דער ליטוואַק א יסגע־שריגן. — איך?!

און דער צוג האָט דערווייל צוגעקלאַפּט צו דער סטאַציע.

— סטאַציאַ קאָוועל!

דער לעצטער האָט זיך דער ליטוואַק אַרויסגעפּאַקט פונם וואַגאָן מיט זיינע טשעמאָדאַנעס.

— איך בין אַ פּאָדלעץ, אַ גאָרניסט מיט אַ ניסט — האָט ער זיך געגריזשעט און מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אַראָפּגערוקטן קאַפּעלוש איז ער געגאַנגען זוכן קונדן.

אַזוי האָט מען אָנגעצויגן דעם „ליטוואָק"...